## דוד מאנעוויטש




שער־בלאַט געצייכנט
פון יהודה גאַמבאַרג


א ו י ס ג אַ ב ע
פאַרלאַג „פרייהייט"
ניו יאָרק, 1926.

מיינע נאָנטע, וואָס
האָבן צוזאַמען מיט מיר
די אַלע געשעענישן דורכ־
געלעבט — געווידמעט

דוד מאַנעוויטש.



200

# אינהאַלט:



## אין יענע טעג.

## אומבאמערקטע העלדן.

# צו די לעזער

אין דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש, וואָס איז שוין פאַרצייכנט אין דער וועלט־געשיכטע אונטער דעם נאָמען „רוסלענדישע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע”, זיינען געווען אויסערגעוויינלאַכע דערשיינונגען, וואָס זיינען גלייך באַוואוסט געוואָרן — דורכ׳ן טעלעגראַף און ראַדיאָ — איבער גאַר דער וועלט. אבער א חוץ די הויפּט־מאָמענטן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז נאָך געווען א טאָג־טעגלאַך לעבן פון די מיליאָנען איינוואוינער אין טויזנטער שטעט און שטעטלאַך, דערפער און דערפלאַך, פאַר וואָרפענע ווינקלאַך, וואו די ברייטע פאָלקס־מאַסן זיינען — ווילנדיק־ניט־ווילנדיק — אריינגעצויגן געוואָרן אין דעם גוואלדיקן געראַנגל, אין דעם בירגער־קריג. ווי אזוי, בא וועלכע באדינגונגען האָבן אין דער פלאַמענדיקער צייט געלעבט די גרויסע מאַסן; וואס פאַר א העלדן האָט יעדער שטאָט און שטעטל, דאָרף און דערפל פאַרמאָגט אין דער צייט; ווי אזוי איז אָנגעגאַנגען דער אויסערגעוויינלאַכער קאַמף אין די פאַרוואָרפענע ווינקלאַך — וועגן דעם אַלעם האָט דער טעלעגראַף און ראַדיאָ ניט באַקאַנט געמאַכט די וועלט. בלויז וועגן די געשעענישן אין די הויפּט־שטעט—מאָסקווע און פּעטראָגראַד, קיעוו און כאַרקאָוו — האָבן די ווייטע לענדער געוואוסט; בלויז די נעמען פון קערענסקי און מיליוקאָוו, קאָרנילאָוו און קראַסנאָוו (אין דער צייט פון דער מערץ־רעוואָלוציע) — און פון די הויפּט־העלדן פון דעם ארבעטער־קלאַס — לענין, טראָצקי, זינאָוויעוו און אַנדערע (אין דער צייט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע) זיינען איבעראַל באַוואוסט. אָבער ווי אזוי האָבן זיך די גרויסע געשעענישן פון די הויפּט־שטעט אָפּגעשפּיגלט אין דער ווייטער פּראָווינץ — וועגן דעם איז נאָך קיין גענויע בילד ניט געגעבן געוואָרן.

דאָס בוך „א י ן י ע נ ע ט ע ג” איז א פּרואוו אזא בילד צו

שאַפֿן. דאָ זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אַלע וויכטיקסטע מאָמענטן פֿון דער רוסישער סאָציאַלער רעוואָלוציע פֿון דעם יאָר 1917 ביז ענדע פֿון בירגער־קריג, אין 1920. אַלץ, וואָס דאָ איז באַשריבן, איז פֿאָרגעקומען אין דער ווירקלאַכקייט אין אַ שטאָט פֿון דרום־רוסלאַנד, באַם אַזאָווער ים. אַלע געשעענישן זיינען דאָ כמעט פּראָטאָקאָליש פֿאַרצייכנט. די נעמען פֿון די רעוואָלוציאָנערע טוער זיינען מערסטנטייל אמת׳ע (אַ חוץ אייניקע, וואָס האָבן זיך ניט איינגע־האַלטן אין זכרון, זיינען פֿארענדערט). דאָך האָב איך געשטרעבט צו געבן ניט קיין טרוקענעם פּראָטאָקאָל, נאָר איינפֿאַסן די געשע־ענישן אין בילדער פֿון טאָג־טעגלאַכן לעבן.

לויט די פֿאָדערונגען פֿון בילדער מאַלעריי און אויך צוליב דעם, אַז די געשעענישן זאָלן בולט׳ער ארויסגעבראַכט ווערן, בין איך אין אייניקע ערטער געווען געצוואונגען פֿאַרקירצן די דער־ציילונג, עטוואס אנדערש צונויפֿפּאַסן דאָס, וואָס איז פֿארגעקומען, בלייבנדיק דאָך טריי דער ווירקלאַכקייט. אַזוי, למשל, די גוואַלד־טאַטן פֿון די מאַכנאָווצעס זיינען ניט אַלע פֿאָרגעקומען אין דער שטאָט, וואָס איך באַשרייב. באַ אונז זיינען זיי, די מאַכנאָווצעס, געווען עטוואס לייטישער, נאָר אין אַ דערבייאיקער שטאָט האָבן זיי זיך אויפֿגעפֿירט שרעקלאַך ברוטאַל. פֿונ׳ם „פּראָטאָקאָלישן שטאַנד־פּונקט״ איז עס אפֿשר אַ פֿעלער, נאָר פֿון שטאַנדפּונקט — „זיין טריי דער ווירקלאַכקייט״ בין איך געווען אויפֿריכטיק. נאָך אַזוינע פּראָטאָקאָלישע „ניט פּינקטלאַכקייטן״ זיינען דאָ אין בוך. זיי זיינען באַוואוסטזיניק באַגאַנגען געוואָרן, כדי צו שאַפֿן אַן אמת׳ע בילד פֿון „יענע טעג״.

איך מוז צוגעבן, אַז דאָס, וואָס איך באַשרייב, איז אפֿשר אַ הונדערט חלק פֿון דעם, וואָס ס׳איז אין דער ווירקלאַכקייט פֿאָר־געקומען. דאָך, גלויב איך, איז עס גענוג, אַז דער לעזער זאָל האָבן אַ דייטלאַכן באַגריף וועגן דאָס לעבן „אין יענע טעג״, — און דאָס איז געווען מיין ציל. צי איך האָב מיין ציל דערגרייכט, זאָלן זאָגן די לעזער.

**דוד מאַניעוויטש.**

# פאָרוואָרט

### פון ק. מרמר

דוד מאַניעווויטש (פרישעלצעוו), דער אידיש־רוסישער שריפט־שטעלער און דראַמאַטורג, דאַרף ניט ווערן ערשט פאָרגעשטעלט פאַר די לעזער. דער צוועק פון אָט דעם פאָרוואָרט איז בלויז איבערצוגעבן דעם איינדרוק, וואָס זיינע שילדערונגען פון „יענע טעג" האָבן געמאַכט, ווען זיי האָבן זיך געדרוקט אין דער „פרייהייט".

די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע איז געוואָרן אַ סך באַזונגען אין אידיש, נור ביז איצט איז נאָך ניטאָ קיין אידיש בוך וואָס זאָל אונז געבן אַ לעבעדיק בילד פון „יענע טעג". מיר האָבן אַ סך געהערט און געלייענט וועגן דער רעוואָלוציע ווי זי איז געוואָרן דורכגעפירט פון די גרויסע פירער אין לענינגראַד און מאָסקווע, נאָר מיר ווייסן ווייניק פון דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע אויף דער פּראָווינץ. און גראַד דאָרט, אויף דער פּראָווינץ, ווייט פון צענטער און פון די גרויסע פּערזענלאַכקייטן, וועלכע האָבן אויף אַלץ געלייגט דעם שטעמפּל פון זייער אינדיווידואַליטעט, קאָנען מיר זען באַזונדער קלאָר די אַרבעט פון׳ם קאָלעקטיוו. דאָרט, אויף דער פּראָווינץ, קאָנען מיר זען באַשיינפּערלאַך ווי אַזוי דער גייסט פון דער רעוואָלוציע האָט אַריינגעדרונגען צווישן די ברייטע מאַסן און געענדערט זייער גאַנצער וועלט אַנשויאונג און לעבנסשטייגער.

לייענען מיר די שילדערונגען פון „יענע טעג", ווי דוד מאַניעווויטש באַשרייבט זיי, פילן מיר דעם שטעמפּל פון אמת אויף יעדער שורה. קלאָר, איינפאַך, נאַטור טריי, אָט ווי דער אמת אַליין, זיינען געצייכנט פריינט און שונאים. דער פריינט ווערט ניט איבערגעשעצט, דער שונא ניט אונטערגעשעצט.

אָן צווייפל איז דוד מאַניעווויטש אַ צד. ער איז אַן אַלטער

רעוואָלוציאָנער, נים אין יאָרן נאָר אין טעטיקייט. ער איז גע־שטאַנען אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס, און געווען אין זיין סביבה איינער פון זייערע וואָרטפירער. די שונאים פון דער רעוואָ־לוציע, זיינען דערפאַר זיינע שונאים, און אירע פריינט — זיינע פריינט. נור אין „יענע טעג" פירט נים דוד מאַניעוויטש קיין פּאָלעמיקע. ער איז בלויז דער מאָלער פון אַגאַנצער גאַלעריע פון פּאָרטרעטן און מאַסנסצענעס, און שילדערט אויך זיך אַליין בלויז ווי איינעם פון אַלע.

ציען זיך פאַרביי אונזערע אויגן בילדער פון רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע, מסירת נפש און פאַראַט, מאָמענטן פון אָלפעלקערלאַכער פאַרברידערונג און טעג פון בעסטיאַלישע פּאָגראָ־מען. מעג זיין הארץ טאַנצן פאַר פרייד אָדער קראַמפן פאַר יסורים, פאַרלירט קיינמאָל נים דוד מאַניעוויטש זיין גלייכגעוויכט און לאָזט נים אַרויס דעם פּענזל פון האַנט.

דערפאַר לייענען מיט אַזוי פיל אינטערעס דוד מאַניעוויטש'עס „אין יענע טעג", אויך אַזוינע לעזער, ווי איך, וואָס האָבן קיינמאָל נים געזען מיט זייערע אויגן דאָס לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער האַלט אונז געשפּאַנט מיט דער קלאַסישער רואיקייט, קלאָרקייט און איינפאַכקייט פון זיין שילדערונג. מיר פאָלגען נאָך דעם שטראָם פון דער רעוואָלוציע, ווי ער טראָגט זיך דורך שטאָט און דאָרף. מיר זעען זיין באַזונדער ווירקונג אויף יעדער שיכט פון פאָלק, ווער עס דערהייבט זיך איבער זיינע כוואַליעס און ווער עס זינקט אַרונטער צום אָפּגרונט.

מיר זעען ווי אַזוי דער געוועזענער ליבעראַל ווערט קאָנסערוואַ־טיוו, דער בירגערלאַכער ראַדיקאַל — רעאַקציאָנער און דער רעכטער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער — קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. מיר זעען ווי אַזוי די מענשעוויקעס ווערן כסדר רעכטער, ביז זיי קומען זיך צוזאַמען מיט די קאַדעטן און אַקטיאַבריסטן, וועלכע ווילן ווידער אויפשטעלן די אַלטע אָרדנונג. מיר זעען ווי די אָרימע מאַסן דער־וואַכן צו אַ נייַ לעבן, ווי אַזוי די סאַמע אונטערסטע פאָלקס שיכטן גיבן פון זיך אַרויס העלדישע קעמפער און הייליקע מאַרטירער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. נור קיין בילד ווערט נים איבער־

געטריבן. דער מענשעוויק איז ניט קיין טייוול מיט הערנער און דער באָלשעוויק איז ניט קיין מלאך מיט פליגעל. ביידע זיינען מענטשן פון בלוט און פלייש. נור איין צד באשטייט פון פחדנים, שוואכלינגס, פשרה־מאכער און אמאָל אויך פשוט'ע עגאָאיסטן; און דער צווייטער צד איז פול מיט מוט און קראפט, ווייס ניט פון פשרות און פערזענלאכע אינטערעסן. און טרעפט אז א באָלשעוויק, ווי פעדאָרקאָוו, ווערט א ווייל דורכגעדרונגען פון פחדנות אָדער פשרה־מאכעריי, אזוי פאלט ער ארויס פון די רייען און זינקט אַרונטער צו מענשעוויזם, אָדער געלן סאָציאַליזם.

דוד מאניעוויטש'עס „אין יענע טעג" איז פול נאטורטרייע שילדערונגען פון א גרויסער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. דער פאקט וואָס דער מייסטער איז געווען איינער פון אירע באשיידענע העלדן, גיט נאָך צו זיין ווערק א באזונדער חן.

## .1

# אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל.

די מערץ־רעוואָלוציע האָט מיך געטראָפן אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל ערגעץ נעבן יעקאַטערינאָסלאַוו. כ'האָב זיך דאָרטן אויסגעבאַהאַלטן אונטער אַ פרעמדן נאָמען פון דער זשאַנדאַרמעריע, פון דער צאַרישער „אָכראַנקע", — און בין געווען אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. דאָך, אפילו אין דעם העק, האָט זיך שוין אין סוף פעברואַר דערפילט אין דער לופטן עפּעס נייס. אַן אומבאַשטימטע אומרואיקייט האָט געשוועבט איבער'ן שטעטל, וואָס איז געלעגן צוואָרפן הארט באַם דניעפּר. די צאָל „סטראַזשניקעס" איז מיטאַמאָל פאַרדאָפּלט געוואָרן; אויף די שמאָלע בלאָטיקע געסלאַך האָבן זיך באַוויזן נייע אומבאַקאַנטע פאַרשוינען, וואָס פלעגן זיך אַרומדרייען צווישן עולם אויף די מאַרקן, אויף די שפּאַצירפּלעצער, צוהערנדיק זיך צו די שמועסן, איינקוקנדיק זיך אין די פּנים'ער...

די אומרואיקייט אין שטעטל איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. די איינוואוינער האָבן זיך פאַררוקט אין די לעכער און געוואַרט:

— עפּעס מוז דאָרטן פּאַרקומען אין מאָסקווע, אין פּעטראָגראַד! ...

— אָט־אָט, נאָך אַ טאָג — עס מוז עפּעס געשען!

— צופיל אָנגעצויגן די סטרונעס... ס'מוז פּלאַצן!

ענדלאַך, דעם פערטן (אָדער דעם פינפטן) מערץ האָט זיך צום שטעטל דערטראָגן די בשורה־טובה:

— דער צאַריזם איז געפאַלן!

ס׳זיינען פּלוצים נעלם געוואָרן די אַלע פאַרדעכטיקע פאַר־שוינען, וואָס פּלעגן זיך ארומדרייען צווישן עולם; ס׳זיינען אויך ניט געוואָרן די „סטראַזשניקעס“, וואָס זיינען די לעצטע טעג אַרומ־געלאָפן צעטומלטע; ווי אין דר׳ערד זיינען אריין אַלע בראַווע „אָקאָלאָדאָטשניקעס“ צוזאַמען מיט׳ן אדון־הגדול — מיט׳ן „איס־פּראַווניק“...

דאָס קליינע שטעטל — נעכטן נאָך אַזאַ שלעפּעריקע, אַזאַ אַפּאַטישע — איז אין איין אויגנבליק אויפגעברויזט געוואָרן און האָט אויסגעזען, ווי אַ קאָכעדיקער קעסל. אַלע קרומע גאַסן, געס־לאַך און הינטערגעסלאַך זיינען פאַרפּלייצט געוואָרן מיט מענער, פרויען, קינדער. מחנות־ווייז ציט זיך דער עולם צו די ברייטע מאַרק־פּלעצער, וואו עס קומען שוין פאַר גרויסע מיטינגען, אונטער דעם פרייען הימל...

אפּ׳ן קלויסטער־פּלאַץ האָט זיך פאַרזאַמלט אַ טויזנט־קעפּיקע מענגע. אין הויכן בלויען הימל לייכטן העל די פרילינג־זונען־שטראַלן. אין מיטן דער מענגע, אויף אַן איבערגעקערטער פאַס שטייט אַ סאָלדאַטל, אין אַן אָפּגעריבענעם שינעל, לאַנג ביז די פיס. זיין פּנים איז פאַרשוואַרצט, אויסגעמאַטערט, די אויגן איינגעפאַלן. ער וועגדעט אַן אַלע זיינע כחות, מ׳זאָל אים קענען הערן ווייט אַרום. דורכ׳ן אָפּטן הילכיקן הוסט טראָגט זיך אין דער לופטן זיין הייזעריק קול:

— ברידער! איך בעט אייך רחמים! לאָמיר זיך אַלע פאַר־אייניקן אין איין שטאַרקן ברידערלאַכן פאַרבאַנד! אַלע פאַר איי־נעם, איינער פאַר אַלע! נידער מיט די אַלטע רעזשימען!

— נידער! נידער!!

— הוראַ! הוראַ!!

די טויזנט־קעפּיקע מענגע רוישט, ברומט, קאָכט.

„שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן...“ — דערטראָגט זיך פּלוצלינג פון דער זייט אַ כאָר־געזאַנג פון הונדערטער שטימען. דאָס גייען, אין פעסטע רייען געשלאָסן, די משא־אָנלאָדער פון די דניעפּר־האַפנס, די אַרבעטער פון די מילן—און נאָך זיי די ברייטע

פאָלקס־מאסן, אַלטע, יונגע — אַלע מיט רויטע בענדלאך אין די לאצן, אַף די היטלען.

דער סאָלדאַטל אין דער הויך דערזעט דער ערשטער די מאַר־שירנדיקע ארבעטער. ער טוט אַ כאַפּ־אראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ, און פאָכנדיק מיט די הענט אין דער לופטן צו די גייענדיקע, שרייט ער אוים מיט אַלע כחות:

— זאָל לעבן דאָס פרייע רוסלאַנד! הורא!

— הורא! הורא! — גוואַלדעווען טויזנטער שטימען, און די קולות מישן זיך צונויף מיט דעם רעוואָלוציאָנערן געזאנג, וואָס דערטראָגט זיך אַליץ נענטער און נענטער. און דער גאַנצער עולם אפּ'ן קלויסטער־פּלאַץ כאַפּט אונטער די לעצטע מונטערע טענער:

„דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט —
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל...
שטייט אויף איר ארבעטסלייט!..."

---

דאָס פאַלן פונ'ם צאריזם, די פאַרניכטונג פון דער זשאַנדאַר־מעריע און פון פּאָליציי־צירקלס איז פאַר מיר פערזענלאך גע־ווען אַ גוואַלדיקע געשעעניש. ס'האָט געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו מיין טאָג־טעגלאכן אומלעגאַלן לעבן דאָ, אינ'ם פאַרוואָרפענעם ווינקל, וואו יעדער אויגנבליק האָט מיר געדראָט מיט טורמע, מיט אַלע אכזריות'דיקע ליידן פון דער „אָכראַנקע", און איצט — איצט בין איך פריי!

— אהיים, אהיים! אהין, וואו יעדעס שטיינדעלע, יעדעס זאמדעלע קען מיך און איך קען זיי! וואו די ארבעטער־קווארטאלן זיינען מיין קינדהייטס־וויגעלע! וואו די אָרימע האַרעפּאַשנע מאסן וועלן מיך מיט פרייד און ליבע באַגעגענען, און איך וועל זיי אָפּגעבן אַלע מיינע כחות, מיין נשמה, מיין לייב און לעבן!

די גאַנצע באַלעבאַטישקייט פון מיין פאַמיליע (אַ פרוי און איין קינד) איז באַשטאַנען פון אַ קליינעם קערבל מיט נויטיקע זאכן און אַ פּעקעלע מיט קינדערשע וועש. האָבן מיר זיך אָ הויב געטאָן און

זיינען אוועקגעפאָרן. אף דעם גאַנצן וועג האָט געראַשט. אלע זיינען באַגייסטערט, ממש פאַר׳שכור׳ט מיט דער פּלוצלינג־דערוואָרבענער פרייהייט. אף יעדער סטאַנציע — א מיטינג, רעוואָלוציאָנערע אויסרופן, פייערדיקע רעדעס, כאָר־געזאַנגען. בא אלעמען אף די ליפּן — די נעמען פון די מיטגלידער פון דער צייטווייליקער רעגירונג, און צווישן זיי — דער גאָט, דער כשוף־מאַכער, דער הערשער איבער אלע הערצער — קערענסקי! דער גלויבן אין קערענסקי׳ן, אין זיין טרייהייט צו די ברייטע פאָלקס־מאַסן איז אַזוי גוואַלדיק גרויס, אַז עס דוכט זיך: נאָר אַ פאַרביסענער שונא פון דער נייער, פרייער רוסלאַנד, נאָר אַ פאַרבאָרגענער קאָנטר־רעוואָלוציאָנער קען וואַרפן אף אים אַ חשד, כלומר׳שט צווייפלען אין זיין גרייטקייט מקריב זיין זיך פאַר׳ן גליק פון די האָרעפּאַשנע מאַסן...

איך בין געווען איינער פון אָט־די טיף־גלויבנדיקע. קערענסקי איז געווען פאַר מיר דער סימבאָל פון פרייהייט, פון גערעכטיקייט, פון גבורה און קדושה... איך האָב זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן קערענסקי׳ן אָן דעם טיפסטן צוזאַמענבונד זיינעם מיט׳ן אַרבעטער־קלאַס, מיט׳ן גרויסן מיליאָנענדיקן פויערטום.

און טאַקע דערפאַר בין איך אַזוי איבערראַשט געוואָרן, ממש ערשטוינט און אויפגעבראַכט געוואָרן — פון אַזאַ מין אומדערוואַרטעטן צופאַל:

אפ׳ן וועג איז אין אונזער וואַגאָן, צווישן נאָך אייניקע פּאַסאַזשירן, צוגעקומען אַן אויסגעדאַרטע פיגור פון אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק, אָנגעטאָן אין אַ סאָלדאַטסקער העמדל און אין אַ געווינלאַכן מאַנטל. אייניקע שטריכן פון זיין פּנים האָבן געצייגט, אַז ער איז ניט קיין רוס — גיכער אַ פינלענדער אָדער לעט. איך האָב געהאַלטן אין שמועסן מיט מיינעם אַ שכן וועגן קערענסקי׳ן, וועגן זיינע פעאיקייטן, וועגן זיין גרויסן טאַלאַנט אַלס רעדנער, אַלס אָרגאַניזאַטאָר. פאַלט ער מיר אַריין אין די רייד און טוט אַ ברום:

— נו, קוש זיך מיט דיין קערענסקי׳ן. ער איז אַ פוסטער פּלאַפּלער און דו אויך.ביידע זענט איר גוטע באַלטונעס...

דאָס איז געווען אַזוי אומערוואַרטעט אַז איך בין געבליבן מיט אַן אָפֿענעם מויל און אויסגעגלאָצטע אויגן. אין די צעטומלטע געדאַנקען האָט זיך, ווי אַ בליץ, דורכגעטראָגן: „אַ שפּיאָן!... אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער!... אַן איבערגעטאָנענער זשאַנדאַרם!..." כ'האָב זיך איינגעגריבלט מיט מיינע ברייט־פֿאַנאַדערגעעפֿנטע אויגן אין זיין איינגעהויקערטע פיגור. פֿון אונטער זיינע ווייסלאַכע בייז־פֿאַרכמורעטע ברעמען האָבן אַף מיר געקוקט צוויי פיבערהאַפֿט־ברענענדיקע אויגן — פֿול מיט האַס און פֿאַרדאַמונג... נאָר איידער איך בין געקומען צו זיך — צו ענטפֿערן עפּעס, האָט זיך אויפֿגע־הויבן אַ שיין־געבויטער, עלעגאַנט־געקליידעטער מאַן, מיט גאָלדענע פֿענסנע אַפֿ'ן נאָז, און אַטאַקירנדיק די פֿאַרדעכטיקע פיגור, האָט ער שטרענג אויסגעשריען:

— ווי וואַגסטו אַזוי גראָב זיך אויסדריקן וועגן קערענסקי'ן! צי ווייסט איר, יונגערמאַן (ער האָט זיך געצוואונגען זאָגן אים „איר"), צי באַגרייפֿט איר, ווער איז קערענסקי? ! קערענסקי איז דער מאַרך פֿון דער נייער באַפֿרייטער רוסלאַנד! און ווער זענט איר? האַ? ווער? !

— אַן אַרבעטער בין איך, און דאָס איז גאָר... — האָט ווידער בייז אַ ברום געטאָן דאָס סאָלדאַטסקע העמדל.

— אויב איר זענט אַן אַרבעטער, אַ באַוואוסטזיניקער מענטש, — האָט די גאָלדענע פֿענסנע שוין געלאַסענער געזאָגט, — איז דאָס נאָך אַ גרעסערע אומרעכט פֿון אייער זייט — אַזוי שלעכט רעדן וועגן קערענסקי'ן! קערענסקי איז דער גרויסער רעוואָלוציאָ־נערער פירער פֿון אונזער באַפֿרייטער רוסלאַנד! און דאָס הייסט, אַז ער איז אויך דער פירער פֿון דעם באַוואוסטזיניקן אַרבעטער־קלאַס!

— מיר, אַרבעטער, באַדאַרפֿן ניט אַזוינע פירערס. מיר האָבן שוין אונזערן אַ פירער. קערענסקי איז פֿאַר אייך, ניט פֿאַר אונז!

באַ די ווערטער האָט דער געגנער אונזערער אַרויסגענומען פֿון בוזים־קעשענע אַ קליין גאַזעטל, אַף וועלכן עס האָט זיך געזען אַ קעפּל מיט גרויסע אותיות „פּראַוודאַ", און האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין די געדרוקטע שורות...

.2

# איינער פון „המון".

דער צוג האָט זיך געטראָגן דורך ברייטע פעלדער צו מיין געבורטס־שטאָט. מיר זיינען שוין פאַרבייגעגאַנגען די לעצטע קליינע באַן־סטאַנציע. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן, ווען כ'האָב דורכ'ן וואַגאָן־פענסטערל דערזען די גוט־באַקאַנטע ווינקעלאַך, סטעזשקעס הינטער מיין שטאָט. ניין יאָר בין איך געווען אין דער פרעמד! וואָס איז געוואָרן פון מיין שטעטל פאַר דער לאַנגער צייט — איבערהויפּט פאַר די לעצטע דריי־פיר יאָר? ווי אַזוי זעט זי איצט אויס, נאָך דער בלוטיקער מלחמה, נאָך דעם פאַלן פון צאַריזם? וועל איך דאָרטן געפינען וועמען פון מיינע אַמאָליקע חברים, פריינט? צי האָט דאָ פּאַסירט דאָס זעלבע, וואָס אין אַנדערע שטעט און שטעטלאַך: די פריערדיקע באַפעלקערונג — צעזייט און צעשפּרייט, און אָנשטאָט זיי — גאָר ווילד־פרעמדע מענטשן, מיט'ן שטורם פאַריאָגטע אַהער פון זייערע היימען... אָט זעט זיך שוין דער באַקאַנטער שליאַך צום באַרג. דאָרט באַם באַרג ווערט דער שליאַך צעטיילט אף צוויי שמאָלע סטעזשקעס: איין סטעזשקע פירט צו דער „ראַבאָטשע סלאָבאָדקע", די צווייטע — צום וואַלד. אין דעם דאָזיקן וועלדל פלעגן מיר מיט יאָרן לאַנג צוריק אָפּהאַלטן אונזערע געהיימע מיטינגען, אונזערע „מאַסאָווקעס", „סכאָדקעס"... אף דעם שליאַך האָבן מיר צום ערשטן מאָל פאַרזוכט די קאָזאַצקע נאַהייקעס.

כ'האָב זיך אַזוי פאַרטיפט אין די עראינערונגען, אז כ'האָב ניט באַמערקט, ווי דער צוג איז פאַרבייגעלאָפן דעם „סעמאַפאָר" און איז באַלד געבליבן שטיין בא דער פּלאַטפאָרם פון דעם אַלט־באַ־

קאנטן וואקזאל. דער עולם האט זיך א לאז געטאן צום ארויסגאנג, און מיט'ן שטראם ארויסגייענדיקע פאסאזשירן זיינען מיר אויך ארויס פון וואגאן. כוואליעס מענטשן — רוסן, אידן, פאליאקן — האבן זיך געטראגן הין און צוריק איבער דער פלאטפארם, וואס איז געווען פארווארפן מיט הונדערטער פעק, פעקלאך, קערבלאך, קעסטלאך, קאסטנס — און צווישן זיי קופעס מענטשן — אלטע, יונגע, פרויען מיט קינדער — אויסגעמאטערטע, פארשמאכטע... באם אנקומען פון צוג האט זיך דאס אלץ א הויב געטאן און מיט א גערויש א טראג געטאן צו די וואגאנען. עטלאכע מינוט איז גע־שטאנען א גוואלדיקער טומל. נאר מיט'ן דריטן קלונג פונ'ם וואקזאל־גלאק איז דער גערויש ווי אפגעהאקט געווארן. אויף דער פלאטפארם זיינען געבליבן נאר די, וואס זיינען ערשט אנגעקומען, און די שטאטישע מענטשן, וואס זיינען געקומען באגעגענען זייערע נאענטע און פריינט אדער צוליב זייערע געשעפטן.

מיט זוכנדיקע בליקן האב איך געקוקט ארום זיך, איינגעקוקט זיך אין יעדנ'ס פנים—אומזיסט: קיין איין באקאנטער מענטש...

— צו ווע מען פארפארט מען?

פון נאענטע קרובים איז אין שטעטל קיינער ניט געבליבן: דאס האב איך געוואוסט. נאר דארטן, אין דער פרעמד, האט זיך געדוכט, אז ווי נאר איך וועל אראפגיין פון באן, וועלן זיך שוין געפינען היימען אן א צאל אף יעדער גאס, אין יעדן ווינקל פון שטאט...

— פא! — האט מיך מיין מיידעלע א רוף געטאן — און דא זיינען שוין אויך מער ניטא קיין „שפיקעס"? מען וועט דיך דא ניט ארעסטירן?

דאס שטענדיקע ארומוואנדערן, אויסבאהאלטן זיך, דאס איי־ביקע מורא האבן פאר „שפיקעס", פאר ארעסטן, — האט געבראכט דערצו, וואס דאס קינד, וואס איז ניט קיין פולע פיר יאר אלט געווען, האט אנגעהויבן פארשטיין די געפאר, וואס שטעקט אין די ווער־טער „שפיק", „ארעסט"...

— זע, פּאַ, אָט יענער מענטש קוקט אויף דיר — ער איז אַ גוטער מענטש ?

— וואָס פאַר אַ מענטש ? — האָב איך, שמייכלענדיק, זי אַ פרעג געטאָן.

— אָן דאָרטן ! — און זי האָט אויסגעצויגן איר הענטל.

איך האָב זיך אומגעקוקט אין דער ריכטונג, וואו זי האָט מיר אָנגעוויזן. באַם פּאַרקן פון דעם פּאַרפּלאָנצטן גערטנדל באַם וואָק־זאַל איז געשטאַנען אַ ברייט־בייניקער מאַן פון מיטעלען וואוקס און האָט פאַרוואונדערט געקוקט אויף מיר. עפּעס באַקאַנטעס האָט מיר אַ שיין געטאָן אין זיין אויסזען. ווער קאָן דאָס זיין ? ער שמייכלט...

שטיי... באַ ! דאָס איז דאָך אַבראַמקע דער שלאָסער !

אַבראַמקע דער שלאָסער איז געווען אַ וויטער מחותן מיט אונזער פאַמיליע. קיין גרויסע פריינטשאַפט איז צווישן אונז ניט געווען — פאַרקערט : איך האָב אים ניט גאָר ליב געהאַט פאַר זיין פאַרנרעבטקייט, הולטייסטווע. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטן בעל־מלאכה, און דאָך האָט אים געצויגן צום האַנדל, צו די קרע־מער, האָט געפירט מיט זיי ברודערשאַפט, פאַניבראַטסטווע, און פלעגט זיך האַלטן פון דערווייטען פון דער אַרבעטער־סביבה...

דערזעענדיק, אַז מיר קוקן אַלע אויף אים, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און איז האַסטיק צוגעלאָפן צו אונז.

— און איך קוק און קוק — כ׳וואָלט שווערן, אַז דאָס ביסטו ! — האָט ער מיט גרויס פרייד אויסגעשריען, וואַרפנדיק זיך קושן.— וואָס מאַכסטו, ברודערקע ? — טע־טע־טע, פאַרעלטערט געוואָרן !...

— זיי באַקאַנט, דאָס איז מיין פרוי און קינד.

— אַזוי ! זייער אַנגענעם. גיט מיר דאָס קינד. אייך איז דאָך שווער צו האַלטן זי אויף די הענט. — און ער האָט אויסגע־שטרעקט די הענט צום קינד.

מיין מיידעלע האָט נאָך שטאַרקער אַרומגעכאַפּט דער מו־טער׳ס האַלז און פאַרגראָבן דאָס פּנימ׳ל.

— זי האָט געמיינט, אַז דו ביסט אַ „שפּיאָן", — האָב איך זיך צעלאַכט.

— אַזוי גאָר! — האָט ער פאַרוואונדערט אויסגעשריען:— אַזאַ רעוואָלוציאָנערקע איז זי בײַ דיר? הפּנים דאָס עפּעלע פּאַלט ניט ווייט פון'ם בוימעלע, אַ? כע־כע־כע... נו, איז וואָס־זשע מאַכסטו? ביסט אַף לאַנג געקומען אַהער?

— יאָ, איך קלער זיך דאָ באַזעצן.

— צו וועמען פאַרפאָרסטו?

— דאָס שטייען מיר טאָקע און קלערן.

— ניטאָ וואָס צו קלערן. איך וועל דיך צו קיינעם ניט לאָזן. דו בלייבסט בײַ מיר. גראָד איצט איז בײַ מיר דאָ אַ ליידיקער צימער: ערשט נעכטן האָט זיך דער שכן מיינער אָפּגעטראָגן. קוים פּטור געוואָרן פון אים: פון די היינטיקע „מאַכערס" איז ער, פון די טוערס, פון די רעדנערס.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ מין אָפּ־שטויסנדיקן שפּאָטישן געלעכטערל.

„דער זעלבער אַבראַמקע" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — „ווי אַזוי טשעפּעט מען זיך אָפּ פון אים?"

נאָר איידער איך האָב צייט געהאַט עפּעס צוטראַכטען, זיינען שוין מיינע פּעקלאַך געווען בײַ אים אין די הענט. און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט אונז אַ פלינקער פערדל געטראָגן צו זיין וואוי־נונג.

* * *

אַבראַמקע דער שלאָסער האָט געוואוינט אין עק שטאָט, בײַם באַרג, און פאָרן אַהין האָט געדויערט כמעט אַ שעה צייט. אַפ'ן וועג האָב איך זיך פון אים דערוואוסט וועגן אַ סך זאַכן, וואָס האָבן מיך זייער אינטערעסירט. אַזוי האָב איך זיך דערוואוסט, אַז קיינער פון מיינע אַמאָליקע חברים איז אין שטאָט ניט געבליבן: איניקע זיינען צוגענומען געוואָרן אַף דער מלחמה און זיינען שוין צוריק ניט געקומען... אַנדערע, ווי ער האָט געהערט, געפינען זיך אין די גרויסע שטעט — מאָסקווע, פּעטראָגראַד, קיעוו. דאָ, אין

שטעטל, איז די באַפעלקערונג מער אַן אַנגעלאָפענע, אַ פּאַראָרימטע. די אַרבעטסלאָזיקייט איז גרויס, דער האַנדל איז געשלאָגן.

— דיעלאָ דריאַן! *) — האָט ער פאַרענדיקט אַף רוסיש.

— און ווי אַזוי איז איצט דאָס פּאָליטישע לעבן אין שטעטל?

איך בין געוועזן זיכער, אַז אַף דער פראַגע וועט אבראַמקע נאָר אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און וועט אַ שפּיי טאָן, ווייל — אַף וויפיל איך האָב אים געקענט — איז דאָס געווען איינער פון די אָפּגעשטאַנענסטע פאַרגרעבטע יונגען, וואָס האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט קיינע געזעלשאַפטלאַכע און פּאָליטישע ענינים. צו מיין גרויס וואונדער האָט אבראַמקע אַרויסגעוויזן גענוג קענטנישן וועגן דעם פּאָליטישן צושטאַנד. די מלחמה און די רעוואָלוציע האָבן, אַפּנים, געווירקט אפילו אַף אַזוינע „אבראַמקעס"...

— אָהאָ, באַ אונז אין שטעטל איז איצט כמעט, ווי אין אַ פּעטראָגראַד! עס קאָכט און עס רוישט און עס קערט זיך אַ וועלט! יעדער סמאַרקאַטש איז געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער — סיי אין דער נייער „דעמאָקראַטישער דומע" און סיי אין דעם „סאָוועט סאָבאַטשיך דעפּוטאַטאָוו"**) — כע־כע־כע!

באַם וואָרט „סאָבאַטשיך דעפּוטאַטאָוו" האָט מיין פרוי אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אַף מיר: כ'האָב דערזען, ווי אַ שוואַרץ וואָלקנדל האָט זיך צעשפּרייט איבער איר פּנים. מיר האָבן אַף שטום־לשון באַשלאָסן, אַז מ'מוז זיך פון דעם נפש אָפּטראָגן...

— הער, אבראַם, האָב איך לאַנגזאַם אַרויסגערעדט — איך קלער, אַז ס'וועט זיין גלייכער, אַז... מיר וועלן... פאַרפאָרן אין אַ האָטעל... מיר וועלן זיך דאָרט אָפּרוען אַ פּאָר טעג און דערנאָך וועלן מיר זיך אַריבערפּעקלען צו דיר — אַ?

— וואָס הייסט אין אַ האָטעל?! — האָט ער מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט,—און באַ מיר וועסטו זיך ניט קאָנען אָפּרוען? אַזאַ גאַסט וועל איך לאָזן פאַרפאָרן אין אַ האָטעל? ניין, ברודער־

*) ס'איז גוט אַף צרות.

**) ראַט פון הינטישע דעפּוטאַטן.

לעבן, דאָס וועל איך בשום אופן ניט דערלאָזן! מיר זיינען דאָך עפּעס שטיקלאך קרובים אויך! אָט זיינען מיר שוין געקומען.

— שטיי! — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום פורמאַן, — אָט־אַ־דאָ, נומער 14. פאַר אריין אין הויף צום לעצטן פליגל.

אין עטלאַכע מינוט אַרום זיינען מיר שוין געזעסן באַ אַ גע־דעקטן טיש, און זיין פרוי, אַ גוטמוטיקע, אַ ליבלאַכע, האָט אונז מכבד געווען מיט הייסע טיי, מיט אייגענע געבעקס און מיט צו־בייסן.

זופנדיק די טיי, האָט מיין אַבראַמקע ניט אויפגעהערט צו פּלוידערן:

— הייסט עס, ביסטו געקומען אויף לאַנג, צו באַזעצן זיך דאָ? דאָס איז גוט! כ'ל דיר זאָגן דעם אמת, ס'איז דאָ ניטאָ קיין איין רעכטער מענטש: אַ גנב אויף אַ גנב, אַ באָסיאַק אויף אַ באָסיאַק, און יעדער קריכט צום אויבן־אָן! יעדער מאַלאָקאָסאָס וויל זיין דער ערשטער! וואָס הייסט? — סוואַ־באָ־דאָ! טו אַ כאַפּ דעם סאָ־וועט זייערן. איך קען דאָך אַלעמען, ווער ס'זיצט דאָרטן! כ'האָב דאָך מיט זיי געאַרבעט אויף די זאַוואָדן. אַלע גנבים, שכורים, זשו־ליקעס! וואָס דאַרפסטו מער: מיט אַ יאָר זיבן־אַכט צוריק איז באַ מיר געווען אַ שייגעצל אין דער סלעסאַרניע — מיטקע האָט ער געהייסן, אַ פּראָ אָדם! כ'זאָג דיר — אַ בהמה! און איצט איז דער מיטקע שוין ניט „מיטקע"! ער הייסט גאָר „טאָוואַרישטש דמיטרי" און איז די רעכטע האַנט באַם פּרעדסעדאַטעל קאָנסטאַנ־טינאָוו'ן אין דער „דעמאָקראַטישער דומע" און דער סעקרעטאַר באַ קיסעלענקאָ'ן אין דעם סאָוועט. ווייסטו דאָך פרעגן, פאַרוואָס איז ער דאָס מיטאַמאָל געוואָרן אַזאַ „יאַ־טעבע־דאַם"?*) — ווייל ער איז אַן עס־ער! אַ קלייניקייט: אַן עס־ער!

— און ווער איז קיסעלענקאָ? אויך אַן עס־ער, צי אַן עס־דעק?

---

*) אַ טוער — אַ מאַכער.

— אַ פּראָכוואָסט! *) — האָט ער שאַרף אָפּגעהאַקט. — אַלע זיינען זיי דאָרטן פּראָכוואָסטן!

כ'האָב זיך ניט־ווילנדיק צעלאַכט.

— נו, און דו געהערסט נאָך ניט צו אַ וואָסער ניט איז פּאַר־טיי?

— איך בין אַליין פאַר זיך אַ פּאַרטיי! — האָט ער מיט שטאָלץ געענטפערט.

— אַרבעטסט אין אַן אייזן־פאַבריק?

— כ'האָב זיי אין דר'ערד, די פאַבריקן! זאָלן אַנדערע פּראַים אַרבעטן אַף יענעם. איך בין אַליין פאַר זיך אַ באַלעבאָס.

— יע... — האָסט אַ סלעסאַרנע. אַ סך אַרבעטער האַלטסטו?

— אַף כּפּרות דאַרף איך די סלעסאַרנע! איך בין, ברודערל, אַ סוחר געוואָרן. מיט אַלטע אייזן האַנדל איך.

— אַזוי גאָר... הם... נו, ווי גייט עס דיר?

— ס'וואָלט געגאַנגען גוט, איז געקומען אייער רעוואָלוציע— צו אַלדי־שוואַרצע יאָר!

— אַזאַ מעשה... נו, וואָס זאָל מען טאָן: אַ רעוואָלוציע, ברודער־לעבן, רעכנט זיך ניט מיט די אינטערעסן פון איינצעלנע מענטשן — זי האָט אין זינען דעם כּלל.

— וואָס כּלל, ווען כּלל! — האָט ער אויסגעשריגן, אויפ־שפּרינגענדיק פון אָרט, — קיינעם איז קיין גוטס ניטאָ פון אייער רעוואָלוציע! מער ניט, ווי אָט די אַלע באָסיאַקעס און פּראַכ־וואַסטן!

מיין פרוי האָט מיך אַ צי געטאָן פאַר'ן אַרבל — איך זאָל אויפהערן מיט אים שמועסן. נאָר ער האָט מיך פאַראינטערעסירט: מיר האָט זיך געוואָלט קלאָר ווייסן — מיט וואָס פאַר אַ פּאָליטישער בריאה האָב איך דאָ צו טאָן.

— וואָס־זשע וואָלסטו געוואָלט: צוריק ניקאָלאַיען אַוועק־זעצן אַפ'ן טראָן?

---

*) אַן אויסוואורף.

— ווער דארף אים האָבן, דעם טיפּש! אָט, ווען מיר וואָלטן געהאַט אזא ,ווי ווילהעלם! אָ, דאָס איז אַ קאָפּ! דאָס איז אַ פירער! אַ מאכט! אים וועט מען ניט אראָפּשליידערן אזוי ווי ניקאָלאַיקען — ניין: צו קורץ די הענט!

— מ'וועט אים אראָפּשליידערן, — האָב איך קאַלטבלוטיק געענטפערט, — זיי רואיק, האָב צייט...

— ווילהעלמ'ען? כאַ־כאַ־כאַ!... גיכער וועט אייער קערענסקי אָנליינן מיט'ן קאָפּ! — האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריגען מיט אַ ווילדן כעס.

— הייסט עס, ביסטו קעגן קערענסקי'ן אויך?

— אַף וואָס טויג ער דער טויגעניכטס? ווי קומט ער צו זיין אַ פירער פון אזא לאַנד, אָט דער אדוואָקאַטל! רוסלאַנד גייט דאָך צו גרונט צוליב אים!

— זאָג־זשע מיר, מיין טייערינקער, ווער, נאָך דיין מיינונג, קאָן פאַרט ראַטעווען רוסלאַנד?

— ווער? וועל איך דיר זאָגן בסוד...

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער'ן טיש און האָט מיט אַ פאַרשטיקטן קול אַרויסגעכאָרכלט:

— איינס פון די ביידע: אָדער קאָרנילאָוו מיט מיליוקאָוו'ן, אָדער — די באָלשעוויקעס! איינס פון די ביידע...

כ'האָב געקוקט אין זיין טעמפּן רויטן פּנים, איינגעהערט זיך אין זיין כאָרכלדיקן קול, און פאר מיינע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע מאסע אזוינע אבראמקעס, וואַנקעס, מיטקעס, — אַ ווילדע, טעמפּיקע מענגע, וואָס איז גרייט מיט איר פינסטערן צאָרן צע־רייסן דעם גאָלדענעם פאָדים, וואָס ווערט ערשט געשפּינט, און פארניכטן דעם מיטל־פּונקט פון דער רעוואָלוציע, וואָס ווערט פאר־טיידיקט דורך קערענסקי'ן און זיינע נאָכפאָלגער. וועט עס קע־רענסקי'ן, געלינגען? און אויב ניט? ווער פון די צוויי עקסטרע־מען וועט באהערשן אָט די ווילדע פינסטערע מאסע? ווער?

## 3.

# א מיטינג.

איינגעאָרדנט זיך, ווי עס איז, אַף דער נייער קוואַרטיר, האָב איך זיך א לאָז געטאָן איבער דער שטאָט, האַפּנדיק, אַז איך וועל דאָך אימיצן אויפזוכן פון מיינע אַמאָליקע חברים און פריינט. איך האָב באַזוכט אַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, אייניקע וויכטיקע אַנ־שטאַלטן, נאָר אומעטום האָב איך געטראָפן אומבאַקאַנטע, אָנגע־קומענע פון ערגעץ מענטשן. און אַף מיינע פראַגן, צי עס געפינט זיך ניט בא זיי דער און דער, האָב איך באַקומען א קורצן ענטפער: ניין, אַזא קענען זיי ניט, אַזעלכער איז בא זיי ניטאָ.

אַן אומעטיקער, א פאַר׳יתום׳טער האָב איך געשפּאַנט איבער די ברייטע ברודיקע גאַסן, ביז איך בין דערגאַנגען צום גרויסן מאַרק־פּלאַץ. נאָך פון דערווייטן האָב איך באַמערקט באַם קלויסטער (אַפ׳ן מאַרק־פּלאַץ) א גרויסע מענגע מענטשן. כ׳האָב זיך א לאָז געטאָן צו דער מענגע. דאָס איז געווען א מיטינג. א גרויסער עולם — מערסטנטייל אַרבעטער, בעל־מלאכות, פּויערים פון דאָרף, וואָס זיינען געקומען אין שטאָט צום מאַרק־טאָג, פרויען, יונגוואַרג, — אַלע האָבן זיך צונויפגעפּרעסט אַרום א גרויסן הילצערנעם קאַסטן, אַף וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַן „אָראַטאָר". דאָס איז געווען א געזונטער, הויכער, פעסט־געבויטער יונג אין א מאַטראָסן העמדל. זיין בראָנזענער פּנים — אָפּגעברענט פון זון און ווינט — זיינע גרויסע בלויע אויגן, צעפּאַטלטע האָר און די ברייטע ברוסט — האָבן געאָטעמט מיט גבורה, מיט מוט און אַנטשלאָסנקייט...

און ער האָט גערעדט! שטאָל און אייזן האָבן געקלונגען אין זיין שטאַרקן באַסאָוון קול. יעדעס וואָרט האָט זיך, ווי א שאָס פון א ביקס, אָפּגערופן אין אַלע עקן פון דעם ברייטן פּלאַץ, וואָס איז

פון מינוט צו מינוט אַלץ מער און מער פאַרפּלייצט געוואָרן מיט מענטשן.

ער האָט גערעדט וועגן דער בלוטיקער מלחמה, וואָס איז אַרויס־גערופן געוואָרן און ווערט אָנגעפירט דורך די קאַפּיטאַליסטן פון אַלע לענדער, צוליב זייערע אייגננוציקע אינטערעסן... וועגן די געקרוינטע גזלנים, וואָס געוועלטיקן נאָך איבער די גרויסע האָ־רעפּאַשנע מאַסן און פירן זיי אין שלאַכט.

— אונזער געקרוינטער באַנדיט, „ניקאָלאַי דער בלוטיקער", איז שוין אַראָפּגעשליידערט פון זיין בלוטיקן טראָן! נאָר וואָס איז די פּעולה? אויף זיין אָרט זיינען אויפגעשטאַנען נייע „ניקאָלאַיקעס", וואָס זיינען ניט בעסער פאַר אים — פאַרקערט, נאָך ערגער! ווייל וועגן ניקאָלאַיען האָט יעדער פון אונז געוואוסט, אַז ער איז אַ בלוט־זויגער, נאָר די נייע קליינע „ניקאָלאַיקעס", אָט די אַלע קערענסקים, מיליוקאָווס, גוטשקאָווס — זיי זיינען נאָך געפערלא־כער: זיי מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי זיינען די בעסטע גוטע פריינט פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן... און וואָס טוען זיי? זיי פירן אָן ווייטער די בלוטיקע מלחמה! פאַרניכטן דאָס לעצטע ביסל האָב און גוטס פון אונזער פאַראָרימטער לאַנד און ברענגען אום נאָך און נאָך צענדליקער טויזנטער יונגע לעבנס!

— „ביז צו אַ זיגרייכן סוף!" — גוואַלדעווען די נייע הער־שער אונזערע. און ווידער און ווידער איז דער אַרבעטער־קלאַס אונטער דעם דרוק פון די קאַפּיטאַליסטן, און דער האָרעפּאַשנער פּויער — אונטער דעם יאָך פון די פּאָמעשטשיקעס! מיר זיינען ווידער די זעלבע קנעכט! ווען מיר דאָס דערלאָזן?! איז דען נאָך ניט פול דער בעכער מיט אונזער בלוט און טרערן? ווייניק האָבן מיר צעקאַליעטשעטע — אָן פיס, אָן הענט? ווייניק פאַר־יתום'טע — אָן טאַטעס, אָן מענער, אָן ברידער? ווען מיר דער־לאָזן, אַז די, וואָס זיינען גאַנץ געבליבן, זאָל מען ווייטער פירן אין שלאַכט, ווידער אומברענגען יונגע קרעפטן? ברידער־בירגער! ווען מיר דאָס דערלאָזן?!

זיין צאָרנדיקער אויסרוף: „צי ווען מיר דאָס דערלאָזן?"

האָט מיט אַ דונערנדיקן ווידער־קול אָפּגעקלונגען ווייט־ווייט אין דער לופטן און איז געבליבן הענגען איבער דער טויזנט־קעפּיקער מענגע.

אַ גוואַלדיקער גערויש האָט זיך אַ טראָג געטאָן צווישן דעם פאַרזאַמלטן עולם.

— נידער! נידער! נידער!

— נידער מיט די בורזשויעס!

— נידער מיט דער מלחמה!

— נידער מיט דער צייטווייליקער רעגירונג!

— נידער מיט קערענסקי׳ן!

ס׳איז געווען קלאָר, אַז די פאַרזאַמלטע מאַסן זיינען אויף דער זייט פון׳ם רעדנער. אַ מין מאָדנער צווייענדיקער געפיל האָט מיך ארומגעכאַפּט... אַלץ, וואָס דער בראַווער מאַטראָס האָט גערעדט, איז געווען אַזוי ריכטיק, אַזוי קלאָר און דייטלאַך! און דאָך, טיף־טיף אין הארצן האָט געברענט אַ וויי־געפיל. ס׳האָט אין מיר עפּעס פּראָטעסטירט קעגן זיין פאַרגלייכן קערענסקי׳ן מיט אַ נוטשקאָווו׳ן און מיליוקאָוו׳ן — און זיי אַלעמען — מיט ניקאָלאַי דעם צווייטן... צו וואָס טוט ער עס? וואָס פאַר אַ נוצן קאָן ברענגען אַזאַ מין אגיטאַציע? אין עצם גענומען, איז דאָך דאָס ניט ריכטיק אויך! הײנט וועגן דער מלחמה: שוין־זשע וויל קערענסקי פאָרטזעצן די מלחמה אוים ליבע צו בלוט־פאַרגיסונג? און אין אַלגעמיין — צו וואָס דאַרף מען ווארפן אַזאַ שרעקלאַכן חשד אויף דעם אָנפירער פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, וואָס טוט ניט קיין שום זאַך אָן דעם וויסן פון דעם פּעטראָגראַדער „סאָוועט ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו"? און פאַר וועמען רעדט ער עס? פאַר אַ מאַסע, וואָס איז נאָך פּאָליטיש ניט אַנטוויקלט, וואָס נעמט יעדן וואָרט ערנסט, פאַרשטייט עס בוכשטעבלאַך....

מיך האָט געצויגן צום קאַסטן: אַרויפקלעטערן און דאָס אַלץ אַרויסזאָגן פאַר דעם זעלבן המון, וואָס ברומט, ווי אַ פּילקעפּיקע צערייצטע חיה. איך בין אַזוי געווען פאַרנומען מיט מיינע געדאַנקען, אַז כ׳האָב ניט באַמערקט, ווי אויפ׳ן קאַסטן איז אויסגעוואַקסן אַ צווייטער רעדנער.

— קיסעלענקאָ... קיסעלענקא... קיסעלענקאָ... — האָט זיך דורכגעטראָגן אַ זשומעריי צווישן עולם.

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן.

אפ׳ן קאסטן איז געשטאַנען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף־און־דרייסיק, מיט אַ שיינעם קאָפּ לאַנגע האָר, מיט צוויי בלישטשענדיקע גרויסע שווארצע אויגן. נאָכ׳ן אויסערלאכן אויסזען, האָט מען אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַ גרוזינער אָדער פאַר אַן איטאַליענער. נאָר ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט זיך באַלד דערשפּירט זיין אידישער אַקצענט...

די מאַסע איז געבליבן שטום. מיט די ערשטע ווערטער האָט קיסעלענקא פארכאַפּט דעם עולם. איך האָב זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט אַ פארהאַלטענעם אָטעם. אַלע מיינע געדאַנקען און געפילן, וואָס האָבן אין מיר געברויזט, האָט ער ארויסגעבראַכט מיט מער קראַפט, מיט מער פייער.

— די ציימווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג און איבערהויפּט דער פּעטראָגראַדער סאָוועט ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו — האָט געקלונגען אין דער לופטן קיסעלענקאָ׳ס קול — פארשטייען אזוי גוט, ווי דער פריערדיקער רעדנער, אַז יעדע מלחמה איז אַ גרוילזאַמע דערשיינונג! און זאָל דער חבר באָלשעוויק, וואָס האָט דאָ אזוי שיין גע׳דרש׳נט, ניט מיינען, אַז ער איז קלינער פאַר...

— די באָלשעוויקעס זיינען מיט אייך, מענשעוויקעס, קיין חברים ניט! — האָט זיך פּלוצים דערטראָגן פון הינטער דעם קאסטן דעם מאַטראָס׳עס באַסאָווע שטימע. נאָר קיסעלענקאָ האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיק און האָט פאָרטגעזעצט:

— מיר זאָגן אויך, אַז די מלחמה האָבן אָנגעהויבן די קאַפּיטאַליסטן, צוליב זייערע אינטערעסן! ווער ווייסט עס ניט? נאָר ניט דאָס איז וויכטיק! וויכטיק איז אַן אנדער פראַגע: צי קאָן רוסלאַנד אַליין באַם איצטיקן מאָמענט אָפּשטעלן די בלוט־פאַרגיסונג? אָט דאָס באַדאַרף מען פארשטיין! דאָס נייע באַפרייטע רוסלאַנד וויל פרידן, בלויז פרידן! וואָס זאָלן מיר אָבער טאָן,

אַז ניט פון אונז אַליין איז געווענדעט אָפּצושטעלן די מלחמה! וואס־זשע וויל דער מאַטראָס, דער באָלשעוויק? אַז רוסלאַנד זאָל איינע אַליין אַוועקלייגן די וואָפן און פאַרלאָזן דאָס שלאַכט־פעלד? צי פאַרשטייט ער, צי באַגרייפט ער, וואָס עס קאָן פּאַסירן אין אַזאַ פאַל? טאָ פאַרשטייט איר אַלע, ברידער בירגער: אין אַזאַ פאַל וועלן אַלע קעמפנדיקע פעלקער אַ וואָרף טאָן זיך אויף אונזער פּאַר־אָרימטער, פאַרבלוטיקטער לאַנד, וואָס געפינט זיך נאָך אין דעם קאָכעדיקן קעסל פון רעוואָלוציע! צי ווייסט דער מאַטראָס־באָל־שעוויק, מיט וואָס אַזאַ איבערפאַל קאָן זיך ענדיקן? אָט מיט וואָס: די צייטווייליקע רעגירונג וועט מיט האַרמאַטן פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליען, אַמעריקע — נידערגעשליידערט ווערן, און ניקאָלאַי דער בלוטיקער וועט ווידער אויף זיין טראָן אַוועקגעזעצט ווערן. אָט דאָס ווילט איר, ברידער בירגער? איר ווילט, אַז דאָס נייע, נאָר־וואָס געבוירענע רוסלאַנד זאָל צעטראָטן און פאַרניכטעט ווערן? טאָ גייט מיט זיי, מיט די באָלשעוויקעס, מיט די היץ־קעפּ, וואָס ווייסן ניט, פאַרשטייען ניט — און ווילן ניט ווייסן און פאַרשטיין — אין וואָס פאַר אַן אָפּגרונט זיי שטויסן רוסלאַנד מיט זייער פאַרברעכערישער אַגיטאַציע! זיי פאַרגעסן, אַז דאָ, צווישן אונז, צווישן אייך, דרייען זיך נאָך אַרום די געוועזענע זשאַנדאַרמען, שפּיאָנען, אָכראַניקעס, — איבערגעטאָנענע אין זשאַקעטלאַך, אין סאָלדאַטסקע און אויך אין מאַטראָסן העמדלאַך... אין פּויערשע זיפּונעס, — זיי וואַרטן אויף דער „גליקלאַכער" שעה, אַז מיר זאָלן זיך צווישן זיך צערייסן — דאַמאָלסט וועלן זיי זיך אַרויפכאַפּן אויף אונז און אונז דערווערגן, דערשטיקן, צעטרעטן, פאַרניכטן! אפשר אָט דאָס ווילן טאַקע אונזערע העלדן, די באָלשעוויקעס? האַ?

קיסעלענקאָ'ס אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער, זיין פּנים האָט געפלאַקערט מיט האַס און צאָרן. די לופט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דויערדיקע אַפּלאָדיסמענטן און אויסגעשרייען:

— מאָלאָדיעץ, קיסעלענקאָ! בראַוואָ! הוראַ!

— זאָל לעבן אונזער צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג!

— זאָל לעבן קערענסקי!

.4

## דער סאָוועט

א באגייסטערטער פון אלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אפ'ן מארק־פּלאַץ, בין איך אהיים געקומען און זיך באלד גענומען פאר'ן טינט־און־פעדער: איך האָב געפילט א נויט־באדערפעניש ארויסזאָגן — אויב ניט מינדלאך, איז כאָטש שריפטלאך — די אלע געפילן און געדאנקען, וואָס האָבן מיך באהערשט. כ'האָב זיך געמיט מיט בילד־רייכע פארבן באשרייבן דעם מיטינג אונטער דעם פרייען הימל; בולט'ער ארויסברענגען די צוויי פּאָליטישע ריכטונגען, וואָס האָבן זיך קלאָר ארויסגעוויזן פון די רעדעס — און צום שלום האָב איך גערופן ביידע פּראָלעטארישע פּאַרשטייער צו אייניקייט, צו איינשטימיקייט לטובת הכלל, וואָס איז דער הויפּט־ציל פון ביידע צדדים.

דעם ארטיקל האָב איך געקלערט אריינטראָגן אין דער רע־דאקציע פון דער אָרטיקער צייטונג „איזוועסטיא סאָוויעטא ראַ־באָטשיך דעפּוטאטאָוו", נאָר דערנאָך האָב איך באשלאָסן, מיטנעמען דאָס צו דער זיצונג פונ'ם סאָוועט, צו וועלכער קיסעלענקאָ האָט אפ'ן מיטינג גערופן דעם עולם.

געלייגט דאָס קינד שלאָפן, און זייענדיק זיכער, אז די גוט־הארציקע באלעבאָסטע וועט אכטונג געבן אף איר, זיינען מיר — איך מיט דער פרוי, אין דער באגלייטונג פון אבראמקע'ן, אוועק צום סאָוועט.

— דו געדענקסט דעם „דוואָריאנסקי'ן קלוב" — האָט דער שלאָסער אפ'ן וועג אָנגעהויבן צו פּלאפּלען, — דעם גרויסן פּאלאַץ אף דער טאגאנראָגער גאס, אנטקעגן דער אלטער פּאָסט־געביידע?

אַט־דאָרט איז איצט דער „סאָוועט" זייערער! מ׳האָט גענומען אַזאַ מויער, די שענסטע געביידע פון שטאָט, און מ׳האָט עס פאַרפּאַס־קודיעט...

מיך האָט פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון עקל צו מיין שוי־נעם „מחותן" און, ניט קאָנענדיק זיך באַהערשן, האָב איך כעס׳דיק געזאָגט:

— הער, אברהם — איכ׳ל זיך מיר דיר אַף אַן אמת צוקריגן! וואָס הייסט עס „פאַרפּאַסקודיעט"? ס׳טוט דיר באַנג, וואָס עס זיינען ניטאָ די הולטייעס־דוואָריאַנעס מיט זייערע אויסגעלאַסענע פרויען און די אַלע פּוסטאַפּאַסניקעס, וואָס האָבן געלעבט אַפ׳ן חשבון פון פאָלק? וואָס אָנשטאָט זיי זיינען איצט די אַרבעטער די באַלעבאַטים פון דעם שיינעם פּאַלאַץ? און אָנשטאָט די מיאוסע הוליאַנקעס, חוצפּה׳דיקע טענץ, וואָס פלעגן דאָרט פאָרקומען, זיינען איצט זיצונגען פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן, וואָס פאַרטיידיקן און זעצן פאָר די גרויסע רעוואָלוציע? אָט דאָס הייסט בא דיר „פאַר־פּאַסקודיעט"? שעמען מעגסטו זיך!

מיין אַבראַמקע איז געוואָרן אַביסל אָפּהענטיק, האָט אַ בורטשע געטאָן, אַז ניט דאָס האָט ער געמיינט, און האָט ווידער געוואָלט אָנהייבן דרש׳ענען אַף זיין שטייגער, נאָר צום גליק זיינען מיר שוין צוגעגאַנגען צום געוועזענעם „דוואָריאַנסקי קלוב". פון אַלע זייטן האָבן געאיילט אַרבעטער, אַרבעטערינס, סתם מענטשן פון פאָלק — צו דער עפנטלאַכער זיצונג פונ׳ם סאָוועט. ביים אַריינגאַנג אינ׳ם גרויסן ליכטיקן קאָרידאָר איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. מיר זיינען אַריין אינעווייניק. דער גרויסער זאַל, וואָס האָט פאַר דער רעוואָלוציע געזען נאָר שוואַרצע רעק מיט פרעס־ווייסע העמ־דער, סאַמעט און זיידנס, גאָלד און בריליאַנטן זאַטע אָפּגעפּאַשעטע מענער־פּנים׳ער און האַלב־נאַקעטע פרויען — דער דאָזיגער זאַל איז איצט געווען פאַרפלייצט מיט פאַרשמאָלצענע זשאַקעטלאַך, צע־ריסענע פּידזשאַקלאַך, סאָלדאַטסקע העמדער, פּויערשע זיפּונעס, סיצענע קליידלאַך און טיכלאַך פון אַלערליי קאָלירן...

אַפ׳ן בינע זיינען געשטאַנען לאַנגע טישן, באַדעקט מיט רויטן

געוואָנט און מיט שטולן אַרום. קיינער פון דעם „פּרעזידיום" האָט זיך אַף דער בינע נאָך ניט באַוויזן.

די ערשטע ניין רייען שטולן אין זאַל זיינען געווען אָפּגע־צאַמט מיט אַ פּאָרענטשל: דאָס זיינען געווען די ערטער פאַר די דעפּוטאַטן. די איבעריקע שטולן, וואָס האָבן זיך געצויגן רייען־ווייז איבער דעם ריזיקן זאַל, זיינען געווען פאַר׳ן פּובליקום, פאַר די פרייע בירגער. כ׳האָב באַזאָרגט דער פרוי מיט אַ פּלאַץ נענטער צו דער בינע און אַליין האָב איך זיך געלאָזט איבער׳ן זאַל — אפשר וועל איך צווישן דעם עולם צופעליק טרעפן אימיצן פון מיינע אַמאָליקע באַקאַנטע.

— אָט... דער פויגל זינגט זייער שיין וועגן קערענסקי׳ן! — האָב איך פּלוצלונג דערהערט הינטער זיך אַ באַקאַנטע שטים — ריכטיקער, אַ באַקאַנטע ניט־רוסישע אויסשפּראַך, — כ׳האָב גע־האַט די „ערע" צו פאָרן צוזאַמען מיט אים אין איין וואַגאָן. אַי, זינגט ער וועגן קערענסקי׳ן! בוקט זיך פאַר אים, ווי פאַר אַ גאָט — כע־כע־כע!...

כ׳האָב זיך שנעל אומגעקערט. אין אַן ענגן קרייזל פון אַ מאַן צען־צוועלף איז געשטאַנען דער זעלבער יונג אין דער סאָלדאַטסקער העמדל, מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן אין וואַגאָן. זיין שפּאָ־טישער אויסדרוק און נאָכמער שפּאָטישער געלעכטערל האָט מיך זייער פאַרדראָסן... איך בין גלייך צוגעגאַנגען צו דער גרופּע און האָב זיך געווענדעט צו מיין געגנער:

— איך פּראָטעסטיר, חבר, קעגן אייער אויסדרוק וועגן מיר! איר האָט מיך געזען איין מאָל און אויך דאָס מאָל האָב איך מיט אייך קיין צוויי ווערטער ניט אויסגערעדט. וואָס איז שייך צו קערענסקי׳ן, האָט יעדער פון אונז דאָס רעכט צו האָבן זיין איי־גענע מיינונג וועגן אים: איך קאָן אים ליב האָבן, האַלטן פון אים— איר, פאַרקערט. אויב איר ווילט, קאָנען מיר שמועסן, דיסקוסירן וועגן דעם. אָבער צו וואָס זידלען זיך, צו וואָס אָפּלאַכן?

— באַלד מאַקע וועל איך גיין דיסקוטירן מיט דיר! מאַלע

וועמען דו האָסט ליב! אפשר איז דיר ניקאָלאַי אויך געווען ליב— ווער ווייסט דיך, כע־כע־כע!...

— איר זענט ערשט אָנגעקומען, חבר, האָט זיך צו מיר גע־ווענדעט איינער פונ׳ם רעדל — א יונג בחורל פון א יאָר אכצן־צוואנציק — פון וואנען קומט איר?

— איך בין א היגער, נאָר שוין כמעט ניין יאָהר, אז איך בין אין דערהיים ניט געווען. און איצט בין איך דאָ, ווי א פרעמדער. קיינעם פון מיינע אמאָליקע חברים זע איך ניט.

— אנטשולדיקט, ווי אזוי איז אייער נאָמען?

— „דאווידאָוו" — אזוי איז דאָן געווען מיין נאָמען.

— דאוואדאָוו? עפּעס א באקאַנטער נאָמען.

— און ווי הייסט איר? — האָב איך אים א פרעג געטאָן.

— מיין נאָמען איז נעקראַסאָוו.

— נעקראַסאָוו? — האָב איך איבערראַשט אויסגעשריען.— זענט איר ניט מיכאיל נעקראַסאָוו׳ס אינגערער ברודער?

— יאָ, מישא איז מיין ברודער.

איך האָב אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, אריינגעקוקט אין זיין פּנים און קוים זיך צוריקגעהאַלטן פון ווארפן זיך קושן.

— איר זענט נאָך דאמאָלט געווען גאָר א קליין אינגל — מ׳רופט אייך וואַלאָריא, יאָ?

— יאָ, איך הייס וואַלאָדיא.

— וואו־זשע איז מיכאיל?

— מישא איז ווייט! געווען פארשיקט אין סיביר. פון דאָרטן איז ער אנטלאָפן אין אמעריקע. און איצט פאָרט ער אהער. שוין באקומען א טעלעגראמע, אז ער מיט נאָך א גרופּע „פּאָליטישע" זיינען ארויסגעפאָרן פון ניו יאָרק.

— איר קאָנט זיך גאָרניט פאָרשטעלן, חבר, ווי עס פרייט מיך, וואָס איך האָב אייך דאָ באַגעגנט! הייסט עס, פאָרט מישא אהער? און איך וועל זיך מיט אים זען? גוט. איר פארשטייט, ס׳איז זייער א ביטערע לאגע, אז קיינער קען דיך ניט און ווייס ניט,

ווער דו ביסט... אָט האָט איר אַ באַווייז: אייער חבר׳ס באַציאונג צו מיר...

— באַקאַנט זיך, חברים, — האָט וואָלאָדיאַ מיך פאָרגע־שטעלט פאַר דער גאַנצער גרופּע. — דאָס איז אַן אַלטער חבר דאַווידאָוו. און דו, טאַלמאַס, — האָט ער זיך געווענדעט צו מיין אָפּלאַכער, — זיי פאָרזיכטיק אַ צווייטן מאָל: חבר דאַווידאָוו איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער נאָך דאַן, ווען מיר ביידע האָבן זיך נאָך אין פערדלאַך געשפּילט!

— איך זאָג.. גאָרניט... — האָט זיך טאַלמאַס עטוואָס פאַר־שעמט פאַרענטפערט — כ׳האָב געשפּאַסט... מאַלע, וואָס ס׳רעדט זיך אַרויס אין שפּאַס...

— אָ, געוויס, געוויס! — האָב איך גוטמוטיק צוגעשטימט. — דער חבר טאַלמאַס האָט זיך נאָר איבערצייגט, אַז איך בין ניט פון „יענע פויגלען"... און חוץ דעם, בין איך אים גאָר דאַנקבאַר פאַר זיין „שפּאַס", ווייל דאָס האָט מיר געגעבן אַ מעגלאַכקייט צו באַגעגענען זיך מיט אַ יוגנט־פריינט און דערהאַלטן אַ פריילאַכע ידיעה וועגן מיין אַלטן חבר מישאַ.

אין דעם מאָמענט איז צו אונז צוגעגאַנגען דער זעלבער בראַ־ווער מאַטראָס, וואָס האָט אױף דעם מאַרק־פּלאַץ געהאַלטן זיין פייער־דיקע רעדע. מיט אים צוזאַמען זיינען צוגעקומען נאָך עטלאַכע אַרבעטער.

— גוטן־אָוונט, חברים! נו, וואָס הערט זיך? וועלן זיי שוין אַמאָל עפענען די זיצונג, די קעלבלאַך אונזערע?

— דער גלאַוונער באָק איז נאָך, הפּנים, ניטאָ. — האָט איי־נער זיך אָפּגערופן.

מ׳וואַרט, הייסט עס, אױף קיסעלענקאָ׳ן? — האָט דער מאַטראָס מיט אַ שעלמישן שמייכל בכיון איבערגעפרעגט.

דער גאַנצער רעדל האָט זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט.

איך האָב זיך געפונען צווישן דער באָלשעוויסטישער פראַקציע פונ׳ם סאָוועט...

דער גרויסער זאַל פונ׳ם סאָוועט איז פון מינוט צו מינוט

אַלץ מער און מער פאַרפּלייצט געוואָרן מיט מענטשן. ס׳איז מיט־אַמאָל געוואָרן רוישיק, לעבעדיק, פריילאַך. גראָבע באַסאָווע שטי־מען, הייזעריקע קולות, הילכיקער מיידלשער געלעכטער, קלינגענ־דיקע טענער פון רעוואָלוציאָנערע לידער אין די ווינקלאַך, — דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אין אַ גוואַלדיקן גערויש און האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן, ווי אַ ברומענדיקע כוואַליע באַם ברעג ים.

צו דער גרופּע באָלשעוויקעס, לעבן וועלכע איך בין געשטאַנען, זיינען צוגעקומען עטלאַכע פאַרשוינען, אָנגעטאָן אין שוואַרצע בלוזעס, פאַרשמאָלצענע פון שטויב און רויך, אונטערגעגאַרטלט ווער מיט אַ שנירל, ווער מיט אַ רימענדל.

— דוכט זיך, אַלע אונזערע זיינען שוין דאָ! — האָט דער מאַטראָס אַ זאָג געטאָן, באַטראַכטנדיק די גרופּע. — לאָמיר, חברים, פאַרנעמען אונזערע ערטער, אז ניט וועלן די מענשעוויקעס ווידער אונז אָפּטאָן אַ שפּיצל, ווי אויף דער פאַבריקער זיצונג: וועלן פאַרכאַפּן אונזערע פּלעצער אויף לינקס...

— זי זיינען שוין דאָ, די „פּירערס״ אונזערע! מען צעזעצט זיך שוין, — האָט טאַלמאַס אַ וואונק געטאָן אויף דער בינע, וואו עטלאַכע פאַרשטייער פונ׳ם סאָוועט האָבן זיך באַוויזן פון הינטער די קוליסן און זיך געזעצט באַם טיש.

— איינער פון זיי — אַ הויכער, אַ דאַרער מיט ברילן — האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין באַקאַנט.

— ווער איז אָט דער מיט די ברילן? — האָב איך אַ פרעג געטאָן באַ וואָלאָדיאַ׳ן.

— איר דאַרפט אים קענען. ער האָט זיך אויך אין אייער צייט אַרומגעדרייט צווישן די אַרבעטער. ער איז נאָך דאַמאָלס געווען אַ גימנאַזיסט. ענגעל איז זיין נאָמען.

— דאָס איז וויטיאַ ענגעל?! — האָב איך פאַרוואונדערט אויסגעשריען.

— ניט „וויטיאַ״, נאָר „וויקטאָר יוריעוויטש, טאָוואַרישטש ענגעל!״ — אַזוי איז זיין טיטול איצט. אַ יוריסט און רעדאַק־טאָר פון „איזוועסטיאַ סאָוועטאַ ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו״.

— א וויכטיקע פיגור... כמעט קערענסקי !... — האָט טאָל־מאַס מיט זיין שפּאָטיש געלעכטערל פאַרענדיקט.

— די יוריסטלאָך־אַדוואָקאַטלאָך זיינען איצט אין מאָדע ! — האָט נאָך איינער פון דער גרופּע צוגעגעבן.

— נישקשה... זיי וועלן זיך ברעכן די קעפּ ! — האָט טאָל־מאַס פּלוצלינג בייז א ברום געטאָן, און אין זיינע אויגן האָבן זיך באוויזן בייזע פייערלאַך, ווי דאַמאָלסט אין וואַגאָן...

ענגעל האָט געשטאַמט פון רייכע עלטערן. זיין פאָטער — א גרויסער קאָמערסאַנט — האָט פאַרמאָגט אין שטאָט עטלאַכע מויערן, א גרויסן לאַגער פון בוי־מאַטעריאַל. וויטיא ענגעל איז געווען א בן־יחיד, האָט געהאַט א שם פאַר א טעמפּיקן שילער אין דער גימנאַזיע. ער פלעגט אָפּט זיצן צו צוויי יאָר אין א קלאַס, און נאָר מיט דער הילף פון גוט־באַצאָלטע עקסטרא־לערער („רעפּע־טיטאָרס") פלעגט מען אים איבערשלעפּן פון איין קלאַס אין צווייטן... ער איז שוין געווען אין זיבעטן קלאַס גימנאַזיע, ווען ער האָט זיך באוויזן אין אונזער געהיימען אַרבעטער־קרייזל. קיין גרויסע פעאיקייטן האָט ער ניט אַרויסגעוויזן ; דאָך האָט מען זיך מיט אים געפרייט : „א גימנאַזיסט !"...

כ'האָב זיך דערמאָנט אָן מיין אַרטיקל און זיך א לאָז געטאָן צו דער בינע — אָפּרופן ענגעל'ן, דערמאָנען אים וועגן זיך און איבערגעבן אים מיין אַרטיקל פאַר דער צייטונג „איזוועסטיא".

אין דער מינוט האָט זיך באוויזן אויף דער בינע קיסעלענקאָ.

דער עולם האָט זיך א לאָז געטאָן צו די פּלעצער.

קיסעלענקאָ האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אלס פאַרזיצענדער, און דורכקוקנדיק די פּאַפּירן אפ'ן טיש, האָט ער, הויך צעציענדיק די ווערטער, אַרויסגערעדט :

— חברים־דעפּוטאַטן, פאַרנעמט אייערע פּלעצער !

די באָלשעוויקעס זיינען שוין געזעסן אויף די לעצטע שטולן — לינקס. רעכטס האָבן זיך פאַנאַנדערגעזעצט א קליינע צאָל דעפּו־טאַטן — איבערהויפּט אין מיליטערישע קליידער (צווישן זיי האָט זיך געזען א פּאָלקאָווניק אויך). דאָס זיינען געווען די פאַרשטייער

פונ׳ם גארניזאָן און פון דעם אינוואַלידן־פארבאנד. אין דערמיט האָבן זיך צעזעצט די גרויסע צאָל דעפּוטאטן — מענשעוויקעס און עס־ערן.

באטראכטנדיק דעם גרויסן עולם, וואס איז געזעסן און נאָכמער געשטאנען הינטער די פארענטשעס, וואָס האָבן אָפּגעטיילט די דע־פּוטאטן־פלעצער, האָט מען געקאָנט זען, אז דאָ האָט זיך פארזאמלט דער אָרימסטער טייל פון דער באפעלקערונג: ארבעטער, בעלי־מלאכות, דינסט־מיידלאך און סתם אָרימע־לייט, וואָס לעבן פון „ווינט און רויך״... קיין אָנגעזעענע באַלעבאטים זיינען ניט געווען. ווי איך האָב זיך שפּעטער איבערצייגט, איז דער באַלעבאטישער עלעמענט אין א גרויסער צאָל געווען פאָרגעשטעלט אויף די עפענט־לאכע זיצונגען פון דער נייער „דעמאָקראטישער דומע״. דאָרט האָבן זיי זיך, הפּנים, געפילט באקוועמער, היימלאכער...

קיסעלענקאָ האָט פאָרגעלעזן די טאָג־אָרדנונג און האָט פאָרגע־שלאָגן דער פארזאמלונג אָננעמען אָן קיין שום דעבאטן דעם סדר פון דער זיצונג, אזוי ווי דער „פּרעזידיום פונ׳ם סאָוועט האָט אויסגעארבעט״.

— כ׳בעט א וואָרט! — האָט פּלוצלונג אויסגעשריען דער מאטראָס, אויפשטייענדיק פון אָרט.

— האָט צייט, חבר... מיר האַלטן אין אָפּשטימען די טאָג־אָרדנונג!

— טאָקע וועגן דער טאָג־אָרדנונג בעט איך א וואָרט! — האָט דער מאטראָס נאָך העכער א געשריי געטאָן.

— געפינט דער סאָוועט פאר נויטיק צו עפענען דעבאטן וועגן דער טאָג־אָרדנונג? — האָט זיך קיסעלענקאָ קאַלטבלוטיק געווענדעט צו די דעפּוטאטן. — ווער ס׳איז קעגן אזוינע נוצלאָזע דעבאטן, זאָל אויפהויבן זיין האנט!

דער צענטער און די רעכטע האָבן אויסגעשטרעקט א וואלד הענט, בלויז די קליינע גרופּע באָלשעוויקעס זיינען געזעסן אומ־באוועגלאך.

— די מערהייט איז קעגן דעבאַטן און די טאָג־אָרדנונג איז אָנגענומען, — האָט קיסעלענקאָ ארויסגערעדט, אַ וואָרף טוענדיק אַ בליק אַף לינקס.

— צום טאָג־אָרדנונג אַ וואָרט! — האָט טאַלמאַס אויסגעשריגן אויפשפּרינגענדיק פון אָרט: צו אַל־די רוחות!

— חבר טאַלמאַס! די מערהייט האָט שוין די אָרדנונג אָנגענומען און קיין שום וואָרט וועגן דעם קען איך קיינעם ניט געבן. חוץ דעם, אַלס פּאָרזיצער פון דעם סאָוועט, בעט איך אייך אויפפירן זיך אַנשטענדיק, אָן זידלערייען! דאָ איז ניט קיין שיינק.

דאָס איז געווען געננג. די גאַנצע גרופּע באָלשעוויקעס האָט זיך אַ הויב געטאָן פון די פּלעצער און קלאַפּנדיק מיט די פיס, מיט די שטולן האָבן אַלע אין איין קול אָנגעהויבן גוואַלדעווען:

— אַ וואָרט! אַ וואָרט!

— מיר פּראָטעסטירן קעגן אַזוינע באַליידיקונגען!

— צוריק נעם דיינע ווערטער!

— פאַרמאַך אונז ניט די מיילער!

— אַ וואָרט פאָדערן מיר!

איך האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס גיט מען ניט דעם מאַטראָס אַ וואָרט צום טאָג־אָרדנונג. ס'איז אָבער געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז ווייל די פּשוט'ע פאָדערונג גייט פון די באָלשעוויקעס, זאָגט מען זיי אָפּ אין דעם. דער עולם הינטער די פּאַרענטשעס איז געווען, קענטיק, אומצופרידן מיט דער טאַקטיק.

— גיב אַ מענטשן אַ וואָרט, קיסעלענקאָ! — האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ באַסאָווע הייזעריקע שטימע פון די הינטערשטע רייען. — וואָס פאַרמאַכסטו יענעם דאָס מויל? אַליין פּלוידערסטו וויפיל דו ווילסט!

— רעד! רעד! טאָוואַרישטש מאַטוועיעוו! מיר בעטן!

— מיר בעטן! מיר בעטן! — האָט פּלוצים אויסגעבראָכן אַ גוואַלד פון אַלע זייטן.

דער עולם איז אין איין אויגנבליק אויפגערודערט געוואָרן.

קיסעלענקאָ האָט אָן אַן אויפהער געקלונגען מיט׳ן גלעקל, געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש, שרייענדיק מיט אַלע כחות: „חברים!” נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. דער טומל האָט זיך גע־האַלטן אין פאַרגרעסערן.

— חברים און בירגער! — האָט ענגעל אויפשפּרינגענדיק פון אָרט א געשריי געטאָן און האָט א בראַזג געטאָן מיטביידע קולאַקעס אָן טיש: — אויב איר וועט אַזוי גוואַלדעווען און ניט לאָזן אונז רואיק פירן די זיצונג, וועט דער פּרעזידיום זיין גע־צוואונגען ארויסשיקן פון זאַל די אַלע, וועלכע האָבן ניט קיין שטימרעכט! מיר בעטן דעם עולם פאַרהאַלטן זיך שטיל, ניט שטערן דעם סאָוועט פירן די זיצונג!

— מ׳וועט זיך באַגיין אָן אדוואָקאַטלאַך! — האָט זיך דערטראָגן א קול פון דער זייט.

די קורצע פּראָסטע באַמערקונג האָט ארויסגערופן א הילכיקן אַלגעמיינעם געלעכטער און א שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן.

— חברים־בירגער! — האָט דער מאַטראָס א געשריי געטאָן צום עולם, אויפשטעלנדיק זיך אַף א שטול: — זאָגט איר אַליין! ווער פון אונז שאַפט דאָ אומאָרדנונג? מיר אָדער זיי? איך האָב געפאָדערט א וואָרט „צום טאָג־אָרדנונג”. דאָס איז מיין רעכט, אַלס דעפּוטאַט! און זיי, מיט זייער מערהייט, לאָזן אונז ניט אויסריידן א וואָרט! איז דאָס יושר׳דיק?

— טאָוואַרישטש מאַטוועיעוו! — איז קיסעלענקאָ אריינ־געפאַלן אים אין די רייד, קלינגענדיק נאָכאַנאַנד מיט׳ן גלעקל: — איך האָב אייך קיין וואָרט ניט געגעבן!

— ווער וואָרט אז דו זאָלסט געבן! — האָט דער מאַטראָס מיט פאַרדאַמונג אים געענטפערט: — דאָס פאָלק האָט מיר געגעבן ס׳וואָרט! דאָס פרייע פאָלק וואָס איר, פאַררעטער, ווילט ווידער פאַרשמידן אין קייטן! אָט דאָס פאָלק האָט מיר געגעבן ס׳וואָרט!

דער צענטער און די רעכטע דעפּוטאַטן זיינען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער. ווילדע קולות האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן:

— ארויס! ארויס!
— וואָן! וואָן!
— דייטשישע אגענטן!
— בונטאָווששיקעס!
— אָכראַניקעס!

דער פּאָלקאָווניק האָט געפאָכעט מיט די פויסטן אין דער לופטן און ניט מיט זיין קול געהאלטן אין איין שרייען: „ארעסטירן!"

קיסעלענקאָ איז געשטאַנען א בלייכער. מיט א שטומען באַפעל האָט ער געהייסן די מיטגלידער פון דעם פּרעזידיום זיצן רואיק אויף די ערטער און גערולדיק איבערוואַרטן דעם טומל.

— „ווסטא־וואַי פּראָ־קליאַ־טיעם זאַ־קליעי־מיאָני..." — האָט דער מאַטראָס פּלוצלינג אָנגעהויבן זינגען, פאַרהילכנדיק מיט זיין געזונטן באַריטאָן דעם אַלגעמיינעם גערויש.

און די גאַנצע גרופּע באָלשעוויקעס, אונטערכאַפּנדיק דעם „אינטערנאַציאָנאַל", האָבן זיך א לאָז געטאָן דורך די רייען שטולן צום ארויסגאַנג.

נאָך זיי האָט זיך אויך א לאָז געטאָן א גרויסער טייל פון דעם עולם.

— זאָל לעבן די ארבעטער רעגירונג!
— זאָל לעבן חבר לענין!
— הורא! הורא! הורא! — האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן.

די דעמאָנסטראַנטן האָבן פאַרלאָזט די זיצונג.

---

די באָלשעוויסטישע דעמאָנסטראַציע אויף דער זיצונג פונ'ם סאָוועט האָט אויף מיר דעמאָלט געמאַכט א שווערן איינדרוק. אמת, די מענשעוויקעס און עס־ערן זיינען טאַקע באַגאַנגען אַן אומרעכט קעגן דער קליינער גרופּע דעפּוטאַטן באָלשעוויקעס. געוויס האָבן די באָלשעוויקעס באַדאַרפט פּראָטעסטירן, ניט לאָזן זיך

„שפּייען אין פּנים". באַנוצן אָבער אזוינע שאַרפע מיטלען—אַרויס־רופן אזא גוואַלדיקן שטורעם, צוּרוּדערן דעם עולם און דעמאָנס־טראַטיוו פאַרלאָזן די זיצונג, — דאָס איז שוין געווען, לויט מיינע דאַמאָלסדיקע באַגריפן, צופיל...

אַז די טירן נאָך די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך צוגעמאַכט, איז אין זאַל מיטאַמאָל געוואָרן טרויעריק־שטיל. א גערדריקטע שטי־מונג האָט באַהערשט די, וואָס זיינען געבליבן אַף די ערטער. אויך דער פּרעזידיום אַף דער בינע איז געזעסן אַפּהענטיק און פאַרלאָרן.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך קיסעלענקאָ. ער האָט א שויבער געטאָן זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר און האָט זיך גע־ווענדט צום עולם בזה הלשון:

— אונזערע באָלשעוויקעס האָבן זייערס דערגרייכט: זיי האָבן אָנגעמאַכט א טומל, א ליאַרם, א געפּילדער — און זיינען אַוועק. דאָס הייסט בא זיי: — „שטיין אַף דער וואַך פון דער ־רעוואָלוציע!"

אָפּגעוואַרט ביז די שטורעמדיקע אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיך איינגעשטילט, האָט קיסעלענקאָ פאָרגעזעצט:

— דער פּויער זאָגט א גלייכוואָרט: „באַבאַ ס'וואָזו קאָבילע לעכטשע*). לאָמיר אויך זאָגן: „באָלשעוויקי ס'זאַסעדאַניאַ — סאָוועטו לעכטשע"...**)

ס'האָט ווידער אויסגעבראָכן א שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. נאָך קיסעלענקאָ האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט עס זאָל זיין שטיל.

— דערום לייג איך פאָר: ניט פאַרלירן מער קיין צייט און צוטרעטן צו אונזער אַרבעט.

— איך בעט א וואָרט! — האָט זיך דער פּאָלקאָווניק א הויב געטאָן פון אָרט.

---

*) די פלונת'טע אַראָפּ פון וואָגן — איז פאַר דער שקאַפּע גרינגער.

**) די באָלשעוויקעס אַראָפּ פון דער זיצונג — איז פאַר דעם סאָוועט גרינגער.

און אזוי ווי ער וואָלט שוין דאָס ווארט באקומען, האָט ער פאָרטגעזעצט:

— איך לייג פאָר דעם פרעזידיום פארפראָטאָקאָלירן, אז די באָלשעוויקעס האָבן היינט פארזוכט צו מאכן א קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנערן אָנגריף אפ'ן „סאָוועט ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו". און דאָס באוויייזט אמבעסטן, וואס פאר א פארדעכטיקע פארשוינען זיי זיינען.

א גוטמוטיקער שמייכל האָט זיך צעשפּרייט איבער קיסע־לענקאָ'ס פּנים:

— אונזער ליבער פאָלקאָווניק גייט מיט די וועגן פון די באָלשעוויקעס: ער ווארט ניט, אז דער פאָרזיצער זאָל צו־שטימען אים געבן דאָס וואָרט: ער זאָגט זיך אָפּ „איך בעט א וואָרט" — און גייט ווייטער...

א פרייליאכער געלעכטער האָט זיך א טראָג געטאָן איבער'ן זאל.

— צום גליק איז זיין וואָרט געווען אזוי קורץ אז ס'איז פּשוט קיין צייט ניט געווען פארפירן א טומל פון רעכטס...

ווידער אן אלגעמיינער געלעכטער און אפּלאָדיסמענטן.

א צופרידענער פון די געלונגענע וויצן, האָט קיסעלענקאָ מיט א גוטמוטיקן שמייכל געפרעגט דעם פאָלקאָווניק:

— איר פארלאנגט, מ'זאָל אָפּשטימען אייער פארשלאג, חבר פאָלקאָווניק?

— יאָ, איך בעט אָפּשטימען, — האָט דער פאָלקאָווניק בייז געענטפערט.

— ווער איז פאָר דער קליינער רעזאָלוציע פון פאָלקאָווניק איוואַנאָוו?

די רעכטע און א גרויסער טייל פונ'ם צענטער האָבן אויפגע־הויבן די הענט.

— ווער איז קעגן?

קיין הענט אין דער לופטן האָבן זיך ניט באוויזן.

— ווער האלט זיך אָפּ פון שטימען?

אַ מאַן פּופּצן האָבן אויפגעהויבן די הענט.

— אייער פֿאָרשלאַג, חבר פֿאַלקאָווניק, איז אָנגענומען. איצט טרעטן מיר צו צו אונזער טאָג־אָרדנונג.

צום ערשטן קומט מיין פֿאָרטראַג: „די צייטוויילִיקע רע־גירונג און דער פּעטראָגראַדער סאָוועט פון ארבעטער־דעפּוטאַטן".

אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט און אַן ערנסטע שטימונג האָט געהערשט אין זאַל די גאַנצע צייט פון קיסעלענקאָ'ס צוויי־שעה־דיקער רעדע. דאָס איז געווען אַן איינגאַרטיקער רעדנער, אַ געבאָ־רענער „אָראַטאָר". פון קינדוויייז אָן האָט קיסעלענקאָ שווער געאַרבעט אַף אַלערליי זאַוואָדן, אייזן־פאַבריקן. ער האָט אַף זיין לעבן קיין שול ניט באַזוכט. פון זיך אַליין האָט ער זיך אויס־געלערנט לייענען און שרייבן. געלייענט האָט ער, ווייזט אויס, אַ סך — און איבערהויפּט די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. פונ־דעסטוועגן איז זיין שפּראַך אין ליטעראַרישן זין געווען אַן אָרימע; דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ שלעכטן אַקצענט, פלעגט שרעקלאַך צוקאַליעטשען ווערטער פון פרעמדע שפּראַכן, וואָס מ'האָט גע־מוזט באַנוצן אין פּאָליטישע רעדעס. דאָך איז עפּעס אַ כּישוף־דיקער כח געווען פארבאָרגן אין דעם געבוי פון זיין רעדע. זיין גרויסער טאַלאַנט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט גע־קענט אין אַ לעבעדיקער בילדרייכער פאָרם ארויסברייגגען זיינע געדאַנקען, באַפּוצן די רעדע מיט געפליגלטע ווערטער, מיט קאָמישע איינפאַלן, מיט באַלערנדיקע משלים. דאָס האָט גוואַלדיק גע־ווירקט אַפ'ן צוהערער, עס פלעגט ממש פארכאַפּן דעם עולם.

ער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט אַ פֿאָרשלאַג אָנצו־נעמען איינשטימיק אַ רעזאָלוציע וועגן „פולן צוטרוי צו דער צייט־ווייליקער רעגירונג, כּל זמן זי גייט האַנט באַ האַנט מיט'ן פּעטראָ־גראַדער ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט, וואָס איז היינט צו טאָג די איינציקע קראַפט צו באַקעמפן יעדן קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אָנגריף — פון וועלכער זייט, פון רעכטס צי פון לינקס, — עס זאָל ניט אָנגעפירט ווערן."

דער שלום פון דער רעזאָלוציע איז זייער ניט געפעלן גע־

וואָרן דעם פּאָלקאָווניק. באַקומענדיק דאָס וואָרט, האָט דער פּאָל־קאָווניק געַ'טענה'ט:

— וואָס הייסט עפּעס „די איינציקע קראַפט"? דאָס איז אַ דערנידערונג פאַר אונזער רעוואָלוציאָנערער ציטווייליקער רע־גירונג! יאָ, אַ דערנידערונג! ניט דער פּעטראָגראַדער סאָוועט, נאָר די ציטווייליקע רעגירונג איז די איינציקע קראַפט! זי איז די איינציקע הערשערין איבער'ן באַפרייטן לאַנד! דאָס טאָרן מיר, גאָספּאָדאַ — כ'מיין... טאָווארישטשי — ניט פאַרגעסן! איך פּראָטעסטיר קעגן אַזאַ רעזאָלוציע!

קיסעלענקאָ, אַן אויפגערעגטער, האָט באַלד זיך גענומען דאָס וואָרט און האָט אַזוי מייסטערהאַפט אָפּגעשמיסן דעם פּאָלקאָווניק, אַז דער גאַנצער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ ווילדן אַפּלאָז. אַפילו די דעפּוטאַטן פון רעכטס, באַ וועמען דער פּאָלקאָווניק איז געווען דער אָנפירער, האָבן בשעת מעשה פאַרגעסן וועגן וועמען עס האַנדלט זיך, און האָבן אויך שטורמדיק אַפּלאָדירט קיסע־לענקאָ'ן...

די רעזאָלוציע, וואָס קיסעלענקאָ האָט פאָרגעשלאָגן, איז אָנ־גענומען געוואָרן איינשטימיק — אַ חוץ דעם פּאָלקאָווניק, וואָס האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון אָפּשטימונג און איז געזעסן אַ רויטער, אַן אָנגעבלאָזענער, ווי אַ אינדיק...

אַז די זיצונג האָט זיך געשלאָסן בין איך אַ מונטערער ארויפּ־געלאָפן אַף דער בינע און גלייך זיך אַ לאָז געטאָן צו ענגעל'ן.

— דו דערקענסט מיך? —איך האָב אויסגעשטרעקט די הענט, ערוואַרטנדיק, אַז ער וועט זיך באַלד וואַרפן קושן...

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט קאַלטע, פרעמדע אויגן:

— ניין, איך דערקען אייך ניט.

— אַזוי גאָר... דערקענסט מיך ניט!

מיינע הענט האָבן זיך ניט ווילנדיק אַראָפּגעלאָזט. איך האָב דערפילט אַ רויטקייט אין פּנים...

— ניין, — האָט ער נאָכאַמאָל קאַלט געענטפערט.

— דאַווידאָוו'ן דערקענסטו ניט?!

— אַ... דאַווידאָוו! יאָ, יאָ... איצט זע איך... איר האָט זיך אַזוי געענדערט — ניט צו דערקענען...

זיין שטאָל־קאַלטע שטים, זיין „אירצ'ן" האָט מיך צעטומלט, נאָר כ'האָב זיך באַלד באַהערשט און מיט אַ געמאַכטער פריילאַכקייט אַ זאָג געטאָן:

— נו, מילא, — זאָל זיין „איר"... ס'מאַכט ניט אויס. דער עיקר איז אָט וואָס ——

איך האָב אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע מיינע אָנגעשריבענע בלעטלאַך:

— דאָ האָט איר אַן אַרטיקל וועגן דעם מיטינג אַפ'ן מאַרק־פּלאַץ. מאָרגן וועל איך געבן אַ פולן באַריכט וועגן היינטיקער זיצונג. חוץ דעם מיין איך, אַז מיין קומען אַהער וועט בכלל ניט זיין נוצלאָז פאַר דער „איזוועסטיאַ". דאָס איז דער איינציקער פּלאַץ, וואו איך וואָלט געקענט און וואָלט געוואָלט אַרבעטן.

מיין ענגעל איז געוואָרן אַביסל פריינדלאַכער, האָט מיך באַלד באַקאַנט מיט קיסעלענקאָ'ן און מיר האָבן באַשלאָסן אַף מאָרגן אין אַ באַשטימטער שעה זיך טרעפן אין דער רעדאַקציע.

דער אַרטיקל וועגן מיטינג, ווי אויך דער כמעט סטענאָגראַפישער באַריכט וועגן דער שטורמדיקער זיצונג פונ'ם סאָוועט האָבן מיך באַוואוסט געמאַכט אין די איינגע קרייזן פון סאָוועט, און אַף דער נאָענטער זיצונג פונ'ם פּרעזידיום איז באַשלאָסן געוואָרן באַשטימען מיך אַלס אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע פון דער אָרטיקער „איזוועסטיאַ סאָוועטאַ ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו".

.5

## פאר דעם „18טן יוני".

ס'איז געווען אָנהויב יוני. אין דער לופטן האָט זיך שוין געפילט דער קומענדיקער שלים־מזל'דיקער „18טער יוני", ווען — לויט דעם באַפעל פון דעם קריגס־מיניסטער קערענסקי — האָט די אַלטע רוסישע ארמיי באַדאַרפט אָנהויבן דעם אַלגעמיינעם מאַרש קעגן זיגרייכן שונא.

אין די טעג האָט בא אונז אין שטעטל, ווי אומעטום אַף דער פּראָווינץ, געהערשט אַ ווילדער פּאַטריאָטישער אויפברויז. דער אַלאַרם־פּאַטריאָטיזם איז געווען אַזוי גוואַלדיק גרויס, אַז אפילו פערצן־פופצן־יאָריקע קינדער — אינגלאַך און מיידלאַך — פלעגן זיך אָרגאַניזירן אין „מיליטער־גרופּן" מיט'ן צוועק צו זיין גרייט יעדע מינוט אַ לאָז־טאָן זיך צום פראָנט, אויב דאָס וועט פאָדערן דער גאָט, דער הערשער איבער אַלע מחות — קערענסקי...

פון אָט די „מיליטער־גרופּן" האָבן זיך אומעטום געבילדעט אַזוי־גערופענע „באַטאַליאָני סמערטי" (באַטאַליאָנען פון טויט). אַזאַ באַטאַליאָן פון אַ פּאָר הונדערט דערוואַקסענע קינדער איז געווען אויך בא אונז אין שטאָט. זיי פלעגן טאָג און נאַכט מאַר־שירן איבער די גאַסן מיט רויטע פאָנען, מיט מוזיק און פלעגן אָנפילן די לופט מיט מלחמה־ענטוזיאַזם...

די שטאָט האָט גערוישט. אומענדלאַכע מיטינגען, פּאַטריאָטי־שע דעמאָנסטראַציעס מיט אויסרופן „שטיין ביז'ן לעצטן טראָפּן בלוט פאַר דער ערע פונ'ם באַפרייטן לאַנד". אומעטום אין אַלע עקן שטאָט און הינטער־שטאָט — אין אַלטן שטאָט־גאָרטן, אין וואַלד, אַף דער „ראַבאַטשאַיאַ סלאָבאָדקאַ" — אומעטום איז

געדיכט פון מענטשן מיט צעפּלאָמטע פּנים׳ער, מיט פּאַרריסענע קעפּ אַרום די „אָראַטאָרס״, וואָס זיינען צושיקט געוואָרען פון דעם „סאָוועט״ פון דער „דעמאָקראַטישער דומע״ איבער׳ן שטאָט און אַרום שטאָט רופן די ברייטע פאָלק־מאַסן העלפן דער צייט־ווייליקער רעגירונג באַקעמפן דעם שרעקלאַכן שונא, דעם „דייטש״...

זייענדיק אַף די אַלע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, צו־זעענדיק דעם גוואַלדיקן ענטוזיאַזם פון דעם עולם — פון קליין ביז גרויס (מ׳פלעגט אַף די מיטינגען אָנזאַמלען גרויסע סומען געלט, גאָלד, זילבער, דימאַנטן; פרויען פלעגן אַראָפּנעמען פון זיך די צירונג: פּערל, רינגען, גאָלדענע זייגערס, בראַסלעטן — און באַגייסטערט וואַרפן אין די טאַצן פון די זאַמלער); צוזעענ־דיק דאָס אַלץ, בין איך פּערזענלאַך געווען כמעט איבערצייגט, אַז קערענסקי איז טאַקע אַ כשוף־מאַכער, אַז דער „נס״, אין וועלכן ער גלויבט, וועט פּאַרווירקלאַכט ווערן, און דער אָנגריף, וואָס ער פּלאַנט, וועט ברייטגען אַ זיכערן זיג...

אַף די זעלביקע מיטינגען, אין דעם העכסטן מאָמענט פון פּאַטריאָטישן עקסטאַז פון די מאַסן, פלעגט זיך אָבער אַרויפכאַפּן אין דער הויך אַ באָלשעוויק, אַ ברענענדיקער — און פלעגט אָנ־הויבן וואַרפן אין עולם וואַרעמער — שטיקער פייער:

— גענוג בלוט! זאָל זיין אַ סוף צו דער מלחמה! לאָמיר אומקערן אונזערע פאַרשמאַכטע ברידער, זין און טאַטעס פון די וועלף־גריבער, פון די טראַנשייען! קענן וועמען רופן זיי דאָס אונז, אָט די גרויסע און קליינע „קערענסקים״, מיט זייערע צאַרישע גענעראַלן?! קענן דעם אומגליקלאַכן דייטשן סאָלדאַט׳ל, וואָס איז פאַרמוטשעט, פאַרפייניקט פון זיינע קייזערלאַכע „יונקערס״, פּונקט אַזוי ווי אונזערע סאָלדאַטן פון אונזערע אָפיצערן! דאָס דייטשע פאָלק, די דייטשע האַרעפּאַשנע מאַסן ווילן אויך שלום! נאָר מ׳יאָגט זיי אין שלאַכט, מ׳יאָגט זיי אין פייער, מ׳צווינגט זיי בלוט פאַרגיסן! טאָ זאָל זיין אַ סוף! לאָמיר זיך פאַראייניקן מיט די דייטשע פאָלקס־מאַסן, זאָלן אונזערע סאָלדאַטן שליסן

ברודערשאַפט מיט די דייטשע — און אַ קער טאָן די שפּיזן, די פּיילן, די האַרמאַטן, קעגן דעם אמת׳ן שונא — קעגן דער בור־זשואַזיע און אירע משרתים, די מענשעוויקעס! נידער מיט דער אַלעוועלטלאַכער בורזשואַזיע! נידער מיט קערענסקי׳ן און מיט זיינע צאַרישע גענעראַלן! שלום! שלום און ברויט ווילן מיר! לעבן זאָל דער האָרעפּאַשניק! לעבן זאָלן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון גאָר דער וועלט!

ווי אַ שטורמדיקער ים פלעגט דער פאַרזאַמלטער עולם אָנ־הויבן ברומען:

— אמת! אמת! ריכטיק!

— אָט דאָס איז — פּראַווילנאָ!

— אמת׳ע רייד, יעי באָגו!

— גענוג! גענוג נאַרן דעם פּראָסטן עולם!

— לאָמיר זיך פאַנאַנדערגיין!

— ניטאָ וואָס צו הערן די פּלעפּלערס!

— ווען ס׳גלוסט זיך דעם קאָפּ אַוועקלייגן, זאָל יענער גיין!

— נישקשה, אַליין וועלן זיי דאָ בלייבן, די „אָראַטיאָרעס״!

— דעם צווייטן טרייבן אין שלאַכט — דאַרויף זיינען זיי העלדן!

אויסגעשטרעקטע פויסטן פאָכן אין דער לופטן, משונה־ווילדע קולות טראָגן זיך אין דער הויך:

— פּראָוואָקאַטאָרן! דייטשע אַגענטן! בונטאָוושטשיקי!

— משוגעים! דום־קעפּ! פאַרברעכער! פאַררעטער!

און די באָלשעוויקעס דונערן ווייטער:

— טרייבט פון זיך אָט די געדונגענע באַלטונעס! יאָגט פון זיך די פּרייוויליקע משרתים פונ׳ם קאַפּיטאַל! וואַרפט אַראָפּ פון זיך די נייע קייטן! לאָמיר, אַרבעטסלייט, נעמען די מאַכט אין אונזערע פאַרמאָזאָליטע הענט!

. . . וסטאַ—וואַי פּראָ—קליאַ—טיעם זאַקלעי—מיאָ—ני...

— פלעגט פלוצלינג אַ טראָג־טאָן זיך אין דער לופט אַ צענדליק שטאָלענע שטימען, און אַ רויטע פאָן מיט אַן אויפשריפט: „די

גאנצע מאכט די סאָוועטן" פלעגט אויסוואקסן איבער די קעפּ פון דעם אויפגעבראַוזטן עולם...

אָט אַ די אַרויסטרעטונגען פון די באָלשעוויקעס אַף די פּאטריאָטישע מיטינגען אין אזא גרויזאמען מאָמענט האָבן גע־צוואונגען די „דעמאָקראַטישע דומע" רופן אַן עקסטרא־זיצונג באַ אָפענע טירן, כדי דער גרויסער עולם און אויך די באָלשע־וויקעס אליין זאָלן זען און וויסן־זיין, אז ס'איז נאָך דאָ אין שטאָט אַ מאכט, וואָס קען אָננעמען די נויטיקע מיטלען קעגן „מלוכה־פּאַרברעכער"...

---

אין איינעם פון אָט די שטורמדיקע טעג איז דורך ספּעציעלע מודעות באוואוסט געוואָרן, אז די דעמאָקראַטישע דומע וועט אָפּ־האַלטן אַן עפנטלאַכע עקסטרא־זיצונג.

ארום אכט דעם זייגער אין אָוונט איז שוין דער גרויסער פּרעכטיקער זאַל פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג געווען געפּאַקט. דאָ זיינען איבערהויפּט געווען סוחרים, גוטבאַזיצער, גרויסע און מיטעלע באַלעבאַטים און אויך די אינטעליגענץ: דאָקטוירים, אדוואקאטן, לערער, שטאָט־באאמטע. וואו־ניט־וואו האָבן זיך געמערקט איינצעלנע מענטשן פון די אָרימסטע שיכטן פון פאָלק — אין טיכלאַך, אין פּידזשאַקלאַך — און דאָס אין די הינטערשטע רייען, ווי פּרעמדע, ניט געבעטענע געסט, אָדער ווי אָרימע קרובים אַף אַ נגיד'ישער חתונה...

גאָר אין די טונקעלע ווינקלאַך האָבן זיך געזען אין פּאַר־שמאָלצענע העמדלאַך אַ קליינע צאָל ארבעטער מיט פאַר'חושך'טע פּנים'ער.

אַף דער גרויסער, שיין־דעקאָרירטער בינע האָבן זיך שוין אָנגעהויבן איינציקווייז באוויזן די מיטגלידער פון דער פּאַר־וואַלטונג — אין שווארצע רעק און פּרעס־ווייסע העמדער. ווי פּאַרבלאָנדזשעטע האָבן אויסגעזען אַ דריי־פיר אַלט־מאָדישע „קאַפּטאַנעס": דאָס זיינען געווען פאָרשטייער פון די „מעש־

טשאַנעס" — מיט לאַנגע בערד און כמעט אַף די אויגן אַנגערוקטע „קאַרטוזן"*).

ס'האָט ניט געדויערט לאַנג און אַלע פּלעצער פאַר די מיט־גלידער פון דער דומע זיינען שוין געווען באַזעצט. דער צענטער איז באַשטאַנען פון פאַרשטייער פון דער אינטעליגענץ; צו זיי האָבן זיך אויך צוגעשפּאַרט די צוויי פאַרשטייער פון דער אידי־שער געמיינדע: דאָקטאָר ניימער און ראַבינער פּאָלאַנסקי. רעכטס זיינען געזעסן די אָנגעזעענע שוואַרצע מאה'ניקעס מיט דעם שוין באַוואוסטן פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו און נאָך עפּעס אַ רופא וואַסיליעוו — בראש.

דעם לינקן פליגל האָבן געבילדעט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, רעכטע עס־ערן, אַ צוויי־דריי בונדאָווצעס און איין פּועלי־ציון'יק.

דער אויבנאָן איז נאָך געווען ליידיק: מ'האָט געוואַרט אַף דעם פּאָרזיצער פון דומע — קאָנסטאַנטינאָוו'ן. ס'האָט אויך געפעלט צווישן די סאָציאַליסטן זייער אָנפירער — קיסעלענקאָ.

דער איבערגעפילטער זאַל האָט גערולדיק געוואַרט: ס'איז געווען שטיל, ליטיש, ניט ווי אין „סאָוועט"...

באַלד האָט זיך געעפנט אַ זייטיקע טיר בא דער בינע און ס'האָבן זיך באַוויזן דריי פּאַרשוינען: דאָס זיינען געווען — קאָנסטאַנטינאָוו, קיסעלענקאָ און אָט יענער „דמיטרי אפאנטיטש", וואָס האָט אַמאָל אַלס לערן־אינגל זיך אויפגעהאַלטן בא אבראַמקען.

זייער אריינקום איז באַגריסט געוואָרן מיט איינצעלנע אַפּלאָדיסמענטן פון פּובליקום; נאָר באַלד האָט זיך דערטראָגן פון אַ טונקעלן ווינקל אַ הייזעריקער קול:

— טראָיקאַ באָרזאַיאַ בעזשיט!**)

און אַ צווייטער קול:

— דער „קאָנטאַקט"***) איז שטאַרק!

---

*) אַלט־מאָדישע העט.

**) די דריי פלינקע פערדלאַך לויפן.

***) צוזאַמענבונד.

קאָנסטאַנטינאָוו האָט בהרחבה, מיט אַן איינגעבאָרענער גרויסקייט פאַרנומען דעם אויבנאָן און האָט אַ ריר געטאָן דאָס גלעקל.

ביז דער דאָזיקער זיצונג האָב איך קאָנסטאַנטינאָוו'ן קיינמאָל ניט געזען. כ'האָב געוואוסט אַז ער עקזיסטירט און איז איינער פון די אָנגעזעענסטע נגידים פון שטאָט; דערצו אַ „דוואָריאַנין" *), אַ געבילדעטער מאַן, אַ יוריסט. איצט באַטראַכנטדיק זיין איידעלע, אָפּגעצערטע פיגור, זיין גלאַנציקן שארבן, באַצויגן מיט אַ ראָזאָווער בלישטשענדיקער הייטל אָנשטאָט האָר; צוקוקנדיק זיך צו זיינע לאַנגזאַמע, כמעט פוילע באַוועגונגען, — האָט זיך מיר אָנגעהויבן דוכטן, אַז איך האָב אים אָפּט ערגעץ געזען, אַז איך קען אים פון לאַנג.

„וואו האָב איך אים געקאָנט זען אַזוי אָפּט, ער זאָל מיר זיין אַזוי נאָענט־באַקאַנט?"

נאָר ווי קאָנסטאַנטינאָוו האָט מיט זיין טרוקענעם צו־שטשערבעטן קול אַרויסגערעדט די ערשטע ווערטער:

— מנאָ־גאָ־אָ־וואָ־זשאַ־יע־מי־יע טשלעני דע־מאָ־קראַ־טי־טשעס־קאַי דו־מי — —

האָב איך זיך באַלד דערמאָנט:

— „דאָס איז דאָך „גאַיעוו"! **) דער איידעלער פאַר־שטאָרבענער „גאַיעוו" פון טשעכאָוו'ס „קארשן גאָרטן"! דער תמ'עוואַטער טויגעניכטס! — אַזוי!... איז „גאַיעוו" אויך אויפ־געשטאַנען תחית המתים!"

האָט זיך דורכגעטראָגן אין מיינע געדאַנקען: — „די רעוואָ־לוציע האָט אפילו אין גאַיעוו'ן אַריינגעבלאָזט אַ פונק לעבן!..."

און קאָנסטאַנטינאָוו־גאַיעוו האָט אין דער צייט פאַרטגעזעצט זיין איינלייטונגס־רעדע. לאַנגזאַם, צוציענדיק די ווערטער מיט'ן כאַראַקטעריסטישן פּריצישן „ע...ע...", האָט „גאַיעוו" גערעדט וועגן

*) אַן אַדעליגער.

**) איינער פון טשעכאָוו'ס העלדן.

דעם גרויסן פאַטריאָטישן אויפבראַוז פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן, וועגן דעם נויטיקן „קאָנטאַקט״ (צוזאַמענבונד) פון אַלע לעבעדיקע כחות פון נייעם באַפרייטן רוסלאַנד; וועגן דער גרויסער פאַר־אַנטוואָרטלאַכקייט פאַר די קומענדיקע דורות; וועגן דעם גרויס־זאַמן מאָמענט, וואָס דאָס לאַנד לעבט איצט איבער; וועגן די גרויסע פליכטן, וואָס ליגן אַף יעדן באַוואוסטזיניקן בירגער אין אַ צייט ווען דאָס באַפרייט פאָלק מוז דערווייזן גאָר דער וועלט, אַז דאָס נייע רוסלאַנד איז שטאַרק און מעכטיק און איז גרייט אָנשטרענגען אַלע אירע כחות צו באַקעמפן דעם אַלגעמיינעם שונא — דעם שונא פון גאָר דער ציוויליזירטער וועלט — דעם דייטשן „געפאַנצערטן פויסט״.

— דער גרויסער פירער פון אונזער צייטווייליקער רע־וואָ־לוציאָ־נע־ר־ער רעגירונג, אַלעקסאַנדער פיאָדאָראָוויטש קערענסקי, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אונזערע מעכטיקע אַרמייען, אַז זיי זאָלן אַרויסטרעטן דעם 18טן יוני מיט אַ פאַראייניקטן פראָנט קעגן דעם שונא. און מיר אַלע דאָ אַף די ערטער מוזן אָנשטרענגען אַלע אונזערע קרעפטן מיטצוהעלפן דער רעגירונג אונזערער דער־גרייכן איר פאַטריאָטישן ציל! מיר מוזן אַלע זיין גרייט מיט׳ן ביקס אין האַנט...

— און דו? — דו ביזט גרייט מיט׳ן ביקס אין האַנט גיין אין שלאַכט?! — האָט פלוצלינג דורכגעשניטן די אָנגעשטרענגטע שטילקייט אַ בייזער גראָבער קול פון יענעם ווינקל, וואו כ׳האָב נאָך פריער באַמערקט טאָלמאַס׳ן און דעם מאַטראָס — צווישן אַ גרופּע אַרבעטער.

דער אויסגעשריי האָט אַ דונער געטאָן, ווי אַ שאָס פון אַ האַרמאַט און האָט איבערגעריסן קאָנסטאַנטינאָוו׳ס רעדע. די מיטגלידער פון דער דומע, איבערהויפּט פון דעם רעכטן פליגל, זיינען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער. צווישן עולם איז געוואָרן אַ טומל, אַ געפּילדער. אַ גראָבער כאָרכלדיקער קול האָט אַ רעווע געטאָן:

— דאָס זיינען דייטשישע שפּיאָנען! מ׳דאַרף זיי אָנברעכן די ביינער — סוקינים סינאָם! *)

קאָנסטאַנטינאָוו איז געשטאַנען אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער. פון גרויס פאַרלעגנהייט האָט ער אפילו פאַרגעסן, אַז באַ אַזאַ פאַל מוז ער קלינגען אין גלעקל.

דער טומל האָט געהאַלטן אין וואַקסן.

— סמירנאַ**) — האָט דער פּאָלקאָווניק פלוצלינג אַפּ׳ן מיליטערישן שטייגער אַ געשריי געטאָן און האָט מיט דער פויסט אַ בראַזגע געטאָן אין טיש.

די אומדערוואַרטענע יונ׳ישע קאָמאַנדע „סמירנאַ" האָט צו־געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונ׳ם עולם און עס איז געוואָרן שטיל.

— איך בעט דעם הער פּאָרזיצער דערלויבן מיר זאָגן אַ וואָרט — האָט דער פּאָלקאָווניק זיך געווענדט צו קאָנסטאַנטי־נאָוו׳ן, וואָס איז שוין מאַכטלאָז געזעסן אַף זיין שטול און מיט אַ ווייסער זיידענער פאַטשיילקע געווישט דעם פאַרשוויצטן שאַרבן...

קאָנסטאַנטינאָוו האָט האָפנונגסלאָז אַ מאַך געטאָן צו אים מיט דער פאַטשיילקע, ווי ער וואָלט זאָגן:

— „פּלאַפּל וויפיל דו ווילסט... אָן צערעמאָניעס..."

דער פּאָלקאָווניק איז געווען קורץ אין זיין רעדע. ער האָט קאַטעגאָריש געוואָרנט די דעמאָקראַטישע דומע, אַז אין שטאָט איז ניט אַלץ אין אָרדנונג, אַז ס׳האָבן זיך באַוויזן פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וואָס פירן אָן אַ געפערלאַכע פאַרברעכערישע אַגיטאַציע צווישן די ברייטע פאָלקס־מאַסן און שטרעבן „צו פאַרניכטן די ערוואָרבענע פרייהייט".

— איך בין זיכער, — האָט דער פּאָלקאָווניק פאַטעטיש אויסגעשריען — אַז די דאָזיקע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען זיינען

*) די הינט.

**) שטיל, רואיק!

געהיימע דייטשע אגענטן, וואָס זיינען ווארשיינלאַך ארויסגעקראָכן פון דעם זעלבן „פארפלאָמבירטן וואַגאָן", מיט וועלכן ס'איז אָנ־געקומען אין פעטערבורג זייער אָנפירער — דער באוואוסטער מלוכה־פארברעכער וולאַדימיר אוליאנאָוו — אָדער ווי ער רופט זיך דאָ — לע־נין.

ווי נאָר דער פאָלקאָווניק האָט ארויסגערעדט די לעצטע ווער־טער, האָט זיך פון אלע טונקעלע ווינקעלאַך אַ טראָג געטאָן אַ פייפעריי, אַ סווישטשעריי, אַ גוואַלדיקער ברום — ווי אַ מחנה משחיתים וואָלטן פלוצלינג באַפאַלן די פארזאמלונג. דער עולם, איבערהויפּט די דאַמען, זיינען צעשראָקן אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און אַ לאָז געטאָן זיך צום ארויסגאַנג. ביי די טירן איז געוואָרן אַ שטויסעריי, אַ געראַנגל. אַ היסטערישער אויסגעשריי „אוי... ראַטעוועט!" איז געבליבן הייגגען אין דער לופטן און באַלד נאָך דעם האָבן זיך אַ טראָג געטאָן קולות: „אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר!" — פון די קולות איז דער טומל געוואָרן נאָך גרע־סער, דאָס שטופּעניש און שטויסעניש נאָך ווילדער. די מיטגלידער פון דער דומע זיינען פארשוואונדן געוואָרן דורך דער זייטיקער טיר בא דער בינע.

באַלד זיינען אָנגעקומען מיליציאַנטן, וואָס האָבן מיט גרויס מיה איינגעשטעלט אָרדנונג און געהאָלפן דעם צעשראָקענעם עולם פארלאָזן דעם זאַל...

.6

## די לינקע מאַסן־באַוועגונג.

כ'ווייס ניט, ווי אזוי עס איז אָנגעגאנגען דאָרטן, אין די גרויסע צענטערן — אין מאָסקווע, אין פעטראגראד, — נאָר דאָ בא אונז, אויף דער פּראָווינץ איז קיין באָלשעוויזם, אלס א מאסן־באוועגונג ניט געווען צו מערקן ביז נאָך דעם שלים־מזל'דיקן „18טן יוני". עס זיינען געווען איינצעלנע באָלשעוויקעס, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט אָנמאכן וואו־ניט־וואו א גערודער מיט זייערע עפנטלאכע ארויסטרעטונגען און ניט מער. נאָר נאָך דעם 18טן יוני, ווען עס זיינען אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעות וועגן די גוואלטיקע פארלוסטן פון דער רוסישער ארמיי אפ'ן שלאכט־פעלד; ווען ס'איז געוואָרן קלאָר פאר אלעמען, אז דער מארש, וואָס איז געמאכט געוואָרן, לויט דעם באפאל פון קערענסקי'ן, איז געווען פון אָנהויב ביז'ן סוף א פארברעכערישער אומזין — און שולדיק אין דעם איז נאָר קערענסקי מיט זיינע מיטהעלפער, בעלי עצות, — די צארישע גענעראלן, — אָט דאמאָלסט האָט זיך א הויב געטאָן א כוואליע פון בייזן צאָרן צווישן די ברייטע מאסן, איבערהויפט צווישן די ארבעטער. די קליינע צאָל באָל־שעוויקעס האָט געקראָגן א גוואלדיקן איינפלוס אפ'ן המון ווי אויך אויף דער אָרטיקער מיליטער־אָפטיילונג, — און גאָר אין א קורצער צייט איז דער באָלשעוויזם אויסגעוואקסן אין א מאסנבאוועגונג.

צו יענער צייט זיינען אויך אָנגעקומען די דערוואַרטעטע פּאָליטישע עמיגראנטן פון ניו יאָרק, און אינגיכן נאָך זייער קומען איז פון פעטראגראד אריבערגעפאָרן צו אונז דער „אמע־

ריקאנער מעכאנישער זאוואָד", וואס איז געגרינדעט געווארן אַף קאָאָפּעראַטיווע יסודות פון א גרופּע רוסישע ארבעטער־מעטאַ־ליסטן אין אמעריקע. באלד ווי די מערץ־רעוואָלוציע האָט אויס־געבראָכן, זיינען זיי אָנגעקומען פון אמעריקע מיט אלע מאשינען קיין פּעטראגראד, דערנאָך, צוליב אייניקע אורזאכן, האָבן זיי זיך אריבערגעצויגן אין אונזער שטאָט.

די אָנגעקומענע „אמעריקאנצעס" זיינען אלע געווען פייער־דיקע באָלשעוויקעס. אַפּזייענדיק אין דער „פרייער דעמאָקראַטישער אמעריקע" עטלאכע יאָר, האָבן זיי שוין, הפנים, גוט געוואוסט, וואָס איז אזוינס אָט די „פרייהייט", וואָס פאר א געפאר פאר דעם ארבעטער־קלאס — און בכלל פאר'ן סאָציאליזם — איז פארבאָרגן אין דעם „פּארלאמענטאריזם", אין דער בורזשואזער „דעמאָקראטיע", מיט וועלכער עס טראָגן זיך ארום די אלע פירער, די סאָציאַליסטישע טוערס — קערענסקי, טשכעאידזע, צערעטעלי, מארטאָוו, דאָן און אנדערע. זיינען זיי געקומען פון אמעריקע פארטיקע באָלשעוויקעס — און באזעצנדיק זיך בא אונז אין שטעטל האָבן זיי זיך גענומען פאר דער ארבעט ניט בלויז אין זייער פאך, נאָר אויך אין באָלשעוויסטישן זין.

אין גאָר א קורצער צייט איז זייער „אמעריקאנער זאוואָד" געוואָרן די הויפּט־קווארטיר פון באָלשעוויסטישער פּראָפּאגאנדע און אגיטאַציע.

אין די ארבעטער קווארטאַלן האָט אָנגעהויבן פליסן א נייער שטראָם לעבן.

די „אמעריקאנצעס" האָבן געהאט א גרויסע ווירקונג אַף דער גרויער ארבעטער מאַסע. געזונטע, יואוקסיקע, געקליידט אַף דעם אמעריקאנעם שטייגער, מיט געגאָלטע וואָנצעס, שטענדיק, אפילו בא דער ארבעט, אויסגעפּוצטע אין ווייס־געפּרעסטע העמ־דער מיט ווייסע, ווייכע קראגנס און שיינע זיידענע האלזטיכער, — האָבן זיי, די „אמעריקאנצעס", בלויז מיט זייער אויסזען געצויבערט, געצויגן צו זיך דעם פשוט'ן עולם, די ברייטע

פּאָלקס־מאסן. און א דאנק דעם האָט זייער באָלשעוויסטישע טעטיקייט געהאט נאָך א גרעסערן ערפאָלג.

אין אלע פּראָפּעסיאָנעלע פאראיינען זיינען באלד געגרינ־דעט געוואָרן באָלשעוויסטישע קעמערלאך, און דורך די דאָזיקע קעמערלאך האָט די צוּוואוקסענע באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע אָנגעהויבן אָנפירן א קאמפּאניע פאר נייע וואלן אין דעם „סאָ־וועט".

די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן וואָס זיינען גע־שטאנען ביים רודער, האָבן באלד דערשפּירט די גרויסע געפאר פאר זייער הערשאפט. זיי האָבן געזען באשיינפּערלאך, אז זיי פארלירן די מאכט איבער די האָרעפּיאַשנע מאסן.

די זיצונגען פונ׳ם סאָוועט זיינען געוואָרן נאָך רווישיקער און שטורמדיקער ווי פריער: איצט איז שוין הינטער די פּלייצעס פון דער קליינער צאָל דעפּוטאטן־באָלשעוויקעס גע־שטאנען א באָלשעוויסטיש־געשטימטע מאסע מיט א פּאָר צענד־ליק דערפארענע קעמפער־רעוואָלוציאָנערן (די „אמעריקאנצעס") אָן דער שפּיץ, אלס נאָענטע קאנדידאטן אין דעם קומענדיקן נייעם סאָוועט.

דער פּרעזידיום פונ׳ם סאָוועט האָט אָנגעהויבן זוכן תרופות, ווי אזוי צו באקעמפן דעם וואקסנדיקן איינפלוס פון די באָלשעוויקעס אויף דיברייטע פּאָלקס־מאסן. און מ׳איז גע־קומען צו אָן איבערצייגונג, אז ראטעווען די „פּאָזיציעס" קאָן מען נאָר מיט עפּעס ממשות׳דיקעס. און ס׳איז באשלאָסן געוואָרן, וואָס שנעלער פארווירקלאכן אין לעבן די שוין פון לאנג־אָן געפּלאנטע רעפארמען, וואס זאָלן פארגרינגערן דאָס לעבן פון דער ארימער באפעלקערונג: 1) באזארגן די ארבע־טער מיט בעסערע וואוינונגען און פארקלענערן דאָס דירה־געלט; 2) איינפירן אָן אכט־שטונדיקן ארבעט־טאָג דאָרטן, וואו עס איז נאָך ניט איינגעפירט; 3) פארגרינגערן די לאגע פון די הויז־באדינער, פון די דינסט־מיידלאך, וואָס זיינען פאר־בליבן פארשקלאפט ווי פריער, פאר דער רעוואָלוציע; 4) קומען

באַדייטנדיק צו הילף די גרויסע צאָל אינוואַלידן — קרבנות פון דער מלחמה, — אָרגאַניזירן זיי אין אַ באַזונדערן פאַרבאַנד, שאַפן פאַר זיי אַ קלוב, ווערקשטאַטן, וואו זיי וואָלטן געקאָנט זיך צופּאַסן צו אַן אַרבעט, עפּעס פּראָדוצירן און ווערן מיט מענטשן גלייך.

די אַלע אָנגעוויזענע פּראָגן זיינען שוין לאַנג געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדנונג פונ׳ם סאָוועט. נאָר די „הויכע פּאָליטיק", מיט וועלכער דער סאָוועט איז געווען זייער פאַרנומען, — פון איין זייט, און פון דער אַנדער זייט די געגנערישע שטעלונג צו די אַלע פראגן פון דער „דעמאָקראַטישער דומע", וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די באַלעבאַטישע אינטערעסן, — דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, וואָס די גויט־באַדערפטיקע לעבנס־פראגן זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. איצט האָט דער פּרעזידיום זיך געכאַפּט וואָס שנעלער ערליידיקן די פראגן און דורכפירן זיי אין לעבן. אויף ספּעציעלע מיטינגען, אָרגאַניזירט פונ׳ם סאָוועט, איז קיסעלענקאָ אַרויסגעטראָטן, פּראָקלאַמירנדיק די נייע צילן, וואָס דער סאָוועט האָט אָנגעמערקט אין זיין נאָענטער טעטיקייט:

— נאָר... כדי די דאָזיקע צילן זאָל דער סאָוועט קענען דערגרייכן — האָט קיסעלענקאָ גע׳טענה׳ט, — מוזן די ברייטע האָרעפּאַשנע מאַסן שטיין אויף דער וואַך און באַשיצן דעם סאָוועט קעגן די יעניקע, וועד ווייסט פון וואַנען און מיט וואָס פאַר אַ צילן אָנגעקומענע מענטשעלאַך, וואָס פאַרמעסטן זיך דערנידערן דעם סאָוועט!...

גערעדט און געטאָן. ניט באַראַטנדיק זיך שוין מער מיט דער „דומע". ווי פריער, האָט דער פּרעזידיום פונ׳ם סאָוועט זעלבסטשטענדיק אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, לויט וועלכן אַלע אַרבעטער פון פאַבריקן און ווערקשטאַטן צאָלן העלפט דירה־געלט לגבי דעם, וואָס זיי צאָלן איצט.

צום ערשטן מאָל האָט דער סאָוועט אָנגערירט די אינטערעסן פון די אייגנטימער. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס צאָרן

מצד דער „דעמאָקראַטישער דומע". און אף א פאַרמאַכטער עקסטרא זיצונג איז קיסעלענקאָ דאָרט אַטאַקירט געוואָרן פאַר זיין „דיקטאַטאָרישער ריכטונג און באָלשעוויסטישער טאַקטיק"...

נאָך גאָר א גוואַלדיקע מהומה האָט אַרויסגערופן (ספּעציעל אין די „דאַמען־קרייזן") דער ריזיקער מיטינג פון די דינסט־מיידלאַך, וואו דער זעלבער קיסע־ענקאָ איז אַרויסגעטראָטן אלס דער הויפּט־רעדנער. שאַרפע מעכטיקע רייד וועגן דער „עקלהאַפטער בורזשואזיע", וועגן די „בלוטיקע עקספּלואַטאַטאָרס" האָבן אף דאָס ניי אויפגעבליט אף קיסעלענקאָ'ס ליפּן. אין אים האָט זיך דערוועקט דער אַלטער קעמפער־סאָציאַליסט... נאָך דער עכט־באָלשעוויסטישער רעדע האָט קיסעלענקא באַלד אפּ'ן פּלאַץ פאַרעפנטלאַכט א נייעם געזעץ, לויט וועלכן „אַלע הויז־באַדינער און באַדינערינס טאָרן ניט אַרבעטן מער ווי אַכט שעה אין טאָג, מוזן האָבן א באַזונדערן צימער בא די באַלעבאַטים און פאָדערן צו זיך אן אנשטענדיקע באַציאונג".

מיט רעוואָלוציאָנערע לידער האָט נאָכ'ן מיטינג דורכגעמאַרשירט איבער די גאַסן פון שטאָט א מחנה דינסטמיידלאַך אין סיטצענע טיכלאַך, אין דאָרפישע קליידלאַך — מיט קיסעלענקאָ'ן און נאָך מיט אייניקע מיטגלידער פונ'ם פּרעזידיום פאַראויס. נאָך די מאַרשירנדיקע דינסטמיידלאַך איז נאָכגעגאַנגען א גרויסער עולם, וואָס האָט מיטגעהאָלפן זינגען. און פּלוצלינג האָט א שטאַרקע שטים — דאָרט, צווישן עולם — הויך, פאַרהילכנדיק דאָס געזאַנג אויסגעשריען:

— נידער מיט דער בורזשואזיע!

— זאָל לעבן אן אַרבעטער־רעגירונג!

— די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן!

און די מאַרשירנדע טיכלאַך און „ספּידניצעס" האָבן באַגייסטערט אויפגעכאַפּט דעם אויסרוף:

— ניי־דער! ניי־דער!

— די גאַנצע מאַכט צו די סאָוועטן!!!

אין אָט דער קאָביקער צייט זיינען אויך ארויסגעשוואומען לינקע עס־ערן.

ביז אָנהייב יולי, 1917, זיינען בא אונז אין שטעטל קיין לינקע עס־ערן, אלס א באזונדערע פּאָליטישע ארגאניזאציע, ניט געווען. די קליינע גרופּע עס־ערן, וואס האָט עקזיסטירט, איז געווען צעטיילט אַף „לינקע", „רעכטע" און „צענטער" — און ניט געקוקט אַף די אלע ריכטונגען, איז עס געווען איין אַלגעמיינע אָרגאניזאציע.

אין אָנהייב יולי, באלד נאָך דעם אונטערדריקטן אויפשטאנד פון די באָלשעוויקעס אין פּעטראָגראד, האָבן זיך בא אונז אין שטעטל באוויזן א יונגע פּאָר־פּאָלק — גאָרבענקאָ. ער — א געוועזענער „זעמליעמער" און זי — א געוועזענע דאָרפישע לערערין. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך מיט זיי באקענט אין דער רעדאקציע פון אונזער „איזוועסטיא". ער האָט געבראַכט א גרויסן ארטיקל, זי — רייזע־בילדלאך.

גאָרבענקאָ איז געווען א מאן פון א יאָר 35, האָט געטראָגן א קליין שפּיציק געל בערדל און גרויע ברילן אפ'ן עטוואס פּלאכן נאָז. די פרוי זיינע — א דארע, אפּגעצערטע, מיט א לאנגער קלאָר־ווייסער האלז און מילדע קינדערשע געזיכט־שטריכן, — האָט אויסגעזען ווי א יונג מיידל פון פּריציש'ן שטאם (ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז זי געווען א באוואוסטן גענעראל'ס א טאָכטער).

— גוט־מאָרגן, חבר! — האָט ער מיך באגריסט מיט זיין פעסטער באסאָווער שטימע, — ווען קען מען דאָ איבערגעבן א וויכטיקן ארטיקל?

איך האָב אים געענטפערט, אז איך בין א מיטגליד פון דער רעדאקציאָנס־קאָלעגייע און קען דעם ארטיקל צונעמען.

— ניין, איך וויל וויסן, ווען וועט עס זיין געדרוקט. דאָס טאָר ניט אָפּגעלייגט ווערן!

זיינע ווערטער האָבן געקלונגען, ווי א באפעל...

איך האָב אים קאַטעגאָריש געענטפערט, אז וויכטיקע

אינטערעסאַנטע אַרטיקלען ווערן בײַ אונדז ניט אָפּגעלייגט אויף לאַנג, און אויב ער וויל וויסן מיין מיינונג, קען איך אים טאָן די געפעליקייט און באַלד עס דורכקוקן.

— אויב אַזוי, טאָ קוקט דורך מיינע רייזע־בילדלאַך אויך, — האָט זיך אָפּגערופן זיין פרוי מיט אַ מילדן קינדערשן שמייכל.

איך האָב זיי געבעטן זיצן און גענומען דורכקוקן דעם מאַטעריאַל. דער אַרטיקל האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווערן איינדרוק: צו לאַנג, צו האַמאַטנע, די שפּראַך אַ שווערע, פול מיט „איזמען", — גאָרניט לעזבאַר פאַר דעם פשוט'ן אַרבעטער־לעזער. די רייזע־בילדלאַך, פאַרקערט, זיינען געווען זייער שיין אָנגעשריבן, לעבעדיק און אינטערעסאַנט.

— אָט אַזעלכע בילדלאַך וועלן מיר מיט פאַרגעניגן דריקן, — האָב איך אַ צופרידענער אַרויסגעזאָגט. וואָס איז שייך דעם אַרטיקל, איז מיין מיינונג, אַז מ'וועט עס מוזן גרונטלאַך איבעראַרבעטן, כדי עס זאָל זיין מער צוגעפּאַסט פאַר דעם פּראָסטן אַרבעטער־לעזער.

נאַרבענקאָ, דער מאַן, האָט אפנים גאָר ניט דערוואַרט אַזאַ ענטפער. מיט אַ געמאַכטן איראָנישן שמייכל האָט ער צוגענומער פון טיש זיין אַרטיקל און האָט עס אַריינגערוקט אין טאַש פון זיין מאַנטל, ווי מען רוקט אַריין אַ נאָזטיכל...

— טאַק'ס... וועלן מיר אַביסל צוואַרטן... ניט לאַנג וועט איר דאָ זיצן אין דער רעדאַקציע, ניט לאַנג...

דאָס האָט מיך אַביסל אויפגעבראַכט

— שרעקט ניט אַזוי, חבר. צי איך וועל דאָ זיצן, צי אַן אַנדערער, — דערפון וועט אייער אַרטיקל מעכניש בעסער ניט ווערן. און אויב איר דענקט, אַז אייער אַרטיקל געפין איך ניט פאַר דרוקבאַר, ווייל עס איז צו לינק, האָט איר אַ גרויסן טעות. אָט ליגט די קאָרעקטור פון אַ ריין באָלשעוויסטישן אַרטיקל, גע־שריבן פון אַ באַוואוסטן באָלשעוויק, וואָס איז ניט לאַנג געקו־מען פון ניו יאָרק. אין דעם אַרטיקל איז אַ סך מער „לינקיזם",

ווי אין אייער ארטיקל, און דאָך ווערט עס געדרוקט און מאָרגן וועט איר עס קאָנען לייענען אין אונזער צייטונג. דאָס באַ־ווייזט, אז אונזער „איזוועסטיא“ שפּיגלט אָפּ אלע פּאָליטישע ריכטונגען פון איצטיקן מאָמענט.

נאָר מיינע רייד זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן. ער איז געבליבן באַ דאָס זייניקע, אז דעם ארטיקל האָט מען פאר־בראַקירט נאָר דערפאר, ווייל ער האָט אין אים גערופן דעם ארבעטער־קלאַס ארונטערצוזעצן די ציטווייליקע רעגירונג און פארכאַפּן די מאכט מיט גוואַלד.

דאָס איז דאמאָלסט געווען דער איינציקער פונקט, וואָס האָט פאראייניקט די לינקע עס־ערן מיט די באָלשעוויקעס אין דער פראקטישער פּאָליטישער ארבעט.

מיט'ן אָנקומען פון די פּאָר־פּאָלק גאַרבענקאָ האָט אויפ־געלעבט די קוים־באַמערקבארע עס־ערן אָרגאַניזאציע. אין גיכן איז דאָרטן פארגעקומען א פאָרמעלע שפּאַלטונג און אין דער שפּיץ פון די אָפּגעטיילטע לינקע איז געשטאַנען גארבענקאָ.

דאָס האָט נאָך מער פארשטאַרקט די באָלשעוויסטישע באַוועגונג.

אויף דער טאָג־אָרדנונג איז אוועקגעשטעלט געוואָרן די פראגע וועגן נייע וואלן אין סאָוועט.

## 7.

# נייע וואַלן אין סאָוועט.

די קאַמפּאַניע פאַר נייע וואַלן האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט ווען עס זיינען דערגאַנגען צו אונז די ידיעות וועגן דער „קאָרנילאָווּשטשינאַ“. די באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן האָבן זיך צעשאָטן איבער אַלע זאַוואָדן, פאַבריקן, איבער די אַרבעטער־פאַראיינען, און עס איז זיי אומעטום געלונגען דורכצופירן (אויף גרויסע מיטינגען) רעזאָלוציעס וועגן נייע וואַלן אין „ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן“. די אַלע רעזאָלוציעס זיינען איבערגעשיקט געוואָרן צו דעם פּרעזידיום פון׳ם סאָוועט צוזאַמען מיט אַ שריפטלאַכער פאָדערונג פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע פון דעם סאָוועט, אַז ניט שפּעטער ווי אין אַ וואָך צייט זאָלן די נייע וואַלן פּראָקלאַמירט ווערן, ווייל — ווי ס׳איז געווען געזאָגט אין זייער פאָדערונג — „דער איצטיקער סאָוועט דריקט ניט אויס דעם ווילן פון די ברייטע האָרעפּשנע מאַסן“.

דער פּרעזידיום האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי די פאָדערונג דערפילן.

אַרויסלאָזנדיק אַ מודעה וועגן נייע וואַלן, האָט דער מענשעוויסטישער פּרעזידיום פון׳ם סאָוועט געלייגט פיל האָפנונג אויף צוויי גרויסע אָרגאַניזאַציעס: אויף דעם אינוואַלידן פאַרבאַנד און אויף דעם פאַרבאַנד פון די האַפן־אַרבעטער. ביידע אָרגאַניזאַציעס זיינען באַשאַפן געוואָרן מיט דער הילף פון׳ם סאָוועט, און קיסעלענקאָ מיט זיינע נאָכפאָלגער האָבן געהאַט גרויס ווירקונג אויף זיי. דער מעכטיקסטער, לויט דער צאָל מיטגלידער, איז געווען דער אינוואַלידן פאַרבאַנד. דאָ האָבן זיך פאַר־

אייניקט קליינע קרעמער, בעל־מלאכות, געװעזענע דעזערטירן... אמת'ע אינוואַלידן, וואָס האָבן טאַקע „געשמעקט פולווער", איז געווען אין אים זייער ווייניק; און אפילו די דאָזיקע זיינען אויך מערסטנטייל געווען פאַרוואונדעט אױף די פינגער פון דער לינקער האַנט, אדער לינקער פוס... אין אלגעמיין האָט דער פאַרבאַנד מיט זיך פאָרגעשטעלט א דעקלאַסירטע, פּאָליטיש־אָפּגעשטאַנענע מאַסע, בא וועלכער דער הויפּט־ציל איז געווען פערזענלאַכע אינטערעסן... אן דער שפּיץ פון דעם פאַרבאַנד זיינען געשטאַנען צוויי מענשעוויקעס און איין עס־ער, וואָס זיינען אהין דעלעגירט געווען פונ'ם סאָוועט אָנצופירן די אַרבעט.

דער דאָזיקער פאַרבאַנד איז אויך געווען באַליבט בא דער דעמאָקראַטישער דומע. די אינוואַלידן האָבן געקראָגן א גרויסן מויער פון דער שטאָט און אויך א געוויסע סומע געלט פון דער שטאָט־קאַסע אױף איינצואָרדנען א קלוב, א ביבליאָטעק, א ביליקע קיך און אַנדערע גוטע זאַכן. עס איז אויך געווען באַשלאָסן שאַפן פאַר די אינוואַלידן אייניקע וועַרק־שטאַטן, — א שוסטערשן, שניידערשן און א סטאָליאַרניע. קורץ, דער אינוואַלידן־פאַרבאַנד איז געווען איינע פון די פעסטונגען סיי בא דעם סאָוועט, סיי בא דער דעמאָקראַטישער דומע. אזא מין פעסטונג פאַר דער עקזיסטירנדיקער פירערשאַפט פון סאָוועט איז אויך געווען דער פאַרבאַנד פון די האַפן־אַרבעטער, וואָס זיינען אפילו געווען קלענער אין צאָל, נאָר האָבן געהאַלטן שטאָל און אייזן פאַר די מענשעווייקעס און רעכטע עס־ערן. וויפיל די באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן האָבן זיך ניט באַמיט ארייננכאַפּן אָט די אָרגאַניזאַציעס אין זייערע הענט, איז זיי ניט געלונגען: מ'פלעגט זיי ניט לאָזן רעדן, מ'פלעגט זיי ניט וועלן הערן...

די טעג פאַר די וואַלן זיינען דורכגעגאַנגען אין א פיבערהאַפטער טעטיקייט סיי מצד די באָלשעוויקעס, סיי מצד די מענשעוויקעס. טאָג און נאַכט זיינען אָנגעגאַנגען מיטינגען אױף די

פאבריקן, זאוואָדן, ווערקשטאטן; עס זיינען אויך פארגעקומען מאסן־מיטינגען אויף די גאסן אונטער דעם פרייען הימל — און אומעטום האָבן די באָלשעוויקעס געהאט גרויס ערפאָלג. זייערע לאָזונגען — „ברויט און פרידן פאר׳ן פאָלק", „די ערד — דעם אָרימען פויער!" — האָבן געצויגן צו זיי די ברייטע ארבעטער מאסן.

און זיי האָבן געזיגט. די גרויסע צוויי אייזן־פאבריקן — „מאטיאס" און „גריעווז" האָבן דאָס מאָל געשיקט אין סאָוועט אויסשליסלאך דעפוטאטן באָלשעוויקעס. און דאָס האָט שוין פארזיכערט א מערהייט אין סאָוועט. די קליינע צאָל דעפור־טאטן מענשעוויקעס זיינען געשיקט געווארן פון די פריער־דערמאָנטע אָרגאניזאציעס — פון די אינוואלידן און האפן־ארבעטער, — ווי אויך פון די קלענערע ווערקשטאטן. נאָר איין קיסעלענקאָ איז אויסגעקליבן געוואָרן אויך פון די גרויסע זאוואָדן: זייער ערנסט איז געווען די רעוואָלוציאָנערע טעטי־קייט פון דעם מענטשן נאָך לאנג פאר דער רעוואָלוציע און פיל מער פון דעם ערשטן טאָג פון דער רעוואָלוציע, אז אפילו די באָלשעוויסטיש־געשטימטע ארבעטער־מאסן זאָלן זיך קאָנען פון אים אָפזאָגן...

קיסעלענקאָ איז געשטאנען אין די דעפוטאטן־צעטלען פון די ביידע גרויסע זאוואָדן.

און עס האָט זיך געדוכט, אז אויך אין דעם נייעם סאָוועט וועט דער טאלאנטפולער מענשעוויסטישער פירער שפילן די זעלבע ראָלע, ווי אין דעם ערשטן סאָוועט...

אין א באשטימטן טאָג איז אין דעם שטאָט־טעאטער פאָר־געקומען די ערשטע פייערלאכע זיצונג פון דעם נייעם סאָוועט. דער גאנצער פארטער איז געווען אויסשליסלאך פאר די דעפור־טאטן. די איבעריקע פלעצער — אויף די באלקאָנען, לאָזשעס און גאלערייע — זיינען געווען פריי פאר דעם גרויסן עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דעם טעאטער נאָך באצייטנס. די בינע איז גע־ווען דעקאָרירט מיט רויטן. אין הינטער־גרונט האָבן זיך געזען

רויטע פאָנען פון אַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און פּראָפּע־סיאָנעלע פאַראיינען. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט אַ גרויסע סאַמעטענע פאָן. מיט גרויסע זילבערנע אותיות אויפ׳ן רויטן סאַמעט זיינען געווען אָנגעצייכנט די באָלשעוויסטישע הויפּט־לאָזונגען:

„נידער מיט דער בלוט־פאַרגיסונג!”

„ברויט און פרידן פאַר׳ן פאָלק!”

„די ערד — דעם ערדאַרבעטער, דעם אָרימען פויער!”

„די גאַנצע מאַכט — די סאָוועטן!”

ארום אַכט אַזייגער אין אָוונט איז שוין דאָס טעאַטער געווען געפּאַקט. אונטן אין פּאַרטער האָבן די נייע דעפּוטאַטן געהאַלטן אין פאַרנעמען די פּלעצער לויט זייער פּאָליטישער ריכטונג. די באָל־שעוויקעס האָבן פאַרנומען די לינקע העלפט פון אַלע פּלעצער; די קליינע צאָל מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן האָבן זיך ברייט צוזעצט אין דער מיט. די שטולן אויף רעכטס זיינען געשטאַ־נען פּוסט, עלנט...

באַלד האָבן זיך באַוויזן אויף דער בינע די מיטגלידער פון אַלטן פּרעזידיום מיט קיסעלענקאָ׳ן בראש און האָבן זיך צע־זעצט ביי דעם לאַנגן טיש, באַדעקט מיט רויטן געוואַנט. ביי זייער אַריינקומען האָבן זיך אַ טראָג געטאָן אַפּלאָדיסמענטן, שיטערע, ניט־לאַנג־דויערנדיקע: דאָס האָבן אַפּלאָדירט די קליי־נע גרופּע מענשעוויסטישע דעפּוטאַטן און די אינטעליגענץ, וואָס איז געזעסן אין די זייטיקע לאָזשעס, נאָענט צו דער בינע... אין דער לאָזשע ליטערא „א” איז געזעסן דער פּרעזידיום פון דער־דעמאָקראַטישער דומא בראש מיט זיין פּאָרזיצער סערגעי לוואָ־וויטש קאָנסטאַנטינאָוו. ער האָט מיט גרוים שרעק געקוקט אויף דער גוואַלדיק־גרויסער באָלשעוויסטישער פראַקציע, וואָס האָט פאַרנומען צוויי דריטל פון אַלע דעפּוטאַטישע ערטער... וואָס וועט איצט זיין? ער האָט אַזוי געגלויבט אין דעם „קאָנטאַקט” פון אַלע „לעבעדיקע כחות” פון לאַנד! כל זמן די מענשעוויקעס מיט קיסעלענקאָ׳ן אין דער שפּיץ זיינען געשטאַנען ביים רודער,

איז דער „קאָנטאַקט" געווען אַ זיכערער, נאָר איצט ? וואָס וועלן זאָגן אָט די פאַרשמאָלצענע שוואַרצע בלוזעס, וואָס וואַרפן אָן אַ פּחד מיט זייער אויסזען אַליין ? צו שטרענג און צו צאָרנ־דיק קוקן זייערע אויגן... צו שטייף און צו פאַרביטערט זיינען צונויפגעפּרעסט זייערע ליפּן...

קיסעלענקאָ — אַ בלייכער, עטוואָס ציטערנדיק, האָט גע־לאָזט וויסן, אַז די זיצונג איז געעפנט:

— אויף דער טאָג־אָרדנונג פון היינטיקער זיצונג שטייען בלויז צוויי פראַגן: 1) דער באַריכט פון דער וואָל־קאָמיסיע און 2) ערוויילונג פון אַ נייעם פּרעזידיום, צו וועלכן דער אַלטער פּרעזידיום וואָס פאַרנעמט דאָ די ערטער, וועט איבערגעבן אַלע זיינע רעכט.

אַלע, — און איך אויך אין דער צאָל, — האָבן דערוואַרט, דאָס קיסעלענקאָ, עפנענדיק די זיצונג, וועט האַלטן, ווי זיין שטיי־גער, אַ פייערדיקע רעדע. צום סוף האָט ער זיך באַנוגנט מיט די פּאָר ווערטער און באַלד געגעבן דאָס וואָרט דעם פּאָרזיצער פון דער וואָל־קאָמיסיע, חבר פעדאָרקאָוו.

פעדאָרקאָוו איז געווען אַ וואוקסיקער, ברייט־ביינקער יונג פון אַ יאָר 28, אַן עכטער גרויס־רוסישער טיפּ מיט בלאָנדע, כמעט ווייסע האָר און גרויסע בלויע אויגן. זיין פּראָסטע אַר־בעטער־שפּראַך פלעגט ער ליב האָבן באַפּוצן מיט די נייע ניט־רוסישע ווערטער, וואָס זיינען אריין אין דעם פּאָליטישען לעבן פון דעם ערשטן טאָג פון רעוואָלוציע. דער אומגליק איז אָבער געווען, וואָס ער פלעגט זיי ניט קענען אויסריידן גוט, פלעגט ער זיי צודרייען. אזוי, דאָס וואָרט „פּרעזידיום" האָט ביי אים געקלונגען ווי „פּרעאיזדיום", דאָס וואָרט „פּערספּעקטיוו" פלעגט ער ארויסריידן „פּערסקעפּטיוו" א. ד. גל. דאָך איז פעדאָרקאָוו געווען באַליבט סיי ביי די אַרבעטער־מאַסן, סיי ביי דער אינטעליגענץ, וואָס פלעגט אים מוחל זיין זיינע גרייזן פאַר זיין איינגעהאַל־טענעם כאַראַקטער און „פּראַקטישן שכל"... קורץ און זאַכלאַך האָט פעדאָרקאָוו פאָרגעבראַכט זיין באַריכט וועגן דעם גאַנג פון

די װאַלן, האָט געגעבן די נויטיקע ציפערן — װיפיל דעפּוטאַטן האָט דער אָדער יענער אַרבעטער־אַנשטאַלט און פּאָליטישע אָר־גאַניזאַציע געהאַט דאָס רעכט אויסצודערװיילן. ער האָט פאַר־ענדיקט זיין באַריכט מיט אַ רעזאָלוציע פון דער װאַל־קאָמיסיע, װאָס גיט צו, אַז די װאַלן זיינען דורכגעגאַנגען ריכטיק, לויט די געזעצן, װאָס זיינען אָנגענומען געװאָרן בנוגע דער סאָװעט־סיסטעם, און דער איצטיקער סאָװעט האָט דאָס פולע רעכט אויסדערװיילן אַ פּרעזידיום".

פעדאָרקאָװ'ס באַריכט װאָלט ניט ארויסגערופן קיין שום דעבאַטן, װען דעם יוריסט ענגעל װאָלט זיך ניט פאַרװעלן אַרויס־װייזן זיינע אַדװאָקאַטישע פיִאיקייטן...

מיט אַ געקינצלטער, „הויך־ליטעראַרישער" שפּראַך האָט ער אָנגעהויבן דערװייזן, אַז די באָלשעװיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט ניט דאָס רעכט צו האָבן אין סאָװעט אַזאַ צאָל דעפּוטאַטן, װי עס איז אָנגעװיזן געװאָרן אין דעם באַריכט:

— די באָלשעװיסטישע אָרגאַניזאַציע איז גרויס? האָט אַזוי פיל און אַזוי פיל מיטגלידער? ס'איז דאָך מער ניט װי אַן „אילוזיע"! זיי נעמען דאָך צו יעדערן אין זייער קרעמל... און איך בין זיכער, אַז די מערסטע פון זייערע מיט־גלידער זיינען געגליכן צו יענע „טויטע נפשות", װעגן װעלכע ס'האָט געשריבן אונזער גרויסער דיכטער גאָגאָל!

ענגעל'ס דרשה פול מיט אַדװאָקאַטישע פּלפּולים און הויכ־ליטעראַרישע אויסדרוקן איז אין גרעסטן טייל געװען אומפאַר־שטענדלאַך פאַר דעם פּראָסטן אַרבעטער־עולם. די באָלשעװיקעס זיינען דערביי געװען זייער פריילאַך געשטימט און אַף די הויך־פּאַטעטישע קלאַנגען פון דער רעדע פלעגן זיי זיך אָפּרופן מיט װיצן, קאָמישע באַמערקונגען:

— יעדן איינעם װעלן מיר צונעמען, נאָר אַזוינע העלדן, װי דו, װעלן מיר אָפּ'ן שװעל ניט אַרויפלאָזן!

— מיט שטעקנס פאַרטרייבן!

— בראָסי*) ענגעל! פאַרמאַך דיין פּאָנטאָן!

יעדע באַמערקונג פלעגט אַרויסרופן אַ פריילאַכן געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטן אויף די באָלשעוויסטישע פלעצער.

אַ וואָרט צו ענטפערן ענגלען האָט גענומען אונזער באַקאַנ־טער מאַטראָס. קאָרעקט און קאַלטבלוטיק האָט דער מאַטראָס קאָנסטאַטירט דעם ניט־איינגענעמען פאַקט פאַר די מענשעווי־קעס, אַז די קליינע באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע איז אויס־געוואַקסן אין אַ מעכטיקע קערפּערשאַפט, וואָס ציילט אָן אין אירע דיסציפּלינירטע רייען העכער צוויי טויזנט מיטגלידער, צווישן וועלכע ס׳איז ניט צו געפינען קיין איין אַדוואָקאַט, נאָר בלויז פּראָסטע פאַבריק אַרבעטער און אַרבעטערינס. — און אַזוי ווי מיר, אַרבעטער, זיינען צום באַדויערן ניט געבילדעט, — ווייל מיר האָבן געמוזט דעם גאַנצן לעבן אַרבעטן, כדי אַזוינע ענגעלס זאָלן זיך קאָנען לערנען אין די גימנאַזיעס און אוניווער־זיטעטן, — דעריבער קאָנען מיר ניט פאַרשטיין די טיפע און הויכע געדאַנקען פון דעם מענשעוויסטישן אַדוואָקאַט . . . און טאַקע דערפאַר געפינען מיר, אַז ס׳איז פוסטע רייד — צי מיר האָבן, צי מיר האָבן ניט קיין רעכט אויף אַזוי פיל דעפּוטאַטן.

די רעכט קריגט מען דורך קאַמף, הער ענגעל! — האָט דער מאַטראָס אומדערוואַרטעט אַ דונער געטאָן:

— און מיר האָבן אונזער רעכט אויסגעקעמפט אין אָן אָפענעם שלאַכט מיט אייך, מענשעוויקעס! און אָט האָט איר דעם רעזולטאַט! — ער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון די באָלשעוויסטישע פלעצער:

— ווייל דער האָרעפּאַשנער אַרבעטער האָט שוין אָנגע־הויבן פאַרשטיין, אַז ניט ענגעלס זיינען זיינע פריינט! און האָט געשיקט אַהער אונז, באָלשעוויקעס, און באַסטאַ!

---

*) לאָז צו רו.

דעם מאַטראָס'עס קורצע רעדע האָט געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק און האָט ארויסגערופן שטורמדיקע אפּלאָדיסמענטן.

אַז די אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיך איינגעשטילט, האָט קיסע־לענקאָ א מידער, אַפּאַטיש א פרעג געטאָן:

— ווער וויל נאָך א וואָרט וועגן דעם באריכט?

ס'האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן.

— ס'איז אריינגעטראָגן געוואָרן א שריפטלאַכער פאָרשלאָג שליסן די דעבאַטן און גוטהייסן דעם באריכט. ווער איז קעגן דעם, זאָל אויפהויבן די האַנט!

אין דער לופטן האָט זיך באַוויזן איין האַנט, און דאָס איז געווען דעם יוריסט ענגעל'ס...

מיט שטורמדיקע אפּלאָדיסמענטן האָט דער נייער סאָוועט באַגענגט די אָפּשטימונג...

קיסעלענקאָ איז געשטאַנען און האָט געוואַרט ביז די אַפּלאָדיסמענטן וועלן זיך איינשטילן.

— איצט באַדאַרפן מיר אויסדערוויילן א נייעם פרעזידיום.

ער האָט זיך איינגעגריבלט מיט די אויגן אין דעם פיל־קעפּיקן עולם און האָט פאָרטגעזעצט:

— נאָר... איידער מיר וועלן צוטרעטן צו די וואַלן פון א נייעם פרעזידיום, — וועל איך זיך דערלויבן זאָגן עטלאַכע ווער־טער, חברים... עטלאַכע ווערטער וועגן דעם, וואָס האָט אויפ־געטאָן דער פרעזידיום, אין וועלכן איך האָב געהאַט די ערע צו זיין דער פאָרזיצער.

פּראָסט און איינפאַך, אָן שרייענדיקע ווערטער, צופּאַסנדיק זיך, קענטיק, צו דער נייער שטימונג פונ'ם סאָוועט, — האָט קיסע־לענקאָ פאָרגעבראַכט די שווערסטע מאָמענטן, וואָס דער פריער־דיקער סאָוועט און זיין פרעזידיום האָבן איבערגעלעבט:

אונז, חברים, איז אויסגעקומען אויסשטיין אַלע שוועריקייטן צו אַנטוויקלען די ברייטע פאָלקס־מאַסן, איינאָרדנען ווי עס איז דעם ביז'ן גרונט צורודערטן געזעלשאַפטלאַכן לעבן, באַקעמפן די שוואַרצע מאָנאַרכיסטישע רעשטלאָך — די אַלע זשאַנדאַרמען,

אַכראַניקעס, וואָס האָבן זיך אַ שטיקל צייט אויסגעבאַהאַלטן און איבערגעטאָנענע אין ציוויל־קליידער האָבן דערנאָך גענומען אָנ־פירן אַ פאַרברעכערישע אַגיטאַציע קעגן די „זשידעס און סאָציאַ־ליסטן". דער דאָזיקער פאַקט, וואָס די שוואַרצע רעאַקציע איז באַזיגט געוואָרן — דאָס אַליין באַווייזט די ערפאָלגרייכע טעטי־קייט פון דעם ערשטן „סאָוועט ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו", וועלכער איז אַ באַוואָפנטער געשטאַנען אויף דער וואַך און שטייף געהאַלטן די פאָן פון אונזער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע!

אָפּוואַרטנדיק ביז די אָפּלאָדיסמענטן האָבן זיך איינגעשטילט, — האָט קיסעלענקאָ אַ באַגייסטערטער פאָרטגעזעצט:

— דער אַלטער סאָוועט קען מיט פולע רעכט זאָגן, אַז אין זיינע הענט איז פאַקטיש געווען סיי די פּאָליטישע, סיי די גע־זעלשאַפטלאַכע מאַכט פון שטאָט און דאָרף! אָן דער ערלויבניש פון סאָוועט, אָן זיין באַשטעטיקונג איז קיין באַשלוס פון דער שטאָטישער דומע ניט פאַרווירקלאַכט געוואָרן! זי האָט דאָס רעכט ניט געהאַט זעלבסטשטענדיק דורכפירען אירע באַשלוסן אָן דעם ווילן פון סאָוועט, אָן זיין פּרעזידיום. און ניט נאָר די דומע, אפילו די מיליטערישע מאַכט, ד. ה. די פאַרוואַלטונג פון אונזער גאַרניזאָן, האָט געמוזט אירע באַפעלן פריער צושטעלן צו דעם פּרעזידיום פונ'ם סאָוועט, און אַז מיר פלעגן צושטימען, ערשט דאַן האָט דער פּאָלקאָווניק פונ'ם גאַרניזאָן געהאַט רעכט די באַ־פעלן זיינע פאַרעפנטלאַכן. דער סאָוועט איז געווען יענע העכסטע אינסטאַנץ, צו וועלכער עס זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטן פון שטאָט און דאָרף. אַזוי האָט פאַרשטאַנען זיין ראָלע דער אַלטער סאָוועט. און פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ האָט ער אויף קיין רגע ניט אַרויס־געלאָזט די איניציאַטיוו פון זיינע הענט.

— דער נייער סאָוועט הויבט אָן אַ נייעם בלאַט פון אונזער רעוואָלוציע. די שוואַרצע מאָנאַרכיסטישע רעאַקציע האָט ווידער אויפגעהויבן איר קאָפּ. דאָס צייגט אונז די טרויעריקע געשיכטע מיט קאָרנילאָוו'ן. אונזער צייטווייליקע רעגירונג און איבערהויפּט

דער פּעטראָגראַדער „סאָוועט ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו” האָבן שנעל און ראַדיקאַל ליקווידירט די קאָרנילאָווּשטשינאַ. און דאָך איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז די מאָנאַרכיסטישע קאָנטער־רעוואָלוציע זאָל, אונטער דעם אָדער יענעם פלאַג, ניט שטרעבן אויסנוצן די שרעקלאַכע מפּלות אפ'ן פראָנט און די שווערע אומשטענדן דאָ אָפּ די ערטער! אָט פאַר וואָס עס איז איצט זייער וויכטיק, אין וואָס פאַר אַ הענט עס וועט זיך געפינען די מאַכט! אין דעם גרויזאַמן מאָמענט פון אונזער רעוואָלוציע באַדאַרף די רעוואָלו־ציאָנערע מאַכט זיין אין שטאַרקע הענט, אין הענט פון פּאָליטיש־רייפע, גוט־דערפאַרענע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זאָלן מיט זייער פּאָליטישן טאַקט, מיט זייער קלוגער פּאָליטיק, און געזעלשאַפט־לאַכן אינסטינקט קענען באַקעמפן די שוואַרצע כחות און פאַר־אייניקן אַלע ווירקלאַך לעבעדיקע עלעמענטן פון לאַנד, כדי צו זיין בכח באַזיגן די אויפ'סניי אויפגעלעבטע קאָנטער־רעוואָלוציע.

צו־ווינשנדיק דעם נייעם סאָוועט, אים זאָל געלינגען אויס־דערוויילן אַ ווירדיקן פּרעזידיום, ווי עס פאָדערט דער איצטיקער מאָמענט, האָט קיסעלענקאָ אונטער אַלגעמיינע אַפּלאָדיסמענטן פאַרנומען צוריק זיין אָרט.

מיט אַן ענטפער אָפּ קיסעלענקאָ'ס צוויי־שעה'דיקער רעדע איז אַרויסגעטראָטן דער לינקער עס־ער גאָרבענקאָ.

— דער געוועזענער פאָרזיצער פון דעם געוועזענעם פּרע־זידיום פון דעם געוועזענעם סאָוועט, — האָט אָנגעפאַנגען אי־ראָניש גאָרבענקאָ, — האָט ניט געזשאַלעוועט קיין רייכע פאַרבן צו כאַראַקטעריזירן די רע־וואָ־לו־צי־אָ־נע־רע טעטיקייט פון דעם אַלטן סאָוועט — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן... (אַ לוסטיקער געלעכטער). — איך וועל זיך מיט אים איצט ניט שפּאַרן, כאָטש עס וואָלט ניט געווען שווער צו דערווייזן, אַז דער אַלטער סאָוועט איז געווען ניט מער ווי אַ שפּילצייג אין די הענט פון דער בור־זשואַזיע און אַ פיליאַלע אָפּטיילונג פון דער אַזוי־גערופענער „דע־מאָ־קראַ־טי־שער דומע! (הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן). צו וואָס זאָל איך זיך מיען דאָס צו דערווייזן, אַז דער באַווייז איז דאָ אויבן

אויף: די האַרעפּאַשנע מאַסן האָבן מער דעם אַלטן סאָוועט ניט געטרויט און האָבן געשיקט אַנדערע פאָרשטייער, וואָס פאַרנעמען אַף לינקס צוויי־דריטל פון אַלע דעפּוטאַטישע פּלעצער! דאַרפט איר דען אַ בעסערן באַווייז? אָט איצט, אַז די מערהייט איז אַף דער זייט פון די „פּאָליטיש־רייפע, גוט־דערפאַרענע רעוואָלוציאָנערן", איז דאָ אַ האָפנונג אַז אונזער סאָוועט וועט ווירקלאַך ווערן די העכסטע אינסטאַנץ — ניט פון פוסטער פּלאַפּלעריי, נאָר פון אמת־רעוואָלוציאָנערער טאַט! און איך לייג פאָר ניט פאַרלירן קיין צייט אין שיינע, נאָר פוסטע דרשות און צוטרעטן צו די וואַלן פון אַ נייעם פּרעזידיום. זאָלן די וואַלן דערווייזן, אַז דער איצטיקער סאָוועט ווייסט, אין וועלכע הענט באַדאַרף זיך איצט געפינען די מאַכט. די באָלשעוויסטישע פראַקציע צוזאַמען מיט די לינקע עס־ערן לייגן פאָר פאָלגענדע נעמען אין דעם פּרעזידיום...

גאָרבענקאָ האָט פאַרעפנטלאַכט דעם באָלשעוויסטישן צעטל און האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ.

די מענשעוויקעס מיט די רעכטע עס־ערן האָבן פאַרעפנטלאַכט זייערן אַ צעטל קאַנדידאַטן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויסוויילן אַ פּרעזידיום פון ניין מענטשן און שטימען וועגן יעדן קאַנדידאַט באַזונדער — איינעם פון איין צעטל און דעם צווייטן פון דעם אַנדערן צעטל. די אָפּשטימונג איז צוגעגאַנגען שנעל, באַוואוסט־זיניק, און דער רעזולטאַט איז געווען פאָלגנדיקער: פון דעם באָלשעוויסטישן צעטל זיינען אויסערדערוויילט געוואָרן אַכט מיט־גלידער און דעם מענשעוויסטישן איינער, און דער איינער איז געווען קיסעלענקאָ. דער דאָזיקער פאַל וואָס קיסעלענקאָ איז ווידער דערוויילט געוואָרן אין דעם פּרעזידיום — מיט די שטימען פון אַ געוויסער צאָל באָלשעוויקעס, — דאָס האָט געצייגט, אַז די אַרבעטער גלויבן נאָך קיסעלענקאָ'ן, אַז זיי זעען נאָך אין אים זייערן אַ ברודער־אַרבעטער, וואָס האָט יאָרן־לאַנג געקעמפט פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס און איז נאָך ווערט צו זיין זייער פירער.

דער אויסדערוויילטער פּרעזידיום איז אויך באַגעגנט געוואָרן מיט שטורמדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

— איך... איך בעט א וואָרט! — האָט זיך פּלוצלינג דער־הערט א טרוקענער סקריפּעדיקער קול פון דער לאָזשע „איי".

אַלע האָבן זיך אומגעקוקט אהין. ביים פּארענטש פון דער לאָזשע איז געשטאַנען סערגעי לוואָוויטש קאָנסטאַנטינאָוו און נייגנדיק זיך פאַר'ן עולם האָט ער געזאָגט:

— אין דעם נאָמען פון אונזער דעמאָקראַטישער דומע, באַ־גריס איך דעם נייעם סאָוועט און זיין פּרעזידיום! פון טיפסטן הארצן ווינטשן מיר אים, ער זאָל ווירקלאַך זיין די העכסטע אינ־סטאַנץ, פון וועלכן מיר ערוואַרטן גרויס מוט און אומערמידלאַכע טעטיקייט לטובת הכלל! מיר האָפן, מיינע הערן... איך מיין, חברים, — יאָ, מיר ווילן גלויבן, אז אויך דער נייער סאָוועט און זיין ווירדיקער פּרעזידיום, וועט גיין האַנט־באַ־האַנט מיט אונז, מיט דער דעמאָקראַטישער דומע, אין אונזער שטרעבן צו טאָן דאָס בעסטע, וואָס קען אַרויספירן אונזער טייערע פאָטער־לאַנד אַפ'ן ברייטן וועג פון ערפאָלג! מיר האָבן די האָפענונג, ווייל צווישן אייך געפינען מיר אונזער באַליבטן, הויך־געשעצטן נאַאום אַניסימאָוויטש קיסעלענקאָ! קאָנטאַקט, מיינע הערן! קאָנ־טאַקט! דאָס איז דער איינציקער וועג, וואָס קען ברייננגען גליק און ערפאָלג אונזער לאַנד און אויך... ע... דער רעוואָלוציע... און מיט פאַראייניקטע קרעפטן וועלן מיר ראַטעווען אונזער גרויסע הייליקע רוסלאַנד!...

8.

# נאָך די וואַלן.

דער דורכפאַל פון די מענשעוויקעס און עס־ערן אין די וואַלן פון סאָוועט האָט אריינגעטראָגן אַ מהומה אין די רייען פון דיביידע אָרגאַניזאַציעס: זיי האָבן זיך פאַרלאָרן און צוטומלט. נאָך אַ גרעסערער פּחד איז אָנגעפאַלן אױף דער „דעמאָקראַטישער דומע"... די „דעמאָקראַטיע" האָט באַלד דערשפּירט, אַז איר קאָרט איז געשלאָגן און עס רוקט זיך אָן אַ גרויסע צרה...

פאַר די נייע וואַלן פלעגן זעלטן פאָרקומען געהיימע באַראַטונגען — סיי באַם סאָוועט, סיי באַ דער דעמאָקראַטישער דומע. אפילו די זיצונגען פון זייער פּרעזידיום פלעגן זיין באַ אָפענע טירן, פאַר אַ גרויסן עולם, וואָס איז — נאָך דעם פאַלן פון צאַריזם — געוואָרן זייער נייגעריק צו זען און הערן, וואָס קומט פאָר אױף די זיצונגען, באַראַטונגען, מיטינגען א. ד. ג.

נאָר נאָך די וואַלן אין סאָוועט האָט זיך דאָס פּאָליטישע לעבן איינגאַנצן געענדערט. ס'זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן די רוישיקע טויזנט־קעפּיקע פאַרזאַמלונגען, ס'האָבן זיך געשלאָסן די טירן באַ די זיצונגען און באַראַטונגען, סיי אין סאָוועט און סיי אין דער דעמאָקראַטישער דומע. די „דעמאָקראַטיע" — אַ דערשראָקענע, אַ דערשלאָגענע, — האָט זיך פאַרבאָרגן, פאַרטייעט, און אין דער שטיל זיך גע'סוד'עט, געוואָרט: וואָס וועט זיין?...

דאָס זעלבע איז געווען אויך אין דעם סאָוועט. אַנשטאָט די פריערדיקע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן פראַקציאָנעלע געהיימע באַראַטונגען — די מענשעוויקעס באַזונדער, די באָלשעוויקעס באַזונדער; אויך די עס־ערן באַזונדער...

ווי אַ שוואַרצער וואָלקן, האָט זיך צעשפּרייט דאָס געהיימניס, פאַרבאָרגעניש, אומזיכערקייט...

דער ברייטער עולם האָט ניט געוואוסט, ווער איז איצט פאָר־זיצער פון דעם סאָוועט; ס׳זיינען ארומגעגאַנגען קלאַנגען (און דאָס פלעגן די מענשעוויקעס פארשפּרייטן), אַז די באָלשעוויקעס ווילן קיסעלענקאָ׳ן פאַר אַ פאָרזיצער, נאָר ער זאָגט זיך אָפּ. דער אמת איז אָבער געווען, אַז אין דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף וועגן אַ פאָרזיצער. ס׳האָבן געקעמפט דריי ריכטונגען: איין טייל האָט געפאָדערט, אַז קיסעלענקאָ זאָל בלייבן אַף ווייטער פאָרזיצער, ווייל ער באַזיצט די נויטיקע פייאיקייטן; אַ צווייטער טייל האָט וועגן דעם ניט געוואָלט הערן: „בלויז אַן אויסגעשפּראָכענער באָלשעוויק באַדאַרף שטיין אין דער שפּיץ פונ׳ם סאָוועט!"; אַ דריטער טייל — און דער גרעסטער — איז געווען פאַר דעם, אַז אין דעם איצטיקן מאָמענט וואָלט געפּאַסט פאַר אַ פאָרזיצער אַזאַ, ווי חבר פעדאָרקאָוו.

פעדאָרקאָוו איז געווען אַ מיטלמעסיקער באָלשעוויק, אַן אָנ־הייגנער פון יענער פּאָליטישער ריכטונג, וואָס איז באַשאַפן גע־וואָרן דורך מאַקסים גאָרקי׳ס צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן". די מענ־שעוויקעס האָבן אים ניט געזען אַזאַ פאַרביטערטן געגנער, ווי אין אַנדערע באָלשעוויקעס. אויך די „דעמאָקראַטיע" האָט צו אים געהאַט צוטרוי. און דאָס איז טאַקע אויסן געווען דער גרעסטער טייל פון דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע. די באַ־ראַטונגען בײַ די באָלשעוויקעס האָבן זיך אָלץ געצויגן, און קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער וועט ענדלאַך זיין פאָרזיצער. גראַד אין דער זעלבער צייט האָט די מענשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע פּלוצ־לינג אָפיציעל אָפּגערופן פון פּרעזידיום איר פּאַרטיי־מיטגליד, קיסעלענקאָ. אין דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אַף אַן עקסטראַ זיצונג און צוגעשיקט געוואָרן אין דער „איזוועסטיאַ" צו פאַרעפנטלאַכן, איז געווען געזאָגט:

„די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (מענשעוויקעס) רופט אָפּ איר פּאַרטיי־מיטגליד, קיסע־

לענקאָ, פון דעם פּרעזידיום פונ'ם סאָוועט, ווייל זי זעט ניט איין די מעגלאַכקייט צו נעמען אַף זיך די פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר די טאַטן פון איצטיקן סאָוועט און זיין פּרעזידיום."

דער דאָזיקער פאַקט האָט נאָך מער פאַרהילט דעם נייעם סאָוועט אין געהיימניס, און פון טאָג צו טאָג האָט מען דערוואַרט גרויזאַמע געשעענישן... די געהיימע באַראַטונגען פון דער דעמאָ־קראַטישער דומע זיינען געוואָרן אָפטער. דאָרטן איז אויך אָנ־געגאַנגען אַ פיבערהאַפטע ארבעט, ווי צו באַגעגענען די באָלשע־וויסטישע גוואַלד־טאַטן...

די אָרגאַניזאַציעס פון רעכטע פאַרטייען האָבן ניט געשלאָפן. די מענשעוויקעס האָבן פאַררופן אַ זיצונג פון פאָרשטייער פון אַלע רעכטע פאַרטייען: עס־ערן, בונד און פועלי־ציון. אַף דער זיצונג איז געשאַפן געוואָרן אַ „צווישן־פאַרטייאישער קאָמיטעט", וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט פון די אַלע רעכטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. אַף דער באַראַטונג האָט קיסעלענקאָ ארויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז די פּאָליטישע אומ־שטענדן אין שטאָט זיינען אַזעלכע, דאָס עס קען פּאַסירן אַן אויס־ברוך פון די שוואַרצע עלעמענטן, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך דעם רעכטן, שוואַרצן פליגל פון דער דעמאָקראַטישער דומע, קעגן דעם באָלשעוויסטישן סאָוועט. עס מוז געשאַפן ווערן אַן אָרגאַניזירטע „מאָראַלישע" קראַפט, וואָס זאָל שטיין אַף דער וואַך צו פאַר־טיידיקן די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז אין געפאַר סיי פון לינקס, סיי פון רעכטס...

די אַלע פאָרברייטונגען זיינען געוואָרן צו נישט, ווי נאָר ס'איז געוואָרן באַוואוסט, אַז פעדאָרקאָוו איז דער פאָרזיצער פונ'ם סאָוועט...

די דעמאָקראַטישע דומע האָט פריי אָפּגעאָטעמט. באַלד איז דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אַלגעמיינע זיצונג, אַף וועלכער דער לינקער פליגל און אפילו דער צענטער האָט קאָנסטאַטירט, אַז „די געפאַר איז פאָריבער"...

בלויז דער רעכטער, שוואַרצער פליגל איז געבליבן בא זיינס:

ער האָט פאַרט געזעצט זיינע פאַרבאַרייטונגען אַף די געהיימע זי־צונגען צוזאַמען מיט איינצעלנע פאַרשטייער פון דעם אינוואַלידן־פאַרבאַנד...

---

דער חודש סעפּטעמבער, ווי אויך די ערשטע העלפט פון אָקטאָבער 1917 זיינען בא אונז אין שטעטל דורכגעגאַנגען אין פּראַקטיצאָנעלע רייסערייען, סיי אויסערלאַכע — צווישן איין פּאַרטיי און דער צווייטער, סיי אינערלאַכע — אין די פּאַרטייען גופא. יעדע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אירע אייגענע „לינקע” און „רעכטע”, וואָס האָבן זיך צווישן זיך געריסן נים ווייניקער, ווי די אָרגאַניזאַציעס איינס מיט דאָס אַנדערע. דער לינקער פליגל פון דער מענשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע האָט גע־האַט א שטאַרקע נייגונג צום רעכטן פליגל פון די באָלשעוויקעס, וועמעס פירער איז געווען פעדאָרקאָוו — און אָט די מענשעוויסטי־שע „לינקע” פלעגן זיך גוואַלדיק היצן אַף זייערע אָרגאַניזאַציאָנס־פאַרזאַמלונגען: ס'פלעגט בא זיי ממש דערגיין ביז געשלעגן. נאָר די זעלבע „לינקע” מענשעוויקעס, וואָס האָבן זיך א נאָמען געגעבן „אינטערנאַציאָנאַליסטן”, אין די דיסקוסיעס אפילו מיט די רעכטע באָלשעוויקעס, פלעגן מיט שוים אַף די ליפּן פאַרטיידיקן „קאָאַליציע” מיט דער בורזשואַזיע.

דאָס זעלבע פלעגט פאָרקומען ביי די באָלשעוויקעס. דער לינקער פליגל, וואָס איז געווען אָנגעפירט דורך די אָנגעקומענע פון אַמעריקע חברים, האָט זיך געריסן צושמעטערן די דומע, צו־טרייבן די אַזוי־גערופענע „דעמאָקראַטן” און איינמאָל פאַר אַלע־מאָל אָפּרעכענען זיך מיט די אויסגעשפּראָכענע מאַנאַרכיסטן. דער רעכטער פליגל, אונטער דער פירערשאַפט פון פעדאָרקאָוו, האָט, פאַרקערט, געשטרעבט צו א פרידלאַכער פּאָליטיק; פאַר־שטייט זיך, צייטווייליק, ביז די פראַגע פון ארייננעמען די גאַנצע מאַכט אין די הענט פון סאָוועט, וועט געלייזט ווערן דאָרט, אין פעטראָגראַד — אין אַלרוסלענדישן מאַסשטאַב...

גראָד אין דער טומלדיקער צייט איז אַריינגעפאַלן צו אונז אין שטעטל די באַוואוסטע לינקע עס־ער׳קע, מאַריאַ ספּירי־דאָנאָוואַ. זי איז ניט געקומען ספּעציעל צו אונז, נאָר פּאָרנ־דיק אין אָדעס, דוכט זיך, צום פּראָצעס פון דעם לינקן עס־ער, דאָנסקאָי, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ טאָג אין אונזער שטאָט. די ידיעה וועגן איר קומען האָט זיך, ווי אַ בליץ, פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, און אין די קרעמערישע און סתם־באַלעבאַטישע קרייזן האָט מען אָנגעהויבן זיך שושקען, אַז דאָס האָט דער באָלשעוויסטישער סאַוועט אַראָפּגעבראַכט די גרויסע רעוואָלוציאָנערקע, זי זאָל אים העלפן פאַרניכטן די פרייהייט...

די דאָזיקע קלאַנגען זיינען געווען אַף אַזוי פיל ערנסט, אַז די דעמאָקראַטישע דומע האָט אין דעם זעלבן טאָג אָפּגע־האַלטן אַן עקסטרא זיצונג, אַף וועלכער דער פּאָרזיצענדער, קאָנסטאַנטינאָוו, האָט אָנגעוויזן, אַז די „פּאָליטישע סיטואַציע“ ווערט אַלץ מער און מער פאַרפּלאָנטערט; ער פילט זיך ניט דאַריבער בכח אָנצופירן די אַרבעט פון דער דעמאָקראַטישער דומע, וואָס איז לחלוטין אַ „פינפטע ראָד צום וואָגן“... חוץ דעם מוז ער, צוליב זיין געזונט־צושטאַנד, פאַרלאָזן די שטאָט...

דער אָרימער קאַדעט, קאָנסטאַנטינאָוו, האָט זיך פּשוט דערשראָקן. דעם גלויבן אין אַ „קאָנטאַקט“ האָט ער שוין לאַנג פאַרלאָרן, נאָך אין דעם זעלבן טאָג, ווען קיסעלענקאָ איז אַרויס פון פּרעזידיום... היינט צו וואָס דאַרף ער זיך אַריינ־דרייען אין דעם פּלאָנטער און שפּילן מיט פייער? אַ סך גלייכער וועט זיין — אַריבערפּעקלען זיך אין קרים, וואו ער האָט געהאַט אַן אייגענע דאַטשע, און דאָרט איבערוואַרטן און זען, מיט וואָס וועט זיך די שפּיל ענדיקן...

אין דעם זעלבן טאָג איז אויך פאָרגעקומען אַ פאַרמאַכטע זיצונג באַ די לינקע עס־ערן צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס, ספּעציעל צוליב דעם גאַסט, מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ, וואָס האָט

אינפאָרמירטביידע עקסטרעמע אָרגאַניזאַציעס וועגן דעם פּאָ־ליטישן צושטאַנד אין פּעטראָגראַד.

איך האָב זיך געאײַלט פאַרענדיקן פאַר־פרי די ארבעט אין דער רעדאַקציע, כדי כ׳זאָל קאָנען זײַן אויף דער פאַרזאַמ־לונג. אַז איך בין געקומען צולויפן אין סאָוועט, וואו די פאַרזאַמלונג האָט באַדאַרפט זײַן, האָב איך געטראָפן אַזאַ בילד: אין דעם גרויסן זאַל זײַנען בײַ אַ טיש געזעסן אַ גרופּע מענשעוויקעס, צווישן זיי אויך קיסעלענקאָ, צעלייגט די פיס אויף אַ שטול, און לאַזנדיק וואָלקנס רויך פון זײַן ליולקע. עס איז געווען שטיל, די פּנים׳ער אַפּאַטיש, פאַרשלאָפן...

— וואו איז די פאַרזאַמלונג? — האָב איך פאַרוואונ־דערט אַ פרעג געטאָן.

— דאָרטן, אין דעם צימער פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, — האָט קיסעלענקאָ אַ מאַך געטאָן מיט זײַן קאָפּ האָר אין דער ריכטונג פון דעם צימער. — צו שפּעט ביסטו געקומען, מ׳וועט דיך ניט אַרײַנלאָזן...

איך בין שנעל צוגעגאַנגען צו דער טיר. די טיר איז גע־ווען פאַרשפּאַרט. כ׳האָב אַ קלאַפּ געטאָן. אַן אומבאַקאַנטער חבר האָט די טיר עטוואָס אַן עפן געטאָן. איך האָב נאָר צײַט געהאַט צו באַמערקן, ווי דער קלײנער צימער איז געווען אָנ־געפּאַקט מיט מענטשן, אין פאַרשמאָלצענע זשאַקעטלאַך, סאָל־דאַטסקע העמדלאַך; די לופט איז געווען געדיכט פון רויך, שטויב און שווייס. אויך האָב איך באַמערקט מאַריאַ ספּי־רידאָנאָוואַ׳ס גרוי־שוואַרצע אויגן און לאַנגע צעפּ. אַרײַנגיין איז געווען אוממעגלאַך: ניט געווען וואוהין. און די טיר האָט זיך ווידער באַלד צוגעמאַכט.

— וואָס, ברודער... מ׳לאָזט ניט אַרײַן?... — האָט זיך קיסעלענקאָ שפּאָטיש צעלאַכט.

אַן אומעטיקער האָב איך זיך צוגעזעצט צום טיש. די מענשעוויקעס און עס־ערן האָבן געשפּאַסט, זיך געווערטלט וועגן ספּירידאָנאָוואַ, וועגן די באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן.

זייערע וויצן זיינען געווען זייער פּלאַכע: ס'האָט זיך געשפּירט אין דעם אַ ביטערער פּאַרדרוס, אַ בענקעניש נאָך דעם גאָר־ניט־לאַנג געוועזענעם גלאַנץ פון זייער פּאָליטישער מאַכט...

און פּלוצלינג איז מיר אַזוי קלאָר געוואָרן, אַז דאָ, בּאַ דעם טיש, זיצן „געוועזענע מענטשן", אָפּגעשלאָגענע הושענות... בשעת דאָרטן, הינטער דער צוגעמאַכטער טיר, אין דעם קליי־נעם צימער, איבערגעפּאַקט מיט אַרבעטער, גלייך פון פאַבריק, — זיינען נייע מענטשן, פּליסט אַ נייער שטראָם, ער וואַקסט און קאָכט און ברויזט...

און ס'איז מיר אויך קלאָר געוואָרן, אַז די גאָלדענע צייט פון דער „פרידלאַכער בלוטלאָזער רעוואָלוציע" איז שוין פאַרי־בער, און עס קומט אָן עטוואָס נייעס, גרויזאַמעס...

— יאָ, עס גייט די אמת'ע רעוואָלוציע! אָט־אָט וועט זי אויסברעכן מיט פייער, מיט פלאַם און מיט בלוט — און וועט ביז'ן גרונט צעשמעטערן דאָס אַלטע, אויסגעוועפּטע לעבן...

---

באַלד נאָכ'ן אָפּפאָרן פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ איז די שטי־מונג ביי די באָלשעוויקעס און עס־ערן געוואָרן אַ געהויבענע. ס'האָט זיך דערפילט אַ זיכערקייט אין דער פּאָזיציע פון די, וואָס האָבן געשטרעבט וואָס שנעלער אויסנוצן די גינסטיקע געלעגנהייט — אריינגעמען די גאַנצע מאַכט אין די הענט פון סאָוועט און פּראָקלאַמירן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. פעדאָרקאָוו'ס שטעלונג איז באַלד אָפּגעשוואַכט געוואָרן: אַ סך פון זיינע אָנהענגער זיינען פון אים אָפּגעטראָטן און אריבער צום לינקען פליגל פון סאָוועט.

צו דער צייט איז צו אונז אין שטאָט אָנגעקומען אַ מילי־טערישע אָפּטיילונג, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די רעשטלאַך, וואָס זיינען געבליבן פון אייניקע צופליקטע פּאָלקן אָפ'ן פראָנט. מ'האָט געשמועסט, אַז די רעשטלאַך האָט מען בכיון אָפּגעשיקט טיף אין לאַנד, אין אַ קליין שטאָט, אויסהאַלטן

זיי דאָ א געוויסע שטיקל צייט, אויסמושטירן, און דערנאָך ווידער אָפּשיקן אַפּ'ן פראָנט...

די באָלשעוויקעס און עס־ערן האָבן זיך תיכף גענומען פאר דער ארבעט. צווישן די אָפיצערן האָט זיך געפונען א פּראַ־פּאָרשטשיק מיט'ן נאָמען סמעקאַלאָוו, וואָס איז געווען א לינקער עס־ער. מיט דער הילף פון דעם פּראַפּאָרשטשיק האָבן די באָלשעוויקעס און עס־ערן גאָר אין א קורצער צייט, אָן טומל, אָן ליארעם, געוואונען דעם גאנצן פּאָלק אַף זייער זייט; די דעפּוטאַטן, וואָס זיינען געווען אויסגעקליבן פון דער גאַנצער אָפּטיילונג אין סאָוועט, זיינען אלע אריין אין דער באָלשע־וויסטישער פראקציע. דאָס האָט אָנגעיאָגט א שרעק אַף די אָפיצערן; זיי האָבן באלד איינגעזען, אז דער פּאָלק איז ארויס פון זייער רשות און זיי זיינען ניט זיכער מיט אים...
דער פּאָלקאָווניק, ווילגע, וואָס איז געשטאַנען בראש פון אָט דעם „סוואָדני פּאָלק", האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, אז מ'זאָל די אָפּטיילונג אָפּרופן פון שטאָט. נאָר די העכערע אינסטאַנץ האָט זיך אַפּנים ניט געאיילט, און קיין באַפעל אַף צו פארלאָזן די שטאָט האָט דער פּאָלקאָווניק ניט באקומען. האָט זיך דער פּאָלקאָווניק א וואָרף געטאָן צו דער דעמאָקראַטישער דומע, זי זאָל אָננעמען די נויטיקע מיטלען קעגן דער „באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע" אין פּאָלק. נאָר דאָרטן האָט געהערשט א מיש־מאַש. דער פּאָרזיצער, קאָנסטאַנטינאָוו, האָט פארלאָזן זיין פּאָסטן, און קיין אַנדער פּאָרזיצער האָט מען נאָך ניט אויס־דערוויילט. צווישן די צאָלרייכע „פּארטייען", וואָס זיינען געווען פארטראָטן אין דער דומע — אָנהויבנדיק פון די אָקטיאַבריסטן און קאַדעטן פון כל המינים און אויסלאָזנדיק מיט די מענשע־וויקעס און עס־ערן — איז אָנגעגאַנגען א ביטערער קאַמף וועגן א פּאָרזיצער. די שוואַרץ־מאה'ניקעס האָבן געוואָלט ארויפזעצן דעם געוועזענעם פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו פאר א פּאָרזיצער. צו באַקעמפן די שוואַרצע הברה האָבן זיך פאראייניקט אלע „פּראָ־גרעסיווע עלעמענטן" און דאָ האָבן די מענשעוויקעס און עס־ערן

געפונען אַ ברייטן פעלד פאַר זייער „רעוואָלוציאָנערער" טעטי־קייט. דאָ האָבן זיי געקילט זייער האַרץ נאָכ'ן דורכפאַל אין סאָוועט...

דאָך ארויסשטעלן אַן אייגענעם קאַנדידאַט האָבן זיי ניט געוואָלט. — צי ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַ נייעם דורכפאַל, צי אויס אַנדערע טעמים. צווישן די קאַדעטן איז קיין פּאַסיקע פּערזאָן ניט געווען. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ פּער־זענלאַכקייט, אַרום וועלכער עס זאָלן זיך קאָנען פאַראייניקן אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן, און אַזאַ פּערזענלאַכקייט האָבן די מענשעוויקעס אויסגעפונען: זיי האָבן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון דאָקטאָר ניימער, וואָס האָט פאַרטראָטן אין דער דומע אי די אידישע, אי אויך אַ גרעסערן טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ. די קאַנדידאַטור האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ געלונגענע. ערשטנס, האָט דאָס באַדאַרפט צייגן, אַז די דומע איז טאַקע דעמאָקראַטיש און פּראָגרעסיוו, ווייל זי איז זייער גלייכגילטיק צו רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט; צווייטנס, איז דאָקטאָר ניימער געווען עכט־פּראָגרעסיוו, „כמעט אַ סאָציאַ־ליסט" און אומפּאַרטייאיש... דערפאַר טאַקע האָבן די מענ־שעוויקעס געהאַלטן פאַר אים שטאָל און אייזן. צו אַלעמען איז דאָקטאָר ניימער געווען זייער אַן אַנגעזעענער מענטש אין שטאָט. ער איז געווען זייער באַליבט פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג, סיי פון שטאָט, סיי פון דאָרף, איבערהויפּט פון די אָרימסטע שיכטן פון פאָלק — פאַר זיין אומערמידלאַכער טעטי־קייט אַלס דאָקטאָר, וואָס האָט מיט גרויס ליבשאַפט און אויפ־מערקזאַמקייט זיך באַצויגן צו די קראַנקע, איבערהויפּט צו די פאַרפיינקטע פון שווערן לעבן. אפילו די שוואַרץ'מאָה'ניקעס האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ...

דאָס האָבן טאַקע אין זינען געהאַט די מענשעוויקעס, אַרויסשטעלנדיק דאָקטאָר ניימער'ס קאַנדידאַטור. זיי האָבן נאָר מורא געהאַט, אַז די אַלע איוואַנאָווס, בושס און וואַסיליעווס זאָלן ניט אויפהויבן אַן אַנטיסעמיטישע העצע קעגן ניימער'ן

אַלס אידן. נאָר זייער מורא איז געווען אָן אומזיסטע. די פּאָ־
ליטישע אומשטענדן זיינען געווען אין אַלגעמיין אַזעלכע, אַז
עס האָט זיך גאָר ניט געלוינט גראָדע פון דעם שטאַנדפּונקט
באַקעמפן ניימער׳ס קאַנדידאַטור... און די מאָנאַרכיסטן האָבן
נעבאָך געמוזט שטיקן אין זיך דעם ווייטיק און שוויינגדיקער־
הייט צוזען, ווי די „זשידעס" געוועלטיקן איבער דעם אָרימען
רוסישן פאָלק...

ביי דער אָפּשטימונג פון דאָקטאָר ניימער׳ס קאַנדידאַטור
אַלס פאָרזיצער פון דער דומע האָבן זיי זייער האַרץ געקילט
מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך פון שטימען צוריקגעהאַלטן...

אַזוי האָבן די מענשעוויקעס און עס־ערן אָפּגעהאַלטן אַ
גרויסן „זיג" אין דער דעמאָקראַטישער דומע, וואָס איז באַשערט
געווען צו עקזיסטירן נאָך אַ קנאַפּע פאַר וואָכן צייט...

9.

# אין די אָקטאָבער־טעג.

דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט אין פּעטראָגראַד דעם 25טן אָקטאָבער (אַלטן סטיל), געמלאַך: דאָס פּאַלן פון דער צייט־ווייליקער רעגירונג און דאָס, וואָס די פּעטראָגראַדער רעוואָלוציאָנערע ארבעטערשאפט האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, — איז בא אונז, אין דער ווייטער פּראָווינץ, באוואוסט געוואָרן ערשט אין א פּאָר וואָכן ארום.

אן אומבאשטימטע אומרואיקייט האָט אין דער צייט גע־הערשט אין שטאָט — פּונקט, ווי ס'איז געווען ערב דעם פּאַלן פון צאַריזם... קיין שום עפנטלאַכע פאַרזאַמלונגען זיינען שוין א לאַנגע צייט נים פּאָרגעקומען, און דער ברייטער עולם האָט ווי געבלאָנדזשעט אין דער פינסטער, נים וויסנדיק, וואָס עס טוט זיך, וואָס ס'קאָן פּאַסירן היינט, מאָרגן... אפילו אין די באָלשעוויסטישע און לינק־עס־ערישע קרייזן האָט זיך אויך געשפּירט א גרויס פאַרלעגנהייט.

איז שוין פּאָרגעקומען דאָס, וואָס מאַריא ספּירידאָנאָוואַ האָט פאַרזיכערט?

קיין שום ידיעות — ניט פון נאָענט, ניט פון ווייט. ס'האָבן זיך געצויגן אומ'ענדלאַכע גרויע טעג און נעכט, און מ'האָט זיך געפילט, ווי אפּגעזונדערט פון גאַר דער וועלט. (ווי ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, האָט אין דעם פאַל א גרויסע ראָלע געשפּילט דער סאַבאָטאַזש פון די פּאָסט־באַאַמטע: זיי פלעגן פּשוט פאַרהאַלטן די טעלעגראַמען־באפעלן, וואָס די נייע פּראָלע־טאַרישע רעגירונג האָט צושיקט אין אַלע עקן רוסלאַנד.)

ברענענדיקע פראַגן האָבן געעגבערט דעם מח:

— וואָס טוט זיך דאָרט, אין צענטער?

— און אפשר איז די איבערקערעניש שוין פאָרגעקומען?

— און אויב ס'איז יאָ פארגעקומען, — צי האָט ניט פאסירט דאָס, וואָס עס איז געשען דעם פינפטן יולי, ווען די באָלשעוויסטישע ארויסטרעטונג איז צעשמעטערט געוואָרן?

— האָט עס געלונגען דאָס מאָל לעניג'ען און זיינע נאָכפאָלגער ארונטערצוּוואַרפן די פלאַפּלדיקע צייטווייליקע רעגירונג און ארייננעמען די מאכט אין פעסטע הענט? און אויב יאָ, — וועט די נייע מאכט אויסגעפינען די פאסיקע מיטלען, מיט וועלכע דאָס פארצאָרנטע, פארפייניקטע לאַנד וועט ארויסגעשלעפּט ווערן פון דעם זומפּ, וואוהין ס'האָבן זי פארפירט קערענסקי און מיליוקאָוו, קאָרנילאָוו און קראסנאָוו מיט זייער אומפאראנטווארטלאכער פארברעכערישער טעטיקייט?

ס'איז שוין דורכגעגאנגען העכער א וואָך צייט נאָך דעם באשטימטן „25טן אָקטאָבער" און אין אונזער רעדאקציע זיינען נאָך אַלץ אָנגעקומען פארשפּעטיקטע טעלעגראַמען־באפעלן פון דער צייטווייליקער רעגירונג. די אלע רעגירונגס־טעלעגראַמען זיינען געווען דאטירט פאר דעם 25טן אָקטאָבער, און דאָס האָט געצייגט, אז דאָרטן אין פּעטראָגראַד איז ניט אַלץ כשורה... ס'איז עפּעס געשען. נאָר וואָס? דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט.

נאָך א לענגערער באראטונג האָט דער פּרעזידיום פון סאָוועט באשלאָסן נעמען אונטער זיין קאָנטראָל דעם שטאָטישן טעלעגראַף־אפּאַראַט. מיט דעם צוועק זיינען דעלעגירט געוואָרן אהין צוויי מיטגלידער פון פּרעזידיום. דער פּאַרוואַלטער פון פּאָסט־און־טעלעגראַף, אַן אויסגעשפּראָכענער שוואַרץ־מאה'ניק, האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן, נאָר עס האָט אים ניט געהאָלפן: זיין פּראָטעסט („קעגן דעם גוואַלד־טאַט פון סאָוועט") וואָס ער האָט געשיקט צו דער „דעמאָקראַטישער דומע" — איז געווען א „קול קורא במדבר", — ווייל מיט וואָס האָט די עלנטע דומע, נעבאַך, געקאָנט העלפן דעם אָרימען פּאָסט־פּאַרוואַלטער? זי האָט שוין געפילט, אז אירע טעג זיינען גע־

ציילטע, אז דער מלאך המות איז שוין אויפ'ן שוועל... אמת, ס'האָט זיך אויך דאָרט געטומלט: פאר דער שטיקל אומרואי־קער צייט זיינען אין דער דומע פארגעקומען אלערליי „פראַק־ציאָנעלע באראטונגען", „געהיימע זיצונגען". די רעכטע, די שווארץ־מאה'ניקעס, האָבן זיך אלץ אָפטער און אָפטער געֹ־סוד'עט מיט די פאָרשטייער פון דעם אינוואלידן־פארבאנד... ס'האָט זיך געשפירט, אז דאָ שלאָפט מען ניט, אז די שווארצע כוחות זאמלען זיך, ארגאניזירן זיך...

דער צענטער, דאָס הייסט, די „דעמאָקראַטישע אינטעלי־גענץ", צוזאמען מיט די מענשעוויקעס און עס־ערן, האָט אויך עפּעס געפּלאַנעוועט, נאָר זייערע פּלענער זיינען ווייטער פון שיינע רייד ניט געגאנגען; מ'פלעגט זיצן און טראכטן, טראכטן און שמועסן בלויז וועגן איין זאך: צי עס וועט זיך איינגעבן, צי וועט די צייטווייליקע רעגירונג קענען דערפירן דאָס „ליבע פאָטערלאנד" צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג...

ענדלאך, דעם 10טן נאָוועמבער (לויט'ן אלטן סטיל) האָט זיך דורכגעריסן צו אונז איינער פון די פילע באפעלן, וואס דער „סאָוועט נאַראָדניך קאָמיסאראָוו" האָט צעשיקט איבער גאָר דעם לאנד. ס'איז געוואָרן קלאָר, אז די צייטווייליקע רעגירונג עקזיסטירט שוין ניט, אז אָנשטאָט איר איז שוין דאָ א נייע פּראָ־לעטארישע מאכט מיט לענינ'ען אין דער שפּיץ...

די ידיעה איז שנעל פארשפּרייט געוואָרן איבער'ן שטאָט און ארום שטאָט. ניט געקוקט אף דעם רעגן און בייזן הערבסט־ווינט, האָבן זיך מחנות מענטשן געצויגן צו די צענטראלע גאסן, צום סאָוועט. דער באָלשעוויסטישער „סוואָדני פּאָלק" איז ארויס מיט רויטע פאָנען און מיט מוזיק צו באגריסן די ברייטע ארבעטער־מאסן מיט דער נייער ארבעטער־און־פּויערים רעגירונג. מקבל פּנים זיין דעם פאָלק זיינען ארויסביידע לינקע אָרגאניזאציעס — די באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן. אף דעם גרויסן פּלאַץ לעבן סאָוועט איז אָפּגעהאלטן געוואָרן א ריזיקער מיטינג. איינער נאָך דעם אַנדערן זיינען ארויסגעטראָטן פאָרשטייער פון סאָוועט, פון

ביידע אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס, און סתם רעדנער פון דעם גרויסן האָרעפּאשנעם עולם, וואָס האָט זיך דאָ פארזאמלט. מיט דונערנדיקע הורא־אויסגעשרייען האָט דער טויזנט־קעפּיקער עולם באגעגנט די מעלדונג וועגן דער צענטראַלער סאָוועטן־מאכט:

— חברים סאָלדאַטן! חברים ארבעטער! מיר אַלע זיינען א גוואַלדיק גרויסע קראַפט, וואָס מוז פארהיטן און פארשטאַרקן אונזער אייגענע ארבעטער־מאכט, אונזער ארבעטער־און־פּויערים רעגירונג — דעם „סאָוועט נאַראָדניך קאָמיסאַראָוו"! אונזער געניאַלער ארבעטער־פירער, חבר ניקאָלאַי לענין — איז שוין איצט ניט דער „מלוכה־פארברעכער", נאָר דער אָנפירער, דער וועג־ווייזער פון אונזער גרויסן לאַנד און אויך פון דער גאַנצער פּראָלע־טאַרישער וועלט! פון היינט אָן און אַף אייביק — די גאַנצע מאכט — צו די סאָוועטן! צו די סאָוועטן, וואָס ווערן אויסדער־וויילט פון די ארבעטער און פּויערים — פון די אמת'ע האָרע־פּאשנע מאסן!

— זאָל לעבן חבר לענין!

— זאָל לעבן די סאָוועט מאכט!

ביז שפּעט אין דער נאכט זיינען די צענטראַלע גאסן געווען פארפלייצט מיט טריאומפירנדיקע מחנות מענטשן — אָפּגעריי־סענע, אָפּגעשליסענע, נאָר באַגייסטערטע, גליקלאכע.... אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן דויערנדיקע אויסגעשרייען „הורא" און פייערלאכער געזאַנג פונ'ם „אינטערנאַציאָנאַל".

---

דער איבערגאַנג צו דער סאָוועטן־מאכט האָט בא אונז אין שטאָט קיין שום ווידערשטאַנד ניט ארויסגערופן. ס'איז שוין אין די פריערדיקע קאפּיטלען געווען באַמערקט, אַז די אַזוי־גערופענע „דעמאָקראַטישע דומע" האָט אפילו אין די בעס־טע צייטן פון איר עקזיסטענץ ניט פּרעטענדירט אַף זעלבסט־הערשאַפט. זי האָט זיך איינגנטלאך אין דעם ניט גענויטיקט, ווייל די אָנגעזעענע טוערס פון סאָוועט זיינען געווען גלייכצייטיק אויך מיטגלידער פון דער דומע, וואו זיי האָבן געשפּילט א

באַדייטנדיקע ראָלע אין אַלע וויכטיקע פּאָליטישע ענינים. און אַזוי ווי דער אַלטער סאָוועט, ריכטיקער געזאָגט — די פירערס פון די מענשעוויקעס און עס־ערן — האָבן אין דער „הויכער פּאָליטיק“ געזען דאָס וויכטיקסטע פון דער רעוואָלוציע, — האָבן זיי זיך כמעט ניט אינטערעסירט מיט די פראַגן פון די שטאָדטישע אַנגעלעגנהייטן: וואוינונג־פראַגע, וואַסער־לייטונג, באַלייכטונג, שטייערן אַף פאַבריקן און האַנדלס־אַנשטאַלטן — דאָ איז די דומע פאַקטיש געווען זעלבסטשטענדיג און, פאַר־שטייט זיך, די פראַגן פלעגן מערסטנטייל געלייזט ווערן גיך־טיק ניט פאַר די אָרימסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג... ווען־ניט־ווען פלעגט מען אין דער דומע עפּעס צוואַווארפן אויך פאַר די האָרעפּאַשנע מאַסן, צוליב „דעמאָקראַטישקייט“ וועגן, דהיינו: באַשלוסן אויסצורייניקן די בלאָטעס פון די הינטערגעסלאַך, וואו עס וואוינען די אָרימעלייט, און וואָס־גיכער „אויסברוקירן די אַר־בעטער־קוואַרטאַלן“; דורכפירן דאָרטן באַלייכטונג פאַר די פינ־סטערע נעכט. אמת, די באַשלוסן פלעגן מערסטנס בלייבן אין די פּראָטאָקאָלן פון די דומע־זיצונגען, נאָר וועגן די דעמאַקראַטי־שע כונות פלעגט מען געוואַלדיק טרומייטן — און דאָס האָט גע־הייסן, אַז די דעמאָקראַטישע דומע שטייט שטאָל־און־אייזן פאַר'ן פאָלק... ס'איז ניט איבעריק צו באַמערקן, אַז אפילו די דער־מאָנטע באַשלוסן זיינען געווען געמאַכט נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס אין די פראַגן, אָפּגערוקטע ערגעץ ווייט צום סוף פונ'ם טאָג־אָרדנונג פון דער זיצונג, פלעגן זייער אַן אַקטיוון אַנטייל נעמען די צוויי באָלשעוויקעס — וואָלקאָוו און פעדאָרקאָוו — וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די סאָציאַליסטישע מיטגלידער פון דער דומע: זיי פלעגן פאַרבלייבן ביז'ן סוף פון דער זיצונג און זען, אַז אָט־די „ניט־וויכטיקע“ פראַגן זאָלן געלייזט ווערן אין די אינ־טערעסן פון דער אָרימער באַפעלקערונג.

די שטעלונג פון דעם נייעם באָלשעוויסטישן סאָוועט צו דער דומע איז געווען קלאָר פון דעם, וואָס די צוויי באָלשעוויקעס זיינען דורך זייער קאָמיטעט באַלד אָפּגערופן געוואָרן פון דער

דומע: דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז די באָלשעוויקעס האַלטן ניט פון דער דומע, נאָר איינגאַנצן אָפּשאַפן דעם אַנשטאַלט, האָט זיך נאָך דער סאָוועט אָפּגעהאַלטן, אויסוואַרטנדיק, ביז ס'וועט ווערן קלאָר די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע. איצט, אַז די סאָוועטן־מאַכט איז שוין פּראָקלאַמירט, איז אויף דער ערשטער פּייערלאַכער זיצונג פון'ם סאָוועט — אין דעם אַלגעמיינעם פאָרטראַג וועגן דער סאָוועטן־מאַכט — געוועזן געזאָגט, אַז „פון היינט־אָן און ווייטער וועלן אַלע פראַגן — פּאָליטישע און געזעלשאַפטלאַכע, אויסערלאַכע און אינערלאַכע — געהערן אויסשליסלאַך צו דער קאָמפּעטענץ פון סאָוועט, וואָס איז איצט די איינציקע פּאָליטישע און בירגערלאַכע מאַכט פון שטאָט און דאָרף."

קיסעלענקאָ, וואָס איז שוין געזעסן אונטן אין פּאַרטער, צווישן די מענשעוויסטישע דעפּוטאַטן, האָט נאָכ'ן פאָרטראַג גענומען דאָס וואָרט:

— איך וויל שטעלן דעם רעפערענט אַ פּאָר פראַגן, — האָט ער אָנגעהויבן, קרימענדיק די ליפּן אין אַ סאַרקאַסטישן שמייכל: ערשטנס, אַלס פאָרשטייער פון צוויי פּאָליטישע פּראַקציעס, וויל איך וויסן, וואָס דענקט דער נייער סאָוועט טאָן מיט דער דעמאָקראַטישער דומע, וואָס דאָס באַפרייטע פאָלק האָט אויסדערוועלט אויפ'ן גרונט פון אַלגעמיינע, דירעקטע, גלייכע און געהיימע וואַל־רעכט?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווי וואַרטנדיק אַן ענטפער, און האָט באַלד ווייטער פאָרטגעזעצט:

— די דומע ווערט אַנולירט, צי זי בלייבט עקזיסטירן?! און, צווייטנס, אויב די עקזיסטירנדיקע שטאָט־פאַרוואַלטונג ווערט ניט אַנולירט, ווי איך פאַרשטיי פון דעם פאָרטראַג, טאָ וואָס־זשע וועט זי טאָן, ווייבאַלד דער סאָוועט ווערט דער איינציקער רעגירונגס־אַנשטאַלט פאַר אַלע אַנגעלעגנהייטן דאָ אויפ'ן אָרט? צי הייסט עס ניט, אַז די דעמאָקראַטישע דומע וועט זיך מוזן אַליין פאַנאַנדערלאָזן, ווייל זי וועט ניט האָבן, וואָס צו טאָן? און די מיטגלידער פון דער דומע, וואָס זיינען די אמת־אויסדערווײלטע

פאַרשטייער פון פאָלק, וועלן, הייסט עס, מוזן רעזיגנירן און נים דערפילן די פליכטן, וואָס עס האָט אַף איר ארויפגעלייגט די גאַנצע באַפעלקערונג, אָן אונטערשיד פון געשלעכט, נאַציאָנאַלי־טעט און רעליגיע?!

די לעצטע ווערטער האָט קיסעלענקאָ אויסגעשריען מיט האַס און צאָרן. ס'האָט זיך געפילט אין זיין קול, אין זיינע פלאַקערנדיקע אויגן אַ פּראָטעסט קעגן דעם פאַרכאַפּן פון דער מאַכט דאָרט אינ'ם צענטער, ווי אויך דאָ אפ'ן אָרט...

מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אַף די ליפּן, רואיק און געלאַסן, האָט דער רעפערענט, חבר דיומין, געענטפערט קיסעלענקאָ'ן:

— די העררן מענשעוויקעס און סאָציאַל־רע...אַקציאָנערן זיי־נען זייער באַאומרואיקט, וואָס וועלן איצט טאָן די אַלע איוואַ־נאָווס, וואַסיליעווס און בושס, די אָרימע קאַדעטלאַך און די פיינע געבילדעטע טויגעניכטסן — די אינטעליגענטן... איך בין נים באַפּולמעכטיקט צו ענטפערן אַף דער פראַגע, נאָר איך דענק, אַז... יאָ, זיי וועלן מוזן טאָן דאָס, וואָס מיר וועלן זיי באַפעלן צו טאָן!

ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטורמדיקער אַפּלאָדז.

— אַ מער קלאָרן ענטפער אַף די געשטעלטע פראַגן וועט דער פאַרשטייער „פון צוויי פּאָליטישע פראַקציעס“ באַקומען פון דעם אויספיר־קאָמיטעט, וואָס מיר וועלן דאָ היינט אויסדער־ווײַלן און וועלכער וועט זיין די איינציקע מאַכט דאָ אפ'ן אָרט — די מאַכט פונ'ם ראַט פון ארבעטער, סאָלדאַטן און פּויערים־דע־פּוטאַטן!

לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאַדיסמענטן האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן, און באַלד האָבן עטלאַכע באַסאָוויע שטימען אָנגעהויבן זינ־גען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“. דער פּרעזידיום אַף דער בינע האָט זיך אַ הויב־געטאָן פון די ערטער, אויך דער טויזנט־קעפּיקער עולם האָט זיך אויפגעהויבן און אונטערגעכאַפּט דאָס געזאַנג.

דער גרויסער טעאַטער־זאַל האָט געדונערט פון די מונטערע קלאַנגען פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“.

.10

## דער איספּאָלקאָם.

אַז דאָס געזאַנג האָט זיך געענדיקט, האָט דער פּאָרזיצער פעדאָרקאָוו דערקלערט:

— איצט קומט דער פּאָרטראַג וועגן אויסדערוויילן אַן איס־פּאָלקאָם. דעם פּאָרטראַג וועט מאַכן חבר גאָרבענקאָ.

דאָס מאָל איז גאָרבענקאָ געווען קורץ, פּראָסט און זאַכליך אין זיין רעדע. אָן קיין שום גיצקינצלטע הקדמות, ווי שטענדיק, האָט ער אָנגעמערקט סכעמאַטיש די סיסטעם פון דער סאָוועטן־מאַכט:

— אין דער שפּיץ פון אונזער סאָוועט וועט איצט שטיין ניט קיין פּרעזידיום, ווי פריער, נאָר אַ „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" (אויספיר קאָמיטעט) — פּארקירצט, אַ „איס־פּאָל־קאָם". דער איס־פּאָל־קאָם וועט צונויפגעשטעלט פון די יעניקע חברים, וואָס זיינען אָנגעמערקט צו פאַרנעמען די וויכטיקע פּאָסטנס אין די אַלע פּראָלעטאַרישע אַנשטאַלטן, וואָס דער סאָוועט וועט גרינדן, צו איינאָרדנען אַפ'ן סאָציאַליסטישן שטייגער דאָס לעבן אַפ'ן אָרט. די אַנשטאַלטן וועלן הייסן „קאָמיסאַריאַטן" — קאָמיסאַריאַט פון פּאָסט און טעלעגראַף, קאָמיסאַריאַט פון אַרבעט, פון האַנדל, פון סאָציאַלער פּאַרזיכערונג, פון געזעלשאַפטלאַכע ענינים, פון בילדונג און אַזוי ווייטער. די פאַרוואַלטער פון די קאָמיסאַריאַטן וועלן זיך רופן „קאָמיסאַרן". און די אַלע קאָמיסאַרן וועלן זיין מיטגלידער פון דעם איספּאָלקאָם. דער פּרעזידיום פון סאָוועט האָט אָנגעמערקט די פּייאיקסטע חברים צו פאַרנעמען די פּאָסטן אין אַלע קאָמיסאַריאַטן. זעלבסטפאַר־

שטענדלאָך, אַז קיין מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן זיינען אין אונזער צעטל נישטאָ — אַ מיטגליד פון איספּאָלקאָם קען זיין נאָר דער, וואָס שטייט שטאָל־און־אייזן פאַר דער סאָוועטן־מאַכט! אין אונזער צעטל איז אריין, אַחוץ באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן אויך איין אַנאַרכיסט־קאָמוניסט, חבר גרינשטיין.

— אָן אַנ־אַר־כיסט, וואָס שטייט „שטאָל און אייזן“ פאַר מאַכט... כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך קיסעלענקאָ הויך פאַנאַנדער־געלאַכט.

גאָרבענקאָ האָט בייז אויסגעשריען:

— חבר גרינשטיין איז פון יענע אַנאַרכיסטן, וועלכע פאַר־שטייען, אַז די סאָוועטן־מאַכט איז אַן איבערגאַנגס־שטופע צו דער גליקלאַכער צייט, ווען די מענטשהייט וועט דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג און וועט זיך שוין מער ניט נויטיקן אין קיין שום מאַכט איבער זיך!

גאָרבענקאָ'ס אויסגעשריי האָט אַ קנאַל געטאָן, ווי אַ שמיץ אין פּנים, און הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן האָבן נאָך מער פאַר־שטאַרקט דעם איינדרוק פון זיינע לעצטע ווערטער.

אַ צופרידענער מיט'ן געלונגענעם ענטפער האָט גאָרבענקאָ ווייטער רואיק פאָרגעזעצט:

— דער צעטל מיט די אָנגעמערקטע קאַנדידאַטן אין דעם איספּאָלקאָם וועט דאָ באַלד פארעפנטלאַכט ווערן און יעדערער פון אונז וועט האָבן דאָס רעכט ארויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם אָדער יענעם קאַנדידאַט, אויך ארויסשטעלן אַנדערע קאַנ־דידאַטן. אַזוי ווי אונזער צעטל איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַף די אַלגעמיינע פאַראייניקטע פאַרזאַמלונגען פון ביידע לינקע אָר־גאַניזאַציעס, גלויב איך, אַז קיין לאַנגע דעבאַטן וועט דער ענין ניט ארויסרופן און דער צעטל קאַנדידאַטן וועט איינשטימיק אָנ־גענומען ווערן. חבר פעדאָרקאָוו וועט באַלד דעם צעטל פאַר־עפנטלאַכן.

אַלע האָבן געווענדעט נייגעריקע בליקן אַף פעדאָרקאָוו'ן, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, האַלטנדיק אַ בויגן

פּאַפּיר אין האַנט. ער האָט הויך און דייטלאַך איבערגעלייענט דעם צעטל קאַנדידאַטן, צווישן וועלכע ס'איז געווען אויך זיין נאָמען.

— חברים דעפּוטאַטן! — האָט אָנגעהויבן פּעדאָרקאָוו (זיין פּנים איז געוואָרן פּלוצלינג בלאַס און די האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דעם בויגן פּאַפּיר, האָט געציטערט), — ווי איר זעט, זיינען דאָ אָנגעמערקט די בעסטע, די פּייאיקסטע און די אמת־רעוואָלוציאָנערע חברים. נאָר... צווישן די קאַנדידאַטן געפינט זיך איינער, וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, נאָך ניט גרייט צו זיין אויסדערוויילט צו אַזאַ פאַראַנטוואָרטלאַכן פּאָסט. מיט דעם חבר וועט מען דאַרפן אַביסל צוואַרטן...

ער האָט זיך פאַרהאַלטן אַף אַ רגע. דער עולם איז פאַרגליווערט געוואָרען אין דערוואַרטונג. ס'איז געווען צו מערקן, אַז אים איז שווער צו זאָגן, וועמען ער מיינט...

דער קאַנדידאַט — דאָס בין איך!

אַלע זיינען ערשטוינט געוואָרן. עס האָט זיך דורכגעטראָגן אַן איינגעהאַלטענער זשום. די מענשעוויקעס האָבן זיך אָנגעהויבן סוד'ען...

— חברים! איך שטיי אויף פאַר דער סאָוועטן־מאַכט. נאָר איך דיינק, אַז ס'איז נאָך ניט געקומען די צייט ראַדיקאַל איבערצובויען דעם גאַנצן געזעלשאַפטלאַכן לעבן אַף סאָציאַליסטישע יסודות. פאַרניכטן די עקזיסטירנדיקע אַנשטאַלטן איז ניט שווער. שווער איז אויפבויען נייע. ס'איז אַ גרויסע ריזיקע פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אַרויפצוציען אַף זיינע פּלייצעס דעם גאַנצן יאָך און מאַכן אים איינגאַנצן פאַראַנטוואָרטלאַך. נאָך מיין מיינונג, דאַרף מען מיט אַזעלכע זאַכן זיין פּאָרזיכטיק. מען טאָר זיך ניט איילן. דערצו דאַרף מען דערגיין שטופנווייס, לאַנגזאַם. מ'טאָר ניט פאַרגעסן דעם רוסישן גלייכוואָרט: „פּאָספּעשיש — ליודיעי נאַסמעשיש". *) צום באַדויערן, בין איך אין דעם צעטל

*) „פון איילעניש וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען: וועסט זיך נאָר מאַכן צו שפּאָט און צו שאַנד..."

דער איינציקער, וואָס דיינקט אַזוי. די איבעריקע חברים זיינען נאָר מיט אַן אַנדער מיינונג. אפשר זיינען זיי גערעכט, נאָר איך פּיל, אַז איך בין אויך גערעכט! און אָט דערפאַר טאַקע דיינק איך, אַז מיין קאַנדידאַטור איז נאָך דערווייל ניט פּאַסיק פאַר דעם איספּאָלקאָם!

פּעדאָרקאָוו'ס דערקלערונג האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן עקספּלאָדירטער באָמבע. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל, אַ גערודער צווישן די באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן. גוואַלדיקע אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיך געטראָגן פון די מענשעוויסטישע פּליצער, אויך אויסרופן: „בראַווא, טאָוואַרישטש פּעדאָרקאָוו!"

אָט די שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און צופרידענע אויסרופן פון די מענשעוויקעס האָבן פּעדאָרקאָוו'ן שטאַרק אויפגעבראַכט. ער האָט צאָרנדיק אויסגעשריען:

— אומזיסט פּאַטשט מען מיר דאָ „בראַוואָ" אין צענטער! מיינט ניט, אַז איך קלער גיין מיט אייערע וועגן, גאָספּאָדאַ מענשעוויקי! אויב מיינע חברים, די באָלשעוויקעס, כאַפּן איבער די מאָס אַף לינקס, — טוט איר, מענשעוויקעס, נאָך ערגערס! איר זייט גרייט זיך אומאַרמען מיט די איוואַנאָווס און בושעס, וועלכע האָפן מיט אייער הילף אוועקשטעלן זיך באַם רודער און אָפּרעכענען זיך דערנאָך מיט אייך אויך. דאָס וואָס איר אַפּלאָדירט מיר אַזוי שטאַרק און זייט אַזוי צופרידן, איז פאַר מיר אַ שלעכטער סימן... איך הויב אָן קלערן, אַז איך דאַרף ניט אַראָפּנעמען מיין נאָמען פונ'ם צעטל...

מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן האָט דער פאַרזאַמלטער עולם באַגעגנט פּעדאָרקאָוו'ס נייע דערקלערונג.

דער צעטל איז באַלד געשטעלט געוואָרן צום אָפּשטימען, און ער איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק.

די מענשעוויקעס און די רעכטע עס־ערן האָבן אין דיזן אָפּשטימען קיין אָנטייל ניט גענומען.

— איך באַגריס דעם סאָוועט מיט דעם אויסדערווײילטן איספּאָלקאָם, — האָט פּעדאָרקאָוו אויסגערופן. און דער גרויסער

עולם האָט געענטפערט מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן און מיט אויסגעשרייען:

— זאָל לעבן דער איספּאָלקאָם!

— זאָל לעבן די סאָוועטן־מאַכט!

---

פון דעם ערשטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ האָט דער איס־פּאָלקאָם אָנגעהויבן פאַרווירקלאַכן אין טאָג־טעגלאַכן לעבן די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

און מערקווירדיק! דאָס וואָס איז אין דער טעאָריע געווען אַזוי פּראָסט און איינפאַך, אַזוי אומפאַרמיידלאַך נויטווענדיק און זעלבסטפאַרשטענדלאַך פאַר יעדן ערלאַכן, ערנסטן סאָציאַליסט, איז ווען ס׳איז געקומען דער טאָג פּראַקטיש דורכצופירן עס אין לעבן, פאַרווירקלאַכן די טרוימען און שטרעבונגען, האָבן זיך אַ סך, אַ סך סאָציאַליסטן פּשוט דערשראָקן: דאָס וואָס איז געווען אַזוי שיין און יושר׳דיק אין דער טעאָריע, האָט זיך זיי אויסגע־וויזן ברוטאַל און גזלנ׳יש אין דער ווירקלאַכקייט... ניט בלויז די מענשעוויקעס, נאָר אויך אַ געוויסע צאָל פון די דורכשניטלאַכע באָלשעוויקעס זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ מורא, צוזעענדיק ווי דער איספּאָלקאָם ברעכט אומ׳ברחמנות׳דיק דאָס אַלטע לעבן...

דער ערשטער האָט זיך אַ רוק געטאָן אָפּ צוריק פעדאָרקאָוו.

דער איספּאָלקאָם האָט אָפּ זיין ערשטער זיצונג באַשלאָסן דורכצופירן אַ גאַנצע רייע באַגרענצונגען בנוגע די פאַרמעגלאַכע עלעמענטן פון שטאָט: 1) פאַרקלענערן די צאָל צימערן, וואָס זיי באַוואוינען; 2) רעקווירירן איניקע געביידעס פאַר סאָוועטישע אַנשטאַלטן; 3) איינגאַנצן אָפּשאַפן דירה־געלט פאַר אַר־בעטער און סתם פאַר אָרימע לייט, וואָס האָבן ניט פון וואָס צו צאָלן; 4) אַריבערפירן דעם סאָוועט אין דעם גרויסן קאָמערצן־קלוב, און די רעדאַקציע פון דער „איזוועסטיאַ“, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ נאַסן קעלער, אַריבערפירן אין קאָנסטאַנטינאָוו׳ס גרויסן מויער, וואו ס׳האָט געוואוינט קאָנסטאַנטינאָוו׳ס קליינע פאַמיליע (אַליין איז ער שוין געווען אין קרים). דער איספּאָל־

קאָם האָט אחוץ דעם באַשלאָסן מאַכן אױס דומע און תיכּף אַרעס־טירן די שװאַרץ־מאה׳ניקעס פֿונ׳ם רעכטן פֿליגל, װי אױך אײניקע אָפֿיצערן פֿון פֿאָלק, פֿאַר זײער אָפֿענער אַגיטאַציע קעגן סאָװעט. װען דאָס אַלץ איז באַשלאָסן געװאָרן, האָט פֿעדאָרקאָװ דערקלערט, אַז ער קען מער ניט פֿאַרבלײַבן אין איספּאָלקאָם...

זײַן רעזיגנאַציע איז גלײַך אָנגענומען געװאָרען און באַלד נאָך דעם איז ער אױך אױסגעשלאָסן געװאָרן פֿון דער באָלשע־װיסטישער אָרגאַניזאַציע.

נאָך פֿעדאָרקאָװ׳ן האָבן זיך אַ צי געטאָן נאָך אײניקע פֿון די פֿריש־אױסגעבאַקענע באָלשעװיקעס. דאָס האָט געגעבן די מענשעװיקעס און רעכטע עס־ערן נאָך מער מוט צו גװאַלדעװען, אַז די „רעװאָלוציע איז אין געפֿאַר“, אַז די „פֿרײַע לאַנד איז װידער אין די הענט פֿון זעלבסטהערשער“, אַז ניט הײַנט — מאָרגן װעט אױסברעכן אַ מאָנאַרכיסטישע איבערקערעניש...

װידער האָט אױפֿגעלעבט דער כמעט פֿאַרשטאָרבענער „צװיי־שענפּאַרטײאישער קאָמיטעט“, אין װעלכן עס זײַנען איצט אַרײַן אױך פֿאָרשטײער פֿון די אַזױ־גערופֿענע „פֿאָלקס־סאָציאַליסטן“ און פֿון אַ פּאָליטישער גרופּע, װאָס האָט זיך גערופֿן „פּלעכאַ־נאָװצעס“.

דער „צװישן־פּאַרטײאישער קאָמיטעט“ פֿלעגט טאָג־טעגלאָך אָפּהאַלטן זיצונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, אױסזוכנדיק מיט־לען, װי אַזױ „צו ראַטעװען די רעװאָלוציע“...

און דער איספּאָלקאָם האָט פֿאַר דער צײַט געטאָן דאָס זײַניקע. אין דער דומע האָט מען דעלעגירט אַ מיטגליד פֿונ׳ם איספּאָלקאָם, װעלכער איז באַשטימט געװאָרען אַלס קאָמיסאַר פֿון דער שטאָט־פֿאַרװאַלטונג, מיט אַ באַפֿעל צו דעם פּאָרזיצער, דר. נײמער, איבערצוגעבן אַלע דאָקומענטן און שטאָטישע געלדער, װאָס גע־פֿינען זיך בײַ דער דעמאָקראַטישער דומע.

אַף אַלע ראָגן זײַנען אױסגעקלעפּט געװאָרן מודעות, אַז פֿון הײַנט אָן און װײַטער װערט אָפּגעשאַפֿט דירה־געלט פֿאַר אַרבע־

טער און סתם אָרעמע לייט, וועלכע וועלן דאַרפן צושטעלן גענויע דאָקומענטן וועגן זייער שווערן מאַטעריעלן צושטאַנד.

אין די באַלעבאַטישע קרייזן האָט זיך אויפגעהויבן אַ יאָמער און אַ קלאָג. די שטאָט איז געגאַנגען אַף רעדלאַך. איין טייל — דער גרעסטער, דער אָרעמסטער — האָט געיובלט; דער צווייטער — אַ קלענערער, דער באַלעבאַטישער — האָט געקריצט מיט די ציין; דער דריטער טייל — קרעמער, קליינע באַלעבעסלאַך, מעשטשאַנעס, בטלנים — די זיינען גאָר עובר־בטל געוואָרן.

— ס׳טייטש? ראַבעווען? וואָס הייסט? וואו איז יושר? רחמנא לצלן!

אימיצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז דער איספּאָלקאָם האָט באַשלאָסן רעקוויזירן באַ די קרעמער און בעקער עסנוואַרג־פּראָדוקטן און צוטיילן עס צווישן די אָרימע לייט.

ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ בהלה אין די מאַרק־פּלעצער: מען האָט גענומען אַף גיך פאַרמאַכן די קראָמען, די בעקערייען, ס׳איז געוואָרן אַ לויפעניש, אַ כאַפּעניש, ווי אין אַמאָליקע צייטן פאַר אַ פּאָגראָם... דער איספּאָלקאָם האָט באַלד אַרויסגעשיקט עקסטרא רעדנער אין די מאַרק־פּלעצער בארואיקן דעם עולם און פאַרזיכערן די קרעמער, אַז קיין שום רעקוויזיציעס וועלן אין די קראָמען און בעקערייען ניט זיין און ווער עס וועט צושליסן זיין געשעפט, וועט באַלד אַרעסטירט ווערן און זיין גאַנץ פאַרמעגן וועט ערשט דאַן רעקווירירט ווערן... די דאָזיקע דייטלאַכע ערקלערונג האָט באַרואיקט דעם אויפגעברויזטן עולם. דאָך דאָ אויף די מיטינגען אין די מאַרק־פּלעצער, וואו די רעדנער פון סאָוועט האָבן געהאַלטן זייערע רעדעס, האָט מען געקענט זען, וואָס פאַר אַ שנאה עס ברענט צווישן די קרעמער קעגן סאָוועט און דעם איספּאָלקאָם.

אָט די שנאה פון די אייגנטימער, פון די גרויסע און קליינע באַלעבאַטים, פון בטלנים — האָט דער „צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט" גענומען זייער ערנסט און האָט אין דעם איינגעזען „דעם פּראָטעסט פון פרייען פאָלק" קעגן די „גרויזאַמע געוואַלדטאַטן פון די באָלשעוויקעס".

— מיר מוזן שטיין אױף דער וואך! — האָט קיסעלענקאָ גע־פּריידיקט אויף די פאַרמאַכטע זיצונגען פון דעם „קאָמיטעט".

— דער גרימצאָרן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן קענען דעם איספּאָלקאָם וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס קען יעדע מינוט אויס־ברעכן אַן אויפשטאַנד. אונזער אויפגאַבע איז: אויב אַזאַ אויפ־שטאַנד זאָל אויסברעכן, אויסנוצן די געשעעניש לטובת דער רעוואָלוציע, ניט דערלאָזן, אַז די שווארצע כחות זאָלן זיין די פירער פון די אויפגעברויזטע מאַסן. מיר מוזן האַלטן אַ פּאַר־אייניקטן פראָנט מיט אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן. און אַז ס'וועט קומען דער גרויזאַמער מאָמענט — און קומען מוז ער! — זאָלן מיר קענען מיט אונזער מאָראַלישער קראַפט פאַרהיטן די דערגרייכונגען פון אונזער גרויסער רעוואָלוציע, וואָס די באָלשע־וויקעס האָבן פאַרשוועכט מיט זייערע גוואַלדטאַטן.

דער „צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט" איז געווען פולשטענ־דיק איינשטימיק מיט קיסעלענקאָ'ן און האָט זיך שוין געפילט אין דער גרויסער ראָליע אַלס „רעטער פון דער רעוואָלוציע"...

11

# די לעצטע זיצונג פון דער „דומע".

באקומענדיק דעם אפיציעלן באפעל פון איספאלקאם איבער־צוגעבן אלע דאקומענטן און שטאטישע געלדער צום קאמיסאר פונ'ם איספאלקאם, — האט דאקטאר ניימער באלד פאררופן אן עקסטרא זיצונג פון דער דומע.

אף דער דאזיקער זיצונג האט זיך באזונדערס בולט ארויס־געוויזן די אייניקייט צווישן די מענשעוויקעס און די פינסטערסטע עלעמענטן פונ'ם רעכטן פליגל פון דער דומע. קעמפנדיק קעגן די באלשעוויקעס, האבן די מענשעוויקעס און עס־ערן זיך באוואוסט־זיניק פאראייניקט מיט די פאלקאווניקעס איוואנאוו און ווילגע, מיט די שווארצע־מאה'ניקעס וואסיליעוו און בוש. עס איז געווען טשיקאווע צו צוזען, ווי די מאנארכיסטן האבן שטורמיש אפלאָ־דירט דעם אמאליקן אלטן רעוואליוציאנער קיסעלענקא, ווען יענער האט אין זיין פייערדדיקער רעדע געפאדערט, אז די דומע זאל זיך בשום אופן ניט אונטערווארפן דעם באפעל פונ'ם איספאלקאם:

— אונז האט אויסדערוויילט די פרייע, פאליטיש־באוואוסט־זיניקע באפעלקערונג! — האט נעשטורמט קיסעלענקא. — און ווער זיינען זיי? פון וואנען זיינען זיי? ווער קען זיי? ווער ווייסט זיי? ווער האט זיי נעגעבן דאס רעכט צו געוועלטיקן איבער אונז? מיט דער אומפארשעמטקייט פון מענטשן, וואס ווייסן ניט פון וועמען און פון וואנען זיי שטאמען, האבן זיי מיט אלערליי אומגעזעצלאכע מיטלען זיך געשאפט א מערהייט אין סאוועט, און איצט, מיט דער זעלבער אומפארשעמטקייט פון הפקר־יונגען פרואוון זיי מאכן אן אנגריף אף דער איינציקער געזעצלאכער

אַנשטאַלט — אַף דער דעמאָקראַטישער דומע! זיי — די ניט־געבעטענע, די ניט־גערופענע — זיי באַפעלן, אַז מיר, די אמת־אויסדערוויילטע פון פאָלק, מיר זאָלן מער ניט עקזיסטירן און זיי איבערגעבן דאָס אייגנטום פון דער באַפעלקערונג. דאָס טאָר די דומע ניט טאָן! זאָלן זיי עס נעמען מיט גוואַלד! זאָלן זיי! און דאַן וועט די באַפעלקערונג וויסן, אַז פשוט'ע רויבער זיינען באַפאַלן די שטאָט־פאַרוואַלטונג און — באַרויבט! אַז די רויבער פאַרמעסטן זיך אויך געוועלטיקן איבער אונזער שטאָט! נאָר רוסלאַנד איז שוין איצט ניט דאָס שטומע שעפעלע, וואָס וועט זיך לאָזן פאַרשקלאַפן פון רויבער און זעלבסטהערשער! דער לעצטער רויבער און זעלבסטהערשער — ניקאָלאַי דער צווייטער — איז שוין אַראָפגעשליידערט געוואָרן! דעם זעלבן מיא:ס'ן סוף וועלן האָבן אויך די, וואָס ווילן מיט גוואַלד הערשן איבער'ן באַפרייטן פאָלק! אונטער אַ מאַסקע פון כלומר'שטן רעוואָלוציאָניזם וועקן זיי אין די פאַראַרימטע מאַסן די נידעריקסטע חיה'שע אינסטינקטן און פירן דאָס גאַנצע לאַנד צום אָפגרונט!

די מאָנאַרכיסטן ווילגע און איוואַנאָוו, וואַסיליעוו און בוש, זיינען פון אַנטציקונג אויפגעשפרונגען פון זייערע ערטער און האָבן שטורמדיק אַפלאָדירט. נאָך זיי האָט זיך אַ הויב־געטאָן דער גאַנצער פאַרזאַמלטער באַלעבאַטישער עולם און מיט התלהבות'דיקע אויסגעשרייען באַגריסט קיסעלענקאָ'ן — זייער וואָרט־זאָגער.

נאָר איין דאָקטאָר ניימער האָט קיין אַנטייל ניט גענומען אין דער שטורמדיקער אָוואַציע. אויסגעהערט רואיק קיסעלענקאָ'ס פלאַמענדיקע רעדע, האָט דאָקטאָר ניימער גענומען זיך דאָס וואָרט:

— ווי גרויסאַרטיק עס זאָל ניט זיין די רעדע, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגעהערט, און ווי גרויס ס'זאָל ניט זיין מיין מיטגעפיל צו אַלץ, וואָס דער געערטער מיטגליד פון דער דומע, קיסעלענקאָ, האָט דאָ גע'טענה'ט — מוז איך פונדעסטוועגן זאָגן, אַז די צייט פון פלאַמענדיקע רעדעס איז שוין פאָריבער... דער אומפאַרמיידלאַכער ווילן פון דער געשיכטע האָט אונז אַוועקגעשטעלט אין אַזוינע באַדינגונגען, אַז עס פאָדערן זיך שוין איצט ניט ווערטער, ווי גלענצנ-

דיק זיי זאָלן ניט זיין, נאָר טאָטן! און איך פרעג די דומע: צי קענען מיר — ניט מיט רעדעס — נאָר מיט פשוט'ן כח, מיט פי־זישער קראַפט ענטפערן אַף דעם באַפעל פון איספּאָלקאָם? איך דיינק, אַז אַפילו אונזער פלאַמענדיקער קיסעלענקאָ וועט צוגעבן, אַז אין דעם זין זיינען מיר הילפלאָז... און אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, זאָג איך: מיר מוזן, ווילנדיק־ניט־ווילנדיק, זיך אונטערגעבן! מיר מוזן זיך אונטערוואַרפן דעם באַפעל, ווייל קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ! די פיזישע מאַכט איז שטענדיק גע־ווען אַף דער זייט פון סאָוועט — נאָך דאָן, ווען אָן דער שפּיץ פון אונזער סאָוועט איז געשטאַנען דער ליבער נאום אַניסימאָוויטש קיסעלענקאָ! און מיר האָבן זיך דעמאָלט אויך מיט דעם גערעכנט און זיך אונטערגעוואָרפן צו זיינע באַשלוסן, זיינע באַפעלן... איצט שטייט אין דער שפּיץ פון סאָוועט אַן איספּאָלקאָם, וואָס גייט נאָך ווייטער אין דער ריכטונג פון „פאַרטיפן און פאַרשטאַרקן די מאַכט פון סאָוועט". און מיר האָבן קיין אַנדער ברירה ניט, ווי אויך איצט זיך אונטערוואַרפן. דעריבער לייג איך פאָר, אַז מיר זאָלן זיך דאָ ניט שפּילן מיט ווערטער: מ'דאַרף האָבן מוט צו קוקן דעם אמת אין די אויגן, רעכענען זיך מיט דער ביטערער ווירקלאַכקייט: מיר מוזן פאָלגן דעם באַפעל און פאַנאַנדערגיין זיך צו אונזערע היימען...

ווי נאָר דאָקטאָר ניימער האָט אַרויסגערעדט די לעצטע ווער־טער, האָט זיך קיסעלענקאָ אַ ריס־געטאָן פון אָרט און איז אַרויפ־געשפּרונגען אויף אַ שטול:

— אַ שאַנד און אַ חרפּה איז פאַר די יעניקע, וואָס פאַרלאָזן דאָס שלאַכטפעלד אויס מורא! און גראַד דאָן, ווען עס פאָדערט זיך גרויס מוט, גרייטקייט מקריב זיין זיך פאַר'ן כלל! וואָס הייסט אונז דאָקטאָר ניימער טאָן אָט אין דעם גרויזאַמען פאַראַנטוואָרט־לאַכן מאָמענט? פּראָסט און איינפאַך: אונטערגעבן זיך, ווי שקלאַפן, דער ברוטאַלער פיזישער קראַפט פון רויבער און רואיק זיצן אין די היימען?! איז דאָס ניט קיין שאַנדע?! איך מוז וואָרענען דעם דאָקטאָר ניימער, אַז ער, אַלס איד, טאָר ניט אַרויס־

ווייזן אזא גרייטקייט אונטערצוגעבן זיך די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן צווישן זייערע פירערס דאָרט אין צענטער אַ אידן טראָצקי! די אויפגעבראַכטע רוסישע באַפעלקערונג דאָ אין אונזער געגנט קען אזא גרייטקייט פאררעכענען פאר אַ נאַציאָנאַלער איינגשאַפט, וואָס פירט צו סאָלידאריטעט מיט די באָלשעוויקעס... און דאָס קען ארויסרופן גרויס צאָרן קעגן דער אידישער באַפעלקערונג! און ניט איין צענדליק פון אייערע ברידער, הער דאָקטאָר, וועלן מוזן באצאָלן מיט'ן לעבן פאר די טאַטן פון דעם אידן טראָצקי און פאר דער גרייטקייט צו פאָלגן די באָלשעוויקעס מצד דעם אידן ניימער!...

— איר זייט אַן אנטיסעמיט! — האָט דאָקטאָר ניימער ווילד אויסגעשריען, אַ קלאַפּ־טוענדיק מיט'ן פויסט אין טיש.

ער איז געווען שרעקלאַך בלאַס, און דער גאַנצער קערפּער זיינער האָט געציטערט, ווי אין פיבער:

— איך ווייס גאַנץ גוט פון טרויעריקער ערפאַרונג, אַז מיינע ברידער האָבן שטענדיק געליטן און געצאָלט מיט לעבנס פאר פרעמדע טאַטן. איך רעכן, אַז אָט אזוינע ווי איר, הער קיסעלעוסקאָ, האָבן געבראַכט דאָס לאַנד צו דעם איצטיקן צושטאַנד. איר און נאָך אזוינע, ווי איר, זייט שולדיק אין דעם, וואָס דאָרט אין צענטער הערשן איצט לענין און טראָצקי און דאָ אויפ'ן אָרט — וואָלקאָווס און טאָלמאַסעס. און אויב איר הייסט „נאָום אַניסימאָוויטש" — ריכטיגער, „נחום ניסעלעוו" — איז טאַקע פאראַן אַ געפאַר פאר מיינע ברידער! דער אמת איז אָבער, אַז מיר אידן האָבן זיך פריער אונטערגעוואָרפן אייער ווילן און איצט מוזן מיר זיך אונ־טערוואַרפן דעם ווילן פון אייערע יורשים!...

מיט די ווערטער האָט זיך דאָקטאָר ניימער אויפגעהויבן פון זיין אויבן־אָן און פארלאָזט די זיצונג, וואָס איז שוין געווען די לעצטע...

---

וואָס ברייטער און טיפער ס'איז אָנגעגאַנגען די אַנטשלאָסענע טעטיקייט פונ'ם איספּאָלקאָם, אַלץ העזה'דיקער איז געוואָרן די

אנטי־באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע פון די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן. כל זמן די דומע האָט עקזיסטירט, האָבן די געוועזענע טוערס געהאַט כאָטש די מעגלאַכקייט קילן דאָס האַרץ מיט זייערע דרשות אף די עפנטלאַכע און פאַרמאַכטע זיצונגען פון דער דומע. נאָר אז די דומע איז אַנולירט געוואָרן, האָבן זיי פאַרלאָרן די איינציקע — און לעצטע — פּאָליטישע טריבונע. דאָס האָט זיי געמאַכט נאָך מער עקשנות'דיק אין זייער שנאה צו די באָלשעוויקעס, — און ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון, האָבן זיי זיך פאַרבונדן, פאַרקניפּט מיט די פינסטערסטע שוואַרצע־מאה'ניקעס. דער פירער פון די מענשעוויקעס — קיסעלענקאָ — און דער געוועזענער באָלשעוויק פעדאָרקאָוו — וואָס זיינען אַלס רעוואָלוציאָנערן אַמאָל געווען פאַרשיקט אַזש אין סיביר, — האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען אף געהיימע באַראַטונגען מיט'ן פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו, מיט'ן דאָקטאָר וואַסיליעוו און מיט דעם אדוואקאַט בוש'ן — בא זיי אף זייערע פּריוואַטע קוואַרטירן — און דאָרטן, צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון אינוואַלידן־פאַרבאַנד, האָט מען געפּלאַנעוועט, ווי אומצושטירצן דעם באָלשעוויסטישן סאָוועט און אויפשטעלן צוריק די צעטריבענע דומע. דער איספּאָלקאָם האָט געוואוסט פון אָט די געהיימע באַראַטונגען, נאָר ער האָט עס ניט גענומען ערנסט: אַ דאגה, זאָלן זיי דאָרט פּלאַפּלען געזונטערהייט...

נאָר אינגיכן האָט דער איספּאָלקאָם געמוזט זיין מיינונג ענדערן.

אף די פאַבריקן און גרויסע ווערקשטאַטן האָבן זיך אַלץ אָפטער אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַלערליי פּראָקלאַמאַציעס, אויפרופן צו די אַרבעטער־מאַסן צו „מאַכן אַ סוף צו דער חברה הולטאַיעס און כל־בו'ניקעס, וועלכע רופן זיך „איספּאָלקאָם" און לעבן אַ גוטן טאָג אפ'ן חשבון פון פאָלק, פון די אָפּגענאַרטע האָרעפּאַשנע מאַסן"... ענדיקן פלעגן זיך די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציעס מיט פייערדיקע אויפרופן צו „אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די רויבער!"

צו וואָסער אָרגאַניזאַציע האָבן די פּראָקלאַמאַציעס געהערט, איז ניט געווען קאָנטיק, — נאָר דער „אָסאָבי אָטדעל", וואָס האָט געהאַלטן אַן אויג אַף די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, האָט אויס־געפונען, אַז די אַלערליי קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע בלעטלאַך קומען פון אָט דער קאָמפּאַניע שוואַרצע־מאה'ניקעס, וואו עס באַטייליקן זיך אויך די פירער פון די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן.

לויט דער פאָדערונג פון דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע האָט דער איספּאָלקאָם באַשלאָסן ענדלאַך אַרעסטירן די גאַנצע חברה, וואָס איז שוין לאַנג געווען אַפּ'ן צעטל פון די פאַראור־טיילטע. וואָס איז שייך די מענשעוויקעס און עס־ערן, איז באַ־שלאָסן געוואָרן וואָרענען זיי, אַז דעם זעלבן מיאוס'ן סוף וועלן זיי אויך האָבן, אויב זיי וועלן ניט אויפהערן העצן דעם עולם. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער אַרעסט פון דער שוואַרצער חברה זאָל דורכגעפירט ווערן אַף אַ נאָענטער פאַרזאַמלונג זייערער.

לויט דעם באַריכט פון „אָסאָבי אָטדעל" און ווי עס האָבן דערציילט די וואָס זיינען געווען דערביי, איז פאָרגעקומען אַזוי: ווען דער קאָמיסאַר פון „אָסאָבי אָטדעל", חבר מאגילני, מיט עטלאַכע באַוואָפנטע אַרבעטער זיינען געקומען שפּעט אין אַן אָוונט צום פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו אַף דער קוואַרטיר, האָבן זיי זיך אין קאָרידאָר געטראָפן מיט'ן אַריינגייענדיקן קיסעלענקאָ'ן.

— אַ, דו ביזט אויך דאָ! — האָט אויסגעשריען מאגילני. — אָט וואו דו פירסט איצט דיינע „זיצונגען"!

קיסעלענקאָ האָט שמאָלץ פאַרריסן דעם קאָפּ און העזה'דיק געענטפערט:

— יאָ, איך פיר דאָ די זיצונגען. און דו? דו ביזט געקומען אפשר מיך אַרעסטירן, וואָס?

— ווי נידעריק דו ביזט געפאַלן, קיסעלענקאָ! — האָט מאגילני ארויסגעברומט דורך די פאַרקריצטע ציין. — אַליין אַן אַרבעטער, אַ געוועזענער רעוואָלוציאָנער, ביזטו פון די אַרבעטער אוועק, כדי צו לעקן די פיאַטעס בא די מאָנאַרכיסטן! או... פאַר־רעטער!

מאגילני האָט ארויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער.

— שים! — האָט קיסעלענקאָ קאַלטבלוטיק געזאָגט, אויס־שטעלנדיק פאָראויס די ברוסט, — שים!

— כ׳וואָלט דיך ווי אַ פּאַסקונדעם הונט דערשאָסן, נאָר... איך וועל אַביסל צוואווארטן. זאָל פריער דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל באַווייזן גאָר דער וועלט, וואָס פאַר אַן אויסוואורף דו ביזט געוואָרן.

נאָכ׳ן באַפעל פון מאגילני האָבן די באַוואָפנטע ארבעטער ארומגערינגלט קיסעלענקאָ׳ן און זיינען אַלע אריין אין די אינ־וויינסקסטע צימערן. דאָרטן, אין אַ שיין פאַרפּוצטן גרויסן קאַבי־נעט, זיינען געזעסן די פאַראורטיילטע שווארצע־מאה׳ניקעס. ווי גרויס איז אָבער געווען די ערשטוינונג פון מאגילני און די באַ־וואפנטע אַרבעטער, ווען זיי האָבן דאָרט דערזען אויך דעם גע־וועזענעם „באָלשעוויק״ פעדאָרקאָוו — ער איז געזעסן אין אַ טיפן שטול, מיט סאַמעט באַצויגן, און האָט פאַרוואונדערט אָנ־געקוקט די אָנגעקומענע. באַלד האָט ער זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט און איז אַ בלאַסער צוגעגאַנגען צו מאגילני:

— אָט בין איך! אַרעסטיר! — און אומקערנדיק זיך צו די באַוואפנטע ארבעטער, האָט ער געזאָגט:

— און איר, חברים, געדענקט: מיט׳ן פאַרברעכערישן ווילן פון דעם איספּאָלקאָם טוט איר איצט די זעלבע ארבעט, וואָס עס האָבן פריער געטאָן די צארישע זשאַנדארמען!

די אַרבעטער האָבן זיך נאָכמער אָנגעכמורעט און האָבן אים אריינגענומען אין קרייז, וואו ס׳איז געשטאַנען קיסעלענקאָ.

12.

# קאָנטר־רעוואָלוציע.

די אַרעסטן, וואָס דער איספּאָלקאָם האָט דורכגעפירט, האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע סומאַטאָכע אין שטאָט. דער נייגעריקער שטאָט־בירגער האָט פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט זיך אַרומגעדרייט אויף די גאַסן, אויף די מאַרקפּלעצער, וואו ס'פלעגן זיך צונויפזאַמלען גרופּן ליידיקגייער, בטלנים, הענדלער און מעקלער און מ'פלעגט זיך אָפּ'ן קול סוד'ן און דערציילן אַלערליי ניט געשטויגענע, ניט געפלויגענע באָבע מעשיות:

— אָט — ער האָט זיך דערשפּילט, אונזער קיסעל!

— מ'האָט אים צום וועגטל צוגעשטעלט — און ער האָט זיך, נעבאַך, באַ זיי געבעטן, באַ די גזלנים, זיי זאָלן זיך אויף אים מרחם זיין — צו די פיס געפאַלן, געוויינט, ווי אַ קליין קינד... און זיי, די מערדער, האָבן אים אַ קויל אין האַרצן אַריינגעזעצט...

— וואַרט, וואַרט — ניט לאַנג וועלן זיי דאָ געוועלטיקן — ס'וועט קומען אויך אויף זיי אַ פייער.

נאָר דערזעענדיק פון וויטן דעם מיליציאַנט, פלעגט מען זיך באַלד פאַנאַנדערגיין, אָפּטראָגן...

צווישן די מענשעוויקעס און עס־ערן האָט געהערשט אַ גוואַלדיקע אויפרעגונג. קיסעלענקאָ'ס און פעדאָרקאָוו'ס אַרעסט האָט נאָכמער פאַרשטאַרקט די שנאה צום איספּאָלקאָם — און זיי האָבן זיך צעשאָטן איבער אַלע פּלעצער, וואו עס דרייען זיך אַרום מענטשן, און פלעגן אויף פלוג־מיטינגען רופן דעם עולם גיין מיט גוואַלד באַפרייען די אַרעסטירטע... מער היציקע פון זיי

האָבן געוואגט אפילו ארייגרייסן זיך אינ׳ם איספּאָלקאָם, פּאָדערנ־דיק „די מינוט באפרייען" זייערע פירער.

בלויז די ארבעטער מאסן האָבן זיך גאנץ רואיק באצויגן צו די ארעסטן: זיי האָבן אין דעם ניט איינגעזען קיין שום פאַר־ברעכן מצד דעם איספּאָלקאָם:

— סאָבאַקאַם אי סאָבאַטשיאַ טשעסט! *)

און זיי האָבן זיך געהאלטן אָן דער זייט פון דעם אויפגע־ברויזטן המון. דער ארעסט פון ביידע פּאָלקאָווניקעס און נאָך פון אייניקע אָפיצערן האָט אויך פארשטארקט די אנטי־באָלשע־וויסטישע אגיטאציע צווישן די סאָלדאַטן פונ׳ם „סוואָדנעם פּאָלק". די פארבליבענע אָפיצערן צוזאמען מיט אייניקע פאר־שטייער פון דעם אינוואלידן פארבאנד האָבן אָנגעהויבן אונטער־העצן די סאָלדאַטן מאכן אַ בונט קעגן סאָוועט, קעגן די באָל־שעוויקעס. צום אומגליק זיינען די סאָלדאַטן שוין פון לאנג געווען אומצופרידן מיט דעם איספּאָלקאָם, ווייל מען האָט זיי אַלץ ניט אָפּגעלאָזט אהיים, ווי עס איז זיי געווען צוגעזאָגט פון אָנהויב. נעמענדיק אין אנבאטראכט די אַלגעמיינע לאגע, האָט דער איס־פּאָלקאָם ניט איינגעזען קיין מעגלאכקייט פאנאנדערלאָזן דעם פּאָלק. און דאָס האָבן אויסגענוצט די אַגיטאַטאָרס כדי אויפצו־רייצן די סאָלדאַטן און ארויסרופן צווישן זיי אַ בונט.

דער זעלבער פּאָלק, וואָס האָט מיט עטלאכע מאָנאַטן צוריק געהאָלפן דעם סאָוועט אריינגעמען די גאנצע מאכט אין זיינע הענט, איז איצט געוואָרן די כלי זין, מיט וועלכע די געגנער האָבן געהאָפט אומשטירצן דעם איספּאָלקאָם און פארכאַפּן די מאכט. דער אויפברויז צווישן די סאָלדאַטן האָט געהאלטן אין וואקסן. די ווירקונג פון דעם פּאָליטישן קאָמיסאר — אנארכיסט גרינשטיין — אַף די סאָלדאַטן־מאסן איז געוואָרן אַלץ שוואכער און שוואכער: מ׳פלעגט אים ניט וועלן אויסהערן, מ׳פלעגט אים

*) די הינט — אַ הינטישן כבוד.

אויפהויבן אַף אַ געלעכטער און הייסן גיין „אַ שמעק טאָן פּולווער — ניט קאָמיסאַרעווען !...״

דער פּראָפּאָרשטשיק סמעקאַלאָוו, וואָס איז פונ׳ם סאָוועט באַשטעטיקט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פון פּאָלק, איז געווען צו יונג און צו באַשיידן: ער האָט ניט געהאַט די נויטיקע אייגנ־שאַפטן פאַר אַ „פּאָלקאָוואָי קאָמאַנדיר״. און דער פּאָלק האָט דערפילט, אַז ער איז איצט בכח טאָן וואָס ער וויל, ווייל די אָפיצערן האָבן נאָך אונטערגעהעצט צו גוואַלדטאַטן: — זאָלן זיי צעטיילן צווישן זיך דאָס אייגנטום פון פּאָלק!... ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן געפערלאַכע מיטינגען בײַ די סאָלדאַטן: שבור׳ע קולות האָבן זיך געטראָגן אַפּ׳ן גרויסן פּלאַץ, וואו די קאַזאַרמעס זיינען געווען.

— טאָוואַרישטשי! די באָלשעוויקעס האָבן דאָך אונז פשוט אָפּגענאַרט! צוגעזאָגט אָפּלאָזן אַהיים, ווי עס וועט נאָר ווערן די „סאָוועטסקאַיאַ וולאַסט״ — און איצט האַלטן זיי אונז און לאָזן ניט אָפּ! איז דאָס אַ יושר?

— לאָמיר אַליין גיין! ניט ריכטיק, טאָוואַרישטש?!

— ריכטיק! ריכטיק! לאָמיר גיין! ניטאָ וואָס צו וואַרטן! ניטאָ קיין באַלעבאַטים אַף אונז! וואָס מיר ווילן, דאָס וועלן מיר טאָן!

— און די ביקסן וועלן מיר אויך מיטנעמען!

— דאָס איז אונזערס! אונזער בלוט און שוויים! אַלץ איז אונזערס!

— פּראַווילנאָ! פּראַווילנאָ! אַלץ איז אונזערס!

— העי! זאַריאַזשאַי ווינטאָווקי, טאָוואַרישטשי! *)

אָט דער אויסרוף אָנלאָדן די ביקסן מיט קוילן האָט ממש פאַרכאַפּט די סאָלדאַטן. זיי האָבן זיך אַ ריס געטאָן צו די ביקסן און אָנגעהויבן אַריינזעצן קוילן, ווי צוגרייטנדיק זיך צום שיסן, אויב מ׳וועט זיי שטערן אין זייער אַרבעט — צעטיילן צווישן זיך דאָס גוטס און אַ לאָז טאָן זיך אין די דערפער צו די היימען.

*) לאָדט אָן די ביקסן, חברים!

די לאַגע איז געוואָרן זייער ערנסט. דער פּאָליטישער קאָמי־סאַר גרינשטיין האָט באַלד געגעבן צו וויסן דעם איספּאָלקאָם וועגן דער געשעעניש. דורך אַ דירעקטן טעלעגראַף־דראָט איז גלייך אַרויסגערופן געוואָרן פון דער נאָענטער שטאָט אַ מאַטראָסן־אָטריאַד — סעוואַסטאָפּאָלצעס, וועלכע האָבן זיך דאָרט אויפגע־האַלטן צייטוויייליק — און אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט די מאַטראָסן־אָפּטיילונג שוין געמאַרשירט פון האַפן צו אונזער סאָוועט. פאַר די פינף־זעקס שעה צייט, ביז די מאַטראָסן זיינען אָנגעקומען, האָט דער פּאָלק שוין געהאַט צעטיילט צווישן זיך די גאַנצע אַמוניציע, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם אַרסענאַל און ס'איז אָנגעגאַנגען אַ הוליאַנקע בײַ די סאָלדאַטן — פאַר'שכור'טע פון וויין און נצחון. די אָנגעלאָדענע ביקסן זיינען געשטאַנען צו־נויפגעשטעלטע אין „קאָזלעס".

די מאַטראָסן האָבן אַרומגערינגלט די קאַזאַרמע און באַלד פאַרכאַפּט די צונויפגעשטעלטע ביקסן. ווי אַ סטאַדע שאָף זיינען די סאָלדאַטן פאַרטריבן געוואָרן אינוויינִיק אין דער קאַזאַרמע־געביידע, דאָס האָב און גוטס פון'ם פּאָלק איז באַלד געבראַכט געוואָרן אין אָרדנונג און ס'איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ שטאַרקע וואַך.

פאַרזיכערט די רואיקייט מצד דעם צובונטעוועטן פּאָלק, האָבן זיך די מאַטראָסן אַ לאָז געטאָן איבער'ן שטאָט אַרעסטירן אַלע אָפיצערן. דעם גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט איז אָנ־געגאַנגען אַ געיעג אויף די גאָלדענע עפּאָלעטלאַך. ביז זעכציק אָפיצערן זיינען דעם טאָג אַרעסטירט געוואָרן — ווער אין דער היים, ווער — אויף שפּאַציר־פּלעצער, ווער — אין טעאַטער...

די שטאָט איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין פּחד. די איינ־וואוינער האָבן זיך באַהאַלטן אין די הייזער.

דער סאָוועט האָט באַוויזן זיין מאַכט.

די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור האָט געזיגט.

---

**די מאַטראָסן האָבן זייער אַרבעט אָפּגעטאָן: זיי האָבן**

אנטוואַפּנט דעם פּאָלק, ארעסטירט אַלע אָפיצערן, אָנגעיאָגט אַן אימה אַף דער בורזשואַזיע, אַף די מענשעוויקעס און עס־ערן, — און דערמיט האָט זייער אויפגאַבע באַדאַרפט זיין פאַרענדיקט. אַזוי האָט געמיינט דער איספּאָלקאָם, וואָס האָט תיכף געשאַפן א רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל מיט פרוי גארבענקאָ אָן דער שפּיץ צו אונטערזוכן, ווער פון די ארעסטירטע אָפיצערן איז באמת שולדיק, און ווער ניט.

נאָר דאָ האָט פּאַסירט אַזוינס, וואָס מ'האָט גאָר ניט פאַר־אויסגעזען: די מאַטראָסן האָבן זייער אויפגאַבע פאַרשטאַנען א סך ברייטער: ניט בלויז ארעסטירן די אָפיצערן, נאָר אויך משפּט'ן זיי — דאָס הייסט: צושטעלן זיי צו דער וואַנט און מאַכן א סוף... אַזוי האָבן באַשלאָסן די מאַטראָסן אַף זייערער א באַראַטונג, ניט מיישב זייענדיק זיך מיט'ן איספּאָלקאָם.

צום גליק זיינען אַלע ארעסטירטע געווען פאַרשפּאַרט אין א גרויסן צימער אין דער געביידע פון איספּאָלקאָם, און א וואָך פון באַוואָפנטע ארבעטער האָבן געהיט דעם אריינגאַנג צו זיי. אַז די מאַטראָסן זיינען געקומען נעמען די ארעסטירטע, כדי זיך אָפּרעכענען מיט זיי, האָט די וואַך ניט דערלאָזן.

— אָן דעם באַפעל פון'ם איספּאָלקאָם טאָר קיינער צו די ארעסטירטע ניט דערלאָזט ווערן!

די מאַטראָסן האָבן געפּרואווט מיט גוואַלט אריינרייסן זיך צו די אָפיצערן, און אָפּ'ן אָרט זיי דערשיסן; נאָר דער עלטסטער פון דער וואַך האָט ארויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און האַלטנדיק אים גרייט צום שיסן, האָט ער אָנטשלאָסן געוואָרנט:

— כל זמן איך קען האַלטן אין האַנט אָט דעם רעוואָלווער, וועט קיינער אָן דער הסכמה פון'ם איספּאָלקאָם צו די ארעסטירטע ניט דערלאָזט ווערן!

— וואָס גייט אונז אָן דיין איספּאָלקאָם! — האָבן די מאַטראָסן געליאַרמט:

— מ י ר זיינען איצט די מאַכט!

— 'סטו געזען, ס'אַרא העלדן זיי זיינען געוואָרן! ארעסטירן

די נבלות האָט איר ניט געקענט, נאָר באַשיצן זיי — דאַרויף זייט איר גרויסע בריות!

— גיי! רוף דיין איספּאַלקאָם!

— וואו איז ער, דער איספּאַלקאָם? ער מוז שלאָפן...

— שלעפּ אים אַהער! זשיוואָ! *)

דער עלטסטער פון דער וואך האָט מיט ווירדע געענטפערט:

— דער איספּאַלקאָם געפינט זיך אין צימער נומער איינס אַפ׳ן צווייטן שטאָק, און ווער עס דאַרף צו אים, קען אליין טרעפן דעם וועג!

— האַידאַ צום איספּאַלקאָם, טאָווארישטשי! — און די גאַנצע כאָפּטע מאַטראָסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַרויף אַף די טרעפּ.

פון אויבן אַראָפּ זיינען שוין געלאָפן דער פאָרזיצער דיומין און נאָך אייניקע מיטגלידער פונ׳ם איספּאַלקאָם. מען האָט זיי, הפּנים, געגעבן צו וויסן, וואָס עס קומט פאָר בא דער טיר פון די אַרעסטירטע.

— חברים, מאַטראָסן! — האָט דיומין אַ געשריי געטאָן, — וואָס איז אַזוינס געשען?

— און ווער ביסטו? — האָט דער עלטסטער מאַטראָס אים מיט צאָרן אַ פרעג געטאָן.

— איך בין דער פאָרזיצער פונ׳ם איספּאַלקאָם.

— אַ, דו ביסט דאָס דער פֿרעדסעדאַטעל! מיר זיינען גע־קומען נאָך די נבלות, וואָס מיר האָבן אַרעסטירט. באַפעל דיין אָכראַנע מ׳זאָל זיי אונז אַרויסגעבן!

— וואָס ווילט איר מיט זיי טאָן?

— דאָס איז שוין אונזער זאַך!

— דאָס איז מיין זאַך! — האָט דיומין שטרענג געענטפערט, — די אַרעסטירטע וועלן געשטעלט ווערן פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן געריכט!

---

*) שנעל, לעבעדיק!

— מ י ר זיינען דער געריכט! — מיר האָבן זיי אַרעסטירט און מיר וועלן זיי אויך משפּט'ן!

— באַלד זאָל מען זיי אונז אַרויסגעבן! די מינוט!

— דאָס קען איך ניט טאָן און איך וועל דאָס ניט טאָן! — איז געווען דיומינ'ן ענטפער.

— קענסט ניט, וועלן מיר זיי אַליין נעמען!

און די מאַטראָסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צוריק צו די אַרעסטירטע.

— חברים מאַטראָסן! שטייט! — האָט גאָרבענקאָ אַ געשריי געטאָן, פאַרשטעלנדיק זיי דעם וועג, — פאַרגעסט ניט, איר רעדט מיט'ן איספּאָלקאָם!

— חברים! — האָט גאָרבענקאָ אָנגעהויבען מיט אַ פריידלאַכן טאָן: — איר האָט, ווי העלדן, דערפילט אייער רעוואָלוציאָנערן חוב. איר האָט באַשיצט די ערע און די ווירדע פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט אין אונזער שטאָט. שוין־זשע ווילט איר איצט די זעלביקע מאַכט דערנידערן, באַשמוצן? די אַרעסטירטע וועלן גיצשטעלט ווערן צום געריכט פון אַ רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל און קיינער פון זיי וועט די שטראָף ניט אויסמיידן! פאַרגעסט ניט, חברים, איר האָט אַרעסטירט אַלע די, וואָס טראָגן גאָלדענע עפּאָלעטן. טראָגן עפּאָלעטן הייסט נאָך ניט, אַז דער אַרעסטירטער איז אונזערער אַ שונא! ס'קען זיין, אַז צווישן די געפאַנגענע אָפיצערן געפינען זיך אַ סך פון אונזערע גוטע פריינט און שפּעטער וועלן זיי נאָך אפשר ווערן אויך גוטע באַשיצער פון אונזער אָקטאָבער־רעוואָלוציע! און אָט זאָגט אַליין: האָט איר דאָס רעכט נעמען און דערשיסן זיי אָן אַ גרינטלאַכער אונטערזוכונג? וועט עס דען זיין לטובת אונזער גרויסער רעוואָלוציע?

— און דער איספּאָלקאָם וועט עס אויך ניט דערלאָזן! — האָט מיט צאָרן אויסגעשריען דיומין.

דער אויסגעשריי האָט צערייצט די מאַטראָסן:

— **אהאַ... איר'ט ניט דערלאָזן! אַנו, מיר וועלן דאָס זען:**

רעביאַטאַ, זאַ מנאָי! *) — האָט ווילד אויסגעשריען דער עלטסטער. — ניטאָ וואָס צו פּלוידערן דאָ מיט זיי! די געפאַנגענע זיינען אונזערע, און מיר וועלן טאָן מיט זיי, וואָס מיר ווילן!

די מאַטראָסן האָבן ארויסגעכאַפּט די רעוואָלווערן און זיך אַ לאָז געטאָן צו די אַרעסטירטע. נאָר דאָרט האָבן זיי שוין געטראָפן אַ פאַרשטאַרקטע באַוואָפנטע וואך. אַלע מיטגלידער פון איספּאָלקאָם זיינען שוין אויך געשטאַנען בא דער טיר פון די אַרעסטירטע.

— איבער אונזערע קערפּערס וועט איר דערגרייכן צו די געפאַנגענע! — האָט זיך דיומין שטרענג און אַנטשלאָסן געווענדעט צו די מאַטראָסן. — פריער וועט איר מוזן אונז אַלעמען אויס׳הרג׳ענען! אדרבא: טוט עס!

די מאַטראָסן האָבן זיך ווי אויפגעוואַכט פון אַ שווערן שלאָף. זיי האָבן פאַרוואונדערט אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן און זייערע הענט מיט די רעוואָלווערן האָבן זיך ניט ווילנדיק אַראָפּגעלאָזן...

ברומענדיק זידל־ווערטער, האָבן זיי געוואָרפן ווילדע בליקן אַפ׳ן איספּאָלקאָם און אויף די באַוואָפנטע אַרבעטער.

— כאַפּט זיי דער טייוול! — האָט פּלוצלינג אויסגעשריען דער עלטסטער מאַטראָס. — קומט, חברים!

און אַלע מאַטראָסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום ארויסגאַנג.

די געפאַנגענע אָפיצערן זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

*) חברה, קומט!

.13

# רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל.

מיט די מאַטראָסן איז מען דורכגעקומען. נאָך דעם צוזאַ־מענשטויס בא דער טיר פון די אַרעסטירטע האָבן די מאַטראָסן איינגעזען, אַז זיי האָבן אַביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, און זיינען ווייכער געוואָרן. דער איספּאָלקאָם האָט פון זיין זייט געטאָן אַלץ, כדי צו שאַפן אַ גוטע חבר'שע באַציאונג, און אַז די מאַט־ראָסן האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן די שטאָט, איז צוגעגרייט געוואָרן אַ פייערלאַכע געזעגענונג... מיט גרויס פּאַראַד זיינען די מאַט־ראָסן באַגלייט געוואָרן צום האַפן. אין דער באַגלייטונג האָט אַנטייל גענומען דער גאַנצער סאָוועט מיט'ן איספּאָלקאָם בראש, אויך די פאַבריק־אַרבעטער מיט רויטע פאָנען און מיט אַן אָר־קעסטער מוזיק.

אַ ריזיקער עולם איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער פּראָצעסיע, פרייענדיק זיך, וואָס די מאַטראָסן גייען שוין אַוועק...

מיט'ן אָפּפאָרן פון די מאַטראָסן איז די שטאָט געקומען אַביסל צו זיך. דער גרויסמוטיקער טאַט פון'ם איספּאָלקאָם (דאָס באַשיצן די אַרעסטירטע אָפיצערן) האָט געמאַכט אַ גרויסן איינ־דרוק אויף דער באַפעלקערונג, און דער פּשוט'ער איינוואוינער האָט באַלד געקראָגן גרויס דרך־ארץ פאַר'ן איספּאָלקאָם.

— ס'זיצן דאָרט מענטשן מיט קעפּ, אין דעם איספּאָלקאָם...

— גלאַט בושעווען וועלן זיי קיינעם ניט דערלאָזן: ווער ס'איז שולדיק, דער וועט קריגן זיין שטראָף, און ווער ניט — גיי זיך געזונטערהייט...

— אודאי, אודאי... כאָטש באָלשעוויקעס זיינען זיי, אָבער אַ גאָט אין הארצן האָבן זיי!

— ס׳ארא מזיקים זיי זיינען, די מאטראָסן, אַ גוואַלד!... מיט איין קלאַפּ אַלעמען געפּאַקט!

— אמת׳ע טייוואָלים, רחמנא לצלן! זאָל גאָט שומר ומציל־זיין...

מיט גרויס נייגעריקייט האָט די באַפעלקערונג געוואַרט אויף דעם משפט פון דעם רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל. דאָס, וואָס דער איספּאָלקאָם האָט ממש מיט מסירת נפש זיך איינגעשטעלט פאַר די ארעסטירטע אָפיצערן, האָט געגעבן דעם באַלעבאַטישן עולם גרויס האָפנונג, אַז קיין טויט־שטראָף וועט ניט ארויסגע־טראָגן ווערן. די ערשטע זיצונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן טריבו־נאַל איז פאָרגעקומען אין אַ זונטיק. דער איינטריט איז געווען פריי. אין דעם באַשטימטן טאָג זיינען אַלע ארעסטירטע אָפיצערן געבראַכט געוואָרן פאַר דעם פּראָלעטארישן געריכט, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דער עס־ער׳קע זאַיאַ גארבענקאָ. די אָפיצערן האָבן זיך געהאַלטן זייער בראַוו, זיינען געווען גאַנץ רואיק: זיי האָבן געפילט, אַז דאָ וועט קיין אומ־רעכט ניט דערלאָזן ווערן — און די, וואָס זיינען געווען אומ־שולדיק אין די געוועזענע געשעענישן, האָבן געקאָנט זיין זיכער, אַז זיי וועלן באַפרייט ווערן.

בא דער אויספאָרשונג האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אַ גרויסע צאָל פון די ארעסטירטע האָט קיין שום שייכות צום בונט פונ׳ם פּאָלק ניט געהאַט. פון די דאָקומענטן איז געווען קלאָר, אַז איייניקע זיינען ערשט ניט לאַנג אָנגעקומען אין שטאָט צו זייערע פאַמיליעס און מוזן זיך אומקערן צו די מיליטער־אָפּטיילונגען, צו וועלכע זיי געהערן; אַנדערע זיינען פאַרבליבן אין שטאָט, וואַרטנדיק אויף אַ צוג: זיי זיינען דאָ בלויז דורכפאָרער, און לויט די דאָקומענטן געהערן זיי צו די יעניקע מיליטער־אָפּטיי־לונגען, וואָס זיינען אריבער צו די באָלשעוויקעס און פאַרטיידיקן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

בלויז אַ קליינע צאָל אָפּיצערן—און דאָס פון די עלטערע—האָבן ארויסגעוויזן זייער פיינטשאַפט צו דער נייער פּראָלעטאַ־רישער מאַכט: אין זייער האַלטן זיך, אין זייערע ענטפערס האָבן זיך געפילט דער האַס און צאָרן פון די פאַרביסענסטע מאָנאַר־כיסטן־קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. נאָר אויך צו די איז דער רעוואָ־לוציאָנערער טריבונאַל געווען מילד: קיין טויט־שטראָף איז פאַר קיינעם ניט ארויסגעטראָגן געוואָרן. די מערסטע אָפּיצערן זיינען באַלד באַפרייט געוואָרן און די פאַרביסענע שונאים פון דער אַרבעטער מאַכט זיינען פאַר׳משפּט געוואָרן צו טורמע אויף קליינע טערמינען.

די אויסערגעוויינלאַכע מילדקייט פון דעם רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל האָט ארויסגערופן גרויס באַוואונדערונג אפילו צווישן די גע׳משפּט׳ע. די אמת׳ע מאָנאַרכיסטן און קאָנטער־רעוואָלוציאָ־נערן זיינען אָבער דערמיט ניט געווען גאָר צופרידן... שטרעבנדיק מאַכן צו „קליין־געלט" דעם איינדרוק, וואָס דער רעוואָלוציאָ־נערער טריבונאַל האָט געמאַכט אַפּ׳ן ברייטן עולם, האָבן זיי פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די באָלשעוויקעס זיינען אַזוי מילד דאָס מאָל בלויז דערפאַר, ווייל זיי פילן שוין זייער סוף... און דאָס טוען זיי צוליב דעם, כדי די באַפעלקערונג זאָל אויך צו זיי מיט־לייד האָבן, אַז ס׳וועט קומען זייער שעה...

נאָר דער עולם האָט שוין אויפגעהערט צו גלויבען אין די אַלע באָבע־מעשיות: ער האָט געזען, אַז די סאָוועטן־מאַכט ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג.

---

פאַרענדיקט מיט די אָפּיצערן, איז דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל צוגעטראָטן צום משפּט׳ן די אַרעסטירטע מענשעוויס־טישע פירער — קיסעלענקאָ׳ן און פעדאַרקאָוו׳ן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דער שטאָטישער טורמע. די יעניקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָבן זיך זייער אינטערעסירט מיט׳ן גורל פון די אַרעסטירטע, האָבן איצט געהאַט גרויסע האָפנונג,

אַז דער איספּאָלקאָם, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גוט־הערציקייט צו די אָפּיצערן, וועט אויך צו די געוועזענע אַרבעטער־פירער ניט זיין צו שטריינג און וועט די „לידערס“ פון דער „אָפּאָזיציע“ לאָזן פריי, ווייל קיין שום געפערלאַכע טאַטן פון זייער זייט איז שוין איצט ניט געווען צו דערוואַרטן: זייערע אָרגאַניזאַציעס זיינען זיך צופאַלן, די נאָכפאָלגער זייערע זיינען זיך צולאָפן...

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. די, וואָס זיינען געשטאַנען נאָנט צום איספּאָלקאָם און צו דעם רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל, האָבן געוואוסט, אַז קיין שום געפאַר פאַר די אַרעסטירטע שטייט ניט פאָר, אַז דער „משפּט“ וועט זיין מער ניט, ווי אַן אינסצע־נירטער אַגיטאַציאָנס־מיטל קעגן די שונאים פון דער סאָוועטן־מאַכט בכלל, און קעגן די מענשעוויקעס און עס־ערן בפרט. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך געצויגן דער משפּט. דער גרויסער שטאָט־טעאַטער, וואו דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל האָט גע־האַט זיינע זיצונגען, איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן — מערסטנ־טייל מיט אַרבעטער און אַרבעטערינס, וואָס האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן פּאַרטער און די לאָזשעס דער אַריסטאָקראַטישער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט געמוזט אַרויפקלעטערן אין דער הויך אַף דער „גאַליאָרקע“ און פון דאָרטן מיט גרויס האַרצווייטאָק געקוקט אַף די ערשטע רייען סאַמעטענע שטולן און אַף די שיין־פאַרפּוצטע לאָזשעס, וואָס זיינען פאַרכאַפּט פון דעם „המון“...

אַלס פּאַרטיידיקער פון די אַרעסטירטע זיינען אַרויסגעטראָטן פרייוויליק די אָנגעזעענסטע יוריסטן פון שטאָט: בוש, ענגל, לאַדיזשענסקי; די באַשולדיקער זיינען געווען פאַבריק־אַרבעטער: דודקאַ, מאָגילני, מאַקסימאָוו. פון איין זייט האָבן געשצמעריrט פראַקן און פרעס־ווייסע העמדער פון די דיפּלאָמירטע פּאַרטיי־דיקער און פון דער אַנדער זייט האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די פאַרשמאָלצענע פון אַרבעט זשאַקעטלאַך און שוואַרצע בלוזעס פון די באַשולדיקער... אָט דאָס בילד, אָט דעם קאָנטראַסט צווישן די פּאַרטיידיקער און באַשולדיקער האָט דער רעוואָלוציאָנערער

טריבונאַל אויסגענוצט אין דער פֿולער מאָס און מיט גרויס ער־פֿאָלג. מיט אַ גלענצנדיקער רעדע וועגן דער פֿאַררעטערישער ראָלע פֿון די מענשעוויקעס און עס־ערן איז אַרויסגעטראָטן דער פֿאָרזיצער פֿונ׳ם איספּאָלקאָם, חבר דיומין. ער האָט זיי פֿאַר־גליכט מיט שלאַנגען, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט אויסגע־האָדעוועט אויף זיין אייגענער ברוסט:

— און איצט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט ענדלעך אַראָפּ־געוואָרפֿן פֿון זיך די אייזערנע קייטן און איז געוואָרן אַליין דער הערשער איבער זיין גורל און איבער אַלץ, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן דורך אים, מיט זיינע פֿאַרמאַזאָליעטע הענט, — איצט קומען די שלאַנגען, וואָס ער האָט דערוואַרעמט אויף זיין העלדישער ברוסט, און פֿאַרמעסטן זיך אַריינצושלענגלען זיך אין זיין האַרץ! די הערן קיסעלענקאָ און פֿעדאָרקאָוו געהערן צו אָט דעם מין שלאַנגען! נאָר מיט איין אונטערשייד: זייער בייסן איז שוין פֿאַר די האָרעפּאַשנע מאַסן ניט געפֿערלאַך; זייער סם האָט זיך אויסגעוועפּט און האָט פֿאַרלאָרן דעם כח צו טויטן... זיי — אָט די קיסעלענקאָס און פֿעדאָרקאָווס — זיי זיינען, נאָך מיין מיינונג, איצט מער לעכערלאַך ווי געפֿערלאַך. דעריבער דיינק איך, אַז דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל באַדאַרף זיי אָפּלאָזן בשלום, נאָר פֿאַרזאָגן איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל, אַז זיי זאָלן מער ניט פּלאַפּלען מיט זייערע צינגער און ניט שטערן דעם אַרבעטער־קלאַס בויען זיין אַרבעטער־מלוכה...

נאָך דער דאָזיקער שלום־רעדע האָט דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל אַרויסגעטראָגן זיין פּסק־דין:

„די באַשולדיקטע ווערן פֿאַררעכנט פֿאַר דער אָפֿענער גע־זעלשאַפֿטלאַכער מיינונג אַלס פֿאַררעטער פֿון דיעם אַרבעטער־קלאַס; זיי ווערן אָפּגעלאָזט בשלום בלויז מיט אַ תנאי, אַז פֿון היינט אָן וועלן זיי מער ניט פֿאָרזעצן זייער פֿאַרברעכערישע טעטיקייט, אַלס מיטהעלפֿער פֿון דער שוואַרצער קאָנטר־רעוואָ־לוציע; אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זיי נוצן אויס די גע־

געבענע פרייהייט אַף אונטערגראָבן די ארבעטער־מאכט, — דאַן וועט קומען די שטרענגסט׳ע שטראָף".

די באפרייאונג פון קיסעלענקאָ׳ן און פעדארקאָוו׳ן האָט נאָך מער פארגרעסערט דעם גוטן שם פונ׳ם איספּאָלקאָם און פון דער סאָוועטן־מאכט בכלל. דער פשוט׳ער עולם האָט זיך געפרייט, וואָס גאָט האָט אים צוגעשיקט אַ גוט־הארציקן איספּאָלקאָם און בכלל גוטע באָלשעוויקעס...

.14

# דער אויפשטאַנד פון די אינוואַלידן.

צווישן דער באַפעלקערונג האָט געהערשט אַ געהויבענע שטימונג. דאָס לעבן אין שטאָט איז אָנגעגאַנגען שטיל, רואיק. דער אַרבעטער־קלאַס האָט געפייערט זיין זיג איבער די שוואַרצע כחות. ס'האָט זיך געדוכט, אַז איצט וועט שוין קיינער ניט שטערן דער פּראָלעטאַרישער מאַכט בויען דאָס נייע לעבן.

פּלוצלינג האָט זיך ווי אַ שוואַרצע כמאַרע פאַרצויגן איבער דער שטאָט. דאָס, אַף וואָס עס האָבן געהאָפט די שונאים פון דער סאָוועטן־מאַכט, איז געשען: די קלאַנגען, אַז דייטשן און עסטרייכער קומען אָקופּירן גאַנץ אוקראַינע און אויך אונזער געגנט, טאַווריע, זיינען באַשטעטיקט געוואָרן. די לעצטע ידיעות האָבן שוין גערעדט וועגן דעם, אַז די עסטרייכער זיינען שוין נאָענט צו יעקאַטערינאָסלאַוו. ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז דער באַן־פאַרקער צווישן אונזער געגנט און דעם צענטער איז איבערגע־ריסן. דער איינציקער וועג אָפּצוטרעטן — איז דער ים, אַף יעיסק. פון דער שטאָט יעיסק איז נאָך דאָ אַ מעגלאַכקייט אויס־נוצן אויך דעם באַן־פאַרקער צו דערגרייכן אַ מער זיכערן פּונקט פאַר דאָס האָב־און־גוטס, וואָס מ'מוז ארויספירן פון שטאָט, כדי עס זאָל ניט פאַרכאַפּן ווערן פון די עסטרייכער, וואָס וועלן אומ־באַדינגט פאַרנעמען אויך אונזער געגנט...

דער איספּאָלקאָם האָט זיך אַ נעם געטאָן ראַטעווען די גרויסע לאַגערן מעל און צוקער, וואָס זיינען געווען אָנגעגרייט צום אָפּשיקן אין די הונגעריקע מאַסקווע און פּעטראָגראַד.

דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער סאָוועטן־מאַכט איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עוואַקואַציע־אַפּאַראַט. טאָג און נאַכט

האָבן זיך געצויגן צענדליקער פורן, אָנגעלאָדן מיט בערג זעק מיט מעל, מיט ווייץ, מיט צוקער. אַ שרעקלאַכע אימה איז אָנגעפאַלן אַף דער באַפעלקערונג.

מען האָט געקוקט אַף די בערג זעק מיט אַל־דאָס־גוטס, וואָס ווערט אָפּגעפירט צום האַפן, וואו עס זיינען געשטאַנען דריי גרויסע דאַמפשיפן — גרייט אָפּצופאָרן, — און פאַר די אויגן האָט זיך שוין געטראָגן אַ בילד, ווי די הונגעריקע עסטרייכער באַפאַלן די אויסגעליידיקטע שטאָט און צוראַבירן די רעשטלאַך האָב־און־גוטס...

און אַ שרעק פאַר דעם קומענדיקן הונגער האָט אָנגעפילט די הערצער פון דעם פּשוט'ן עולם...

---

גאָר אַן אַנדער שטימונג האָט געהערשט אין די פאַרבאָר־גענע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קרייזן.

אַ ווילדע פרייד האָט ארומגעכאַפּט די שונאים פון דער סאָוועטן־מאַכט, ווען זיי האָבן דערזען די איילעניש מיט דער עוואַקואַציע... ס'האָבן דערוואַכט די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן. אויך דער „צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט" איז אויפ־געשטאַנען פון זיין שלאָף. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן געהיימע באַ־ראַטונגען צווישן די פאָרשטייער פון דעם אינוואַלידן־פאַרבאַנד מיט אַלע רעכטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען...

אין דער צייט, ווען דער איספּאָלקאָם האָט אָנגעשטרענגט אַלע כחות צו ראַטעווען אַלץ, וואָס איז נויטיק און וויכטיק פאַר דער צענטראַלער מאַכט, כדי זי זאָל קענען אָנפירן דעם ווייטער־דיקן קאַמף קעגן די שונאים פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד, — אין דער זעלבער צייט האָבן די מענשעוויקעס און עס־ערן אַף זייערע געהיימע זיצונגען געהאַלטן אין איין זוכן מיטלען, ווי אַזוי ניט דערלאָזן אַרויספירן די גרויסע לאַגערן מעל און צוקער, וואָס די באָלשעוויקעס נעמען צו מיט זיך...

— וואָס גייט זיי אָן די שטאָט און די באַפעלקערונג?! — האָט שוין ווידער געשטורמט קיסעלענקאָ. — זיי גייען זיך אַוועק

און מיר מוזן דאָ בלייבן און פאַרטיידיקן די ערע פון אונזער פאַטערלאַנד! ווי קענען מיר גלייכגילטיק צוזעהן, ווי זיי צוראַ־בעווען דאָס האָב און גוטס?! דאָס געהערט צו דער באַפעלקי־רונג, צו דער שטאָט, און זיי האָבן קיין שום רעכט ניט ארויס־פירן פון שטאָט וואָס אַ האָר איז ווערט! ווי קענען מיר דער־לאָזן, אַז די שטאָט זאָל הונגערן, ווען זיי וועלן דאַרטן לעבן אַ גוטן טאָג!

— מ׳דאַרף אויפהויבן די אַרבעטערשאַפט פון די פאַב־ריקן, — האָט געפאָדערט פּעדאָרקאָוו. — זאָלן די האַרעפּאַשנע מאַסן אַליין אָפּשטעלן די רויבעריי! זאָלן די אַרבעטער פאָדערן פון דעם איספּאָלקאָם אָפּשטעלן דעם ארויספיר פון עסנוואַרג! זאָלן זיי נעמען, וואָס זיי ווילן, נאָר ניט קיין מעל און ניט קיין צוקער!

אָט דעם גוואַלד האָבן די מענשעוויקעס און עס־ערן צוטראָגן איבער׳ן שטאָט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן...

די אָפּגעשטאַנענע טיילען פון דער אַרבעטערשאַפט זיינען באַלד אויפגערייצט געוואָרן קעגן דעם איספּאָלקאָם. פון די אייזן־פאַבריקן „מאַטיאַס" און „גריצווז" איז געשיקט געוואָרן אַ דעפּו־טאַציע צום איספּאָלקאָם — תיכף אָפּשטעלן דעם ארויספיר פון שפּייז־פּראָדוקטן. דער איספּאָלקאָם האָט געגעבן דער דעפּוטאַציע צו פאַרשטיין, אַז עס ווערט ארויסגעפירט נאָר דאָס, וואָס עס געהערט צו די צענטראַלע גובערניעס, וואָס ס׳איז געוועזן ספּעציעל אָנגעגרייט צום אָפּשיקן אין מאָסקווע און פּעטראָגראַד. וואָס איז שייך דער באַפעלקערונג, איז דאָ גענוג שפּייז־פּראָדוקטן אין די שטאָטישע לאַגערן און קאָאָפּעראַטיווע קראָמען און זיי דאַרפן זיין גאַנץ רואיק: קיין הונגער וועט די באַפעלקערונג ניט ליידן.

— חוץ דעם, — האָט דער איספּאָלקאָם געגעבן דער דעפּו־טאַציע צו פאַרשטיין: אויב מיר וועלן דאָס ניט ארויספירן, וועט עס סיי ווי סיי ארייננפאַלן צו די עסטרייכער אָדער צו די דייטשן אין די הענט, ווייל זיי קומען אַהער נאָר צוליב אונזער גוטס! דאָס דאַרפן די אַרבעטער ניט פאַרגעסן! און זיי זיינען

פאַרפליכטעט אונז העלפן אין דער שווערער אויפגאַבע צו ראַטע־
ווען דאָס גוטס און ניט איבערלאָזן עס דעם שונא!

די דעפוטאַציע האָט זיך אַ בארויקטע אומגעקערט צו די
פאַבריקן, נאָר די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן האָבן זייער
אַגיטאַציע ניט אָפּגעשטעלט. זיי האָבן געהאַלטן אין איין אייִנ־
רעדן די אַרבעטער־מאַסן, אַז דער איספּאָלקאָם נאַרט זיי, אַז ער
פירט אַרויס אַלץ ביז אַ האָר, און די ברייטע פאָלקס־מאַסן וועלן
מוזן ליידן הונגער... ס׳איז געשיקט געוואָרן צום איספּאָלקאָם אַ
נייע דעפוטאַציע — פון מענשעוויקעס, רעכטע עס־ערן און פאָר־
שטייער פון דעם אינוואַלידן־פאַרבאַנד — מיט אַ פאָדערונג אומ־
באַדינגט באַלד אָפּצושטעלן דאָס אָנלאָדן די שיפן מיט שפּייז־
פּראָדוקטן. דער איספּאָלקאָם האָט קאַטעגאָריש געענטפערט, אַז
קיין איין פונט צוקער און קיין איין זאָלאָטניק מעל, וואָס געהערט
ניט צו דער שטאָט, נאָר צו דעם הונגעריקן צענטער, וועט ער דאָ
ניט איבערלאָזן:

— דאָס מוז און דאָס וועט אַרויסגעפירט ווערן!

דער קאַטעגאָרישער ענטפער פונ׳ם איספּאָלקאָם איז מצד די
מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן אויסגענוצט געוואָרן ווי אַ
באַווייז, אַז דער איספּאָלקאָם וויל ניט פרידלאַך דערפילן „דעם
ווילן פון די ברייטע פאָלקסמאַסן", און ס׳איז געגעבן געוואָרן אַ
סיגנאַל צו אַזאַ געשעעניש, וואָס דער איספּאָלקאָם האָט גאָר ניט
פאָראויסגעזען: ס׳האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד מצד די
„אינוואַלידן"...

דער אינוואַלידן־פאַרבאַנד האָט שוין פון לאַנג אָן געטראָגן
אַ שנאה קעגן דעם איספּאָלקאָם, פאַר וואָס מ׳האָט אים אָפּגע־
זאָגט אין דער שטיצע, וואָס דער פאַרבאַנד פלעגט רעגולאַר באַ־
קומען פון דעם פריערדיקן סאָוועט און פון דער דומע. איצט
האָבן די אינוואַלידן באַשלאָסן אָפּרעכענען זיך מיט׳ן איספּאָלקאָם.
ס׳איז שנעל געשאַפן געוואָרן אַ „מיליטער־שטאַב", אין וועלכן עס
זיינען אַריין פאָרשטייער פון דעם אינוואַלידן־פאַרבאַנד און פון
אַנדערע רעכטע אָרגאַניזאַציעס.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די אינוואַלידן געהאַט בא זיך אין א געהיימען אָרט געווער ביקסן, שווערדן, אפילו א קוילנוואַרפער.

אָפ׳ן דריטן טאָג פון דער פיבערהאַפטער עוואַקואַציע, ווען די שיפן זיינען שוין געווען אָנגעלאָדן מיט מעל, ווייץ און צוקער, האָט דער „מיליטער־שטאַב" געגעבן א סיגנאַל צו א באוואָפנטן אויפשטאַנד. מחנות אינוואַלידן זיינען אַרויסגעטראָטן אין די גאַסן, אנטוואָפנענדיק די סאָוועטישע מיליציע, וואָס האָט געהאַלטן אָרדנונג אין שטאָט. איינצייטיק איז אָנגעקומען א מחנה אינוואַלידן צום האַפן, האָט פאַרנומען דעם אריינגאַנג צו די שיפן און אַרעסטירט די צוויי מיטגלידער פון׳ם איספּאָלקאָם, ווילנער׳ן און גאָרבענקאָ׳ן, וואָס האָבן אָנגעפירט די אַרבעט ביים אָנלאָדן די שיפן. ס׳איז אַלץ געשען אַזוי שנעל און אומדערוואַרטעט, אַז דער איספּאָלקאָם האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן. צוויי מיטגלידער פון׳ם איספּאָלקאָם — טאַלימאַס און גרינשטיין — האָבן גענומען א קוילנוואַרפער און מיט נאָך עטלעכע באוואָפנטע אַרבעטער א לאָז געטאָן זיך אויף אן אויטאָמאָביל צום האַפן. די אינוואַלידן האָבן זיי באַגעגנט מיט א האָגל קוילן.

אין דער צייט, ווען באם האַפן איז אָנגעגאַנגען א שלאַכט צווישן די אינוואַלידן און די באוואָפנטע אַרבעטער, האָט אן אַנדער טייל אינוואַלידן אַרומגערינגלט די געביידע פון סאָוועט. פון דאָרטן האָט זיך א שאָט געטאָן אויף זיי א שיסעריי. אין איין אויגנבליק זיינען די צענטראַלע גאַסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א שלאַכטפעלד. אין לופטן האָט זיך געטראָגן א פייפעריי פון די קוילן.

די באפעלקערונג האָט זיך פאַרבאָרגן אין די הייזער, אין די קעלערס.

די אינוואַלידן האָבן געזיגט. אַלע מיטגלידער פון׳ם איספּאָלקאָם זיינען אַרעסטירט און פאַרזעצט געוואָרן אין טורמע.

די מאַכט איז אַריבער צום „מיליטער־שטאַב" פון די אינוואַלידן.

15.

## דער אומקום פונ׳ם איספּאָלקאָם.

פון די איספּאָלקאָם מיטגלידער האָט זיך נאָר איין טאָלי־מאַס געראַטעוועט. ארויסלאָזנדיק דעם לעצטן קויל פונ׳ם קוילנ־וואַרפער, האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ געהיימן ווינקל — און אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג האָט ער זיך אַן איבערגעטאָ־נענער אין ווייבערשע קליידער, אַ לאָז געטאָן אַף אַ פישער־שיפל איבער׳ן ים צו יענער שטעטל, וואו עס זיינען געווען די מאַט־ראָסן; ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט זיי דאָרטן נאָך טרעפן און מיט זייער הילף ראַטעווען דעם איספּאָלקאָם און די שיפן מיט די נויטיקע פּראָדוקטן פאַר דער צענטראַלער מאַכט. ווענן דעם, וואָס טאָלימאַס׳ן האָט זיך איינגעגעבן אַנטלויפן און אַז ער קען ברייננגען ווידער די מאַטראָסן, — איז קיינעם אַפ׳ן זינען ניט געקומען. אין דער שרעקלאַכער בהלה האָט מען אפילו ניט באַמערקט, אַז טאָלימאַס פעלט אויס...

אַף מאָרגן האָבן זיך שוין אַף די גאַסן באַוויזן נייע מילי־ציאַנטן מיט ווייס׳ע בענדער אַף די אַרבל. די איינוואוינער זיינען אַרויסגעקראָכן פון די לעכער און האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר־זאַמלען אַף די גאַסן מאַסנווייז. ווי קינדער איבערגעלאָזט אַף הפקר, האָבן זיך מענטשן אַרומגעדרייט איבער די גאַסן, ניט ווייסנדיק, וואו זיי זיינען, און וואָס מען הויבט אָן צו טאָן...

די נייע מיליציאַנטן האָבן פאַרדעכטיק נאָכגעקוקט יעדן באַזונ־דער און באַפעלנדיק געשריען:

— זייט אַזוי גוט, בירגער, גייט זיך פאַנאַנדער! ס׳איז שטרענג פאַרבאָטן צו פאַרזאַמלען זיך אַף די גאַסן! גייט זיך, וואו יעדער באַדאַרף! ניטאָ וואָס צו שטיין און סטאַרטשען די אויגן!...

דער עולם פלעגט זיך כלומרשט צוגיין און באלד ווידער זיך פאַרזאַמלען אין קרייזלאַך. פון מינוט צו מינוט זיינען די גאַסן אַלץ מער און מער פאַרפלייצט געוואָרן מיט מענטשן: אַלע — פון גרוים ביז קליין — האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון די הייזער און צושראָקענע געקוקט אין דער ווייט:

— עס וועט זיך ניט אָנהויבן ווידער דאָס שיסעריי?!

— אהאַ... טייערינקע! כע.. כע... אַריינגעפאַלן! כע... כע... — האָט זיך געהערט אין איין קרייזל אַ צושטשערבעטער קול פון אַן אַלטיטשקן וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אָפּגע־בליאַקעוועטן אָפיצערן־מאַנטל מיט אַ מעדאַל אויף דער ברוסט.

— כע... כע... געווען הערשער אויף אַ ווײַלע — און שאַ־באַש! איצט זייט מוחל, קומט אין חדר אַריין... כע... כע.., רוט זיך אָפּ, ברידערלאַך, אין דער טורמע... אָט דאָ איז אייער אָרט — כע... כע...

— און וואָס איז מיט „זאַיקען" *) האַ? מ'האָט זי גע־פּאַקט? — האָט זיך נייגעריק געווענדעט צו יעדן פונ'ם קרייזל אַ פיש־הענדלערין מיט אַ מולטער געפּרעגלטע פיש אויף דעם אַקסל. — מ'האָט זי געפּאַקט?

— געפּאַקט, מומינקע, געפּאַקט! די פויגעלע זיצט שוין אין איר שטייגעלע... כע... כע... — האָט זיך אָפּגערופן דער זעלבער אַלטעטשקער גענעראַל.

— געלויבט און געדאַנקט איז גאָט! — האָט זיך די פישערקע איבערגעציילעמט און איז אַוועקגעלאָפן ווייטער.

צו מיטאָג־צייט זיינען אויף אַלע גאַסן פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן מודעות, אונטערגעשריבענע פון דריי פּאָליטישע אַנ־שטאַלטן: „דעמאָקראַטישע דומע", „מיליטער שטאַב" און צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט". אין די מודעות איז געווען געזאָגט:

„די אויפגעבראַכטע באַפעלקערונג איז אויפגעשטאַנען קעגן דער הייפעלע רויבער און שווינדלער, וואָס האָבן געוואָלט צו־

*) זאַיאַ גאָרבענקאָ.

דאַבירן די שטאָט, און האָט זיי פאַרשפּאַרט אין טורמע. פון היינט אָן איז ווידער איינגעשטעלט די אמת'ע רעוואָלוציאָנערע מאַכט — סיי די בירגערלאַכע און סיי די מיליטערישע. די בירגערלאַכע מאַכט וועט זיך איצט געפינען אין די הענט פון דער דעמאָקראַטישער דומע און די מיליטערישע — אין די הענט פון דעם „מיליטער שטאַב“.

אין דער זעלבער צייט, ווען די איינוואוינער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַף די גאַסן לעבן די מודעות, — איז אין דעם „מיליטער שטאַב“ אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער ויכוח צווישן די „סאָציאַליסטן“ און די „אינוואַלידן“ וועגן דעם אַרעסטירטן איס־פּאָלקאָם. די שוואַרצע־מאה'ניקעס האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי תיכּף „צושטעלן צום ווענטל“ און קיסעלענקאָ, פעדאָראָקאָוו און גאַלקין האָבן גע'טענה'ט, אַז דאָס טאָר בשום אופן ניט געשען. די אַרעסטירטע מוזן געשטעלט ווערן פאַר אַן אָפענעם פאָלקס געריכט, וואָס באַדאַרף געשאַפן ווערן פון סאָציאַליסטישע און אַרבעטער פאָרשטייער.

— אין דעם נאָמען פון די אַרבעטער־מאַסן, — האָט זיך געהיצט קיסעלענקאָ, — פאָדער איך, אַז די אַרעסטירטע זאָלן תיכּף איבערגעפירט ווערן פון דער טורמע אַף גריעוויז־פאַבריק! דאָרט וועלן זיי זיך אויפהאַלטן אונטער אַ שטאַרקער וואך פון אונזערע איבערגעגעבענע חברים ביז דעם טאָג פון געריכט!

— מיר וועלן ניט דערלאָזן, — האָט צוגעגעבן פעדאָראָקאָוו, — אַז די העלדישע טאַט פון דעם אויפגעבראַוזטן פאָלק זאָל דערנידעריקט ווערן דורך אַן אכזריות'דיקער גוואַלדטאַט איבער די אַרעסטירטע! די אַרבעטער מאַסן הויבן שוין אָן אויסניכטערן זיך פון דער באָלשעוויסטישער משוגעת — און אַן אָפענער פאָלקס־געריכט איבער די פּאָליטישע פאַרברעכער וועט צוציען צו אונז די סימפּאַטיע פון די גרויסע האָרעפּאַשנע מאַסן. זאָלן די אַרעסטירטע זיך געפינען אין דער רשות פון די אַרבעטער! זאָלן די אַרבעטער אַליין אַרויסטראָגן זייער פּסק־דין!

די טענות פון קיסלענקאָ, פעדאָרקאָוו און אַנדערע האָבן

אָבער ניט איבערצייגט די שוואַרצע מאַה'ניקעס פון דעם „מילי־טער שטאַב“. עס האָט זיי איבערצייגט דער ערשטער שאָס פון די האַרמאַטן, וואָס האָט אַ דונער געטאָן פון ים־זייט...

ווי וואַנזיניקע האָבן זיך געטראָגן איבער די גאַסן צו־שראָקענע איינוואוינער. קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער עס שיסט אויף דער שטאָט מיט אַזוינע שרעקלאַכע קוילן, וואָס ברו־מען אין דער לופט ווי טייוואָלים...

דאָס האָבן געשאָסן פון ים־האַרמאַטן די מאַטראָסן, וואָס טאָלימאַס האָט געבראַכט אויסצולייזן דעם איספּאָלקאָם און די שיפן. זיי זיינען געבליבן שטיין הינטער דעם „וואָלנאָרעז *) — אַ האַלבער מייל פון ברעג און פון דאָרטן געבאָמבאַרדירט די שטאָט.

די האַרמאַטן האָבן איבערגעריסן דעם ויכוח אינ'ם „מילי־טער־שטאַב“...

קיסעלעווקאָ, פעדאָרקאָוו, גאַלקין, בוש און דער פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו, האָבן זיך באַלד געזעצט אין אויטאָמאָביל און זיך אַ לאָז געטאָן צום האַפן.

— דאָס זיינען די מאַטראָסן! — האָט אויסגעשריען בוש, נאָך דעם ווי ער האָט דורך אַ גרויסן ים־בינאָקל געקוקט אין דער ווייט, וואו די שיף איז געשטאַנען. — הפנים אימיצער האָט זיי געגעבן צו וויסן וואָס דאָ האָט פּאַסירט, און זיי באָמ־באַרדירן די שטאָט...

קיסעלענקאָ האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַרויפקלעטערן אויף דעם האַפן־שפּיץ, פון וואַנען מען קען בעסער זען די שיפן וואָס קומען אָן.

— גאָום אַניסימאָוויטש... וואָס טוט איר! — האָט דער פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו אַ דערשראָקענער אויסגעשריען. — זיי וועלן דאָך לאָזן אין אייך אַ קויל, די ראַזבאָיניקעס!

— מ'דאַרף ראַטעווען די שטאָט, האָט קיסעלענקאָ קלע־

*) כוואַליע־ברעכער.

טערנדיק געענטפערט — און איז אין איין אויגנבליק אַרויף אין דער הויך. דאָרטן, אַרויסכאַפּנדיק אַ ווייס נאַזטיכל פון טאַש, האָט ער אָנגעהויבן פאָכן דערמיט אין דער לופטן. צי די מאַטראָסן האָבן באַמערקט דאָס פאָכן מיט דער טיכל, צי דורך אַן אַנדער סיבה, נאָר די שיסעריי איז פּלוצלינג אָפּגעשטעלט געוואָרן. קיסעלענקאָ איז אַלץ געשטאַנען אין דער הויך און האָט געפאָכט מיט זיין נאַז־טיכל...

באַלד איז געוועזן צו מערקן, ווי אַ קליין שיפל איז אָפּגעשוואומען פון דער גרויסער שיף אין דער ריכטונג צום האַפן.

אַז דאָס שיפל האָט זיך דערנענטערט אַף אַזוי פיל, אַז מען האָט געקאָנט זען, ווער עס זיצט אין איר, האָט קיסעלענקאָ, וואָס איז נאָך אַליין געשטאַנען אין דער הויך, אַ געשריי געטאָן:

— טאָלימאַס איז דאָרטן, אין שיפל!

— טאָלימאַס?! — האָבן פאַרוואונדערט אויסגעשריען די איבעריקע מיטגלידער פון „מיליטער שטאַב“. און ס'איז זיי אַלעמען קלאָר געוואָרן די מעשה.

דאָס שיפל מיט די מאַטראָסן האָט זיך נאָך אַביסל דערנענטערט און טאָלימאַס האָט פון דער ווייט אַ געשריי געטאָן:

— מיר פאָדערן דעם איספּאָלקאָם און די אָנגעלאָדענע שיפן!

קיסעלענקאָ האָט פאָרגעלייגט אָפּשטעלן דאָס באָמבאַדירן און זען אויסגעפינען אַ פרידלאַכן אויסוועג.

---

די פאַרהאַנדלונגען זיינען געוועזן קורץ.

די מאַטראָסן האָבן געפאָדערט תיכף אַרויסגעבן זיי אַלע אַרעסטירטע מיטגלידער פון דעם איספּאָלקאָם און אויך די שיפן מיט מעל, ווייץ און צוקער. אויף דערפילן די פאָדערונג האָבן זיי געגעבן דריי שעה צייט:

— אויב אין די דריי שעה צייט וועט אונזער פאָדערונג ניט דערפילט ווערן, וועלן מיר ווידער אָנהייבן באָמבאַרדירן

די שטאָט מיט נאָך גרעסערע קוילן! מיר וועלן אַ שטיין אויף אַ שטיין ניט איבערלאָזן! מיר וועלן חרוב מאַכן די שטאָט!

און זיי זיינען באַלד אָפּגעשוואומען צוריק צו זייער שיף.

מיט גרויס פּחד האָט די באַפעלקערונג געוואַרט אויף דעם באַשלוס פון׳ם מיליטער־שטאַב וועגן דער פאָדערונג פון די מאַטראָסן:

— וועט דער „שטאַב" איינגיין דערויף, צי ניט? און אַז ניט — וועלן די מאַטראָסן דאָך געוויס אָנהייבן ווידער באָמבאַר־דירן...

אַ שעה צייט האָט געדויערט די באַראַטונג אין דעם מילי־טער־שטאַב, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן:

1) אַלע אַרעסטירטע וועלן איבערגעפירט פון טורמע אויף דער פאַבריק „גריעוויז".

2) עקסטראַ שאַפן אַ פאָלקס־געריכט פון פאָרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — און זאָל דער געריכט אַרויסגעבן זיין אורטייל.

3) די מעל, ווייץ און צוקער בשום אופן ניט אָפּגעבן, ווייל דאָס געהערט צו דער באַפעלקערונג פון דער גאַנצער געגנט.

4) געבן צו וויסן די מאַטראָסן און אויך די אַרעסטירטע איספּאָלקאָמצעס, אַז אויב דאָס באָמבאַרדירן וועט זיך ווידער אָנהויבן, וועלן אַלע אַרעסטירטע אַרויסגעפירט ווערן אויפ׳ן ברעג ים און וועלן דאָרט דערשאָסן ווערן.

צוויי פאָרשטייער פון שטאַב זיינען דעלעגירט געוואָרן צו די אַרעסטירטע איבערגעבן זיי, וואָס עס קומט פאָר, און באַקאַנט מאַכן זיי מיט די באַשלוסן פון דעם מיליטער־שטאַב.

די איספּאָלקאָמצעס האָבן געענטפערט:

— זיי ווילן אויך אַן אָפענעם פאָלקס־געריכט. זיי זיינען קעגן דעם באָמבאַרדירן פון דער שטאָט. זיי זיינען גרייט צו שיקן פון זיך אַ חבר צו די מאַטראָסן, בעטן זיי, אַז זיי זאָלן די שטאָט ניט באָמבאַרדירן, ווייל זיי ווילן, עס זאָל פאָרקומען דער פאָלקס־געריכט, וואו זיי וועלן קענען פאַר דער גאַנצער באַ־

פעלקערונג דערווייזן, אַז זיי האָבן געהאַנדלט ווי רעוואָלוציאָ־נערן און ניט ווי רויבער. דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף זען אין זיי ניט קיין שווינדלער, נאָר קעמפער, פּאַרטיידיקער פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

די געגעבענע דריי שעה צייט אויף צו דערפילן די פאָדערונג פון די מאַטראָסן זיינען שוין געווען ביים סוף, ווען די דעלע־גאַציע פונ׳ם מיליטער־שטאַב צוזאַמען מיט׳ן מיטגליד פון איס־פּאַלקאָם, חבר וואָלקאָוו, זיינען צוגעקומען צום האַפן אַרויסרופן צו זיך די פאַרשטייער פון די מאַטראָסן. צום אומגליק האָט זיך אַ געדיכטער נעבל פאַרצויגן איבער׳ן ים און ס׳איז געווען אוממעגלאַך מיט אַ צייכן געבן צו וויסן די מאַטראָסן, אַז מ׳וואַרט אויף זיי.

— ס׳איז געבליבן בלויז פופצן מינוט, — האָט קיסעלענקאָ אומרואיק אַ זאָג געטאָן. — לאָמיר זיך זעצן אין אַ שיפל און צופאָרן צו זיי.

— וואָס? צו די גזלנים? — האָט דערשראָקן אויסגע־שריען דער פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו. — איר שפּאַסט?

— פאָר איך אַליין! — האָט קיסעלענקאָ בייז געענטפערט.

— קום, וואַסיאַ, — האָט ער זיך פלוצלינג חבר׳יש געווענדעט צו וואָלקאָוו׳ן, — מיר וועלן אַליין פאָרן.

— קום! — האָט וואָלקאָוו קורץ געענטפערט.

מיט צושראָקענע אויגן האָבן די פאַרבליבענע — איוואַ־נאָוו און בוש — באַגלייט דאָס שיפל:

— ער וועט זיך שוין פון דאָרטן ניט אומקערן, — האָט בוש אַרויסגעשטאַמלט.

— פאַנטאַזיאָר! — האָט דער פּאָלקאָווניק אַ שפּיי געטאָן.

— מיר האָבן דאָ מער ניט וואָס צו טאָן. די ראַזבאַינקעס וועלן אונז ניט שאַנעווען. מ׳דאַרף געפינען אַן אַנדער אויסוועג. קומט, לאָמיר פאָרן אין דער דומע: איך האָב אַ פּלאַן!

דעם פּאָלקאָווניק׳ס פּלאַן איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: ניט וואַרטן אויף דער „גוטהערציקייט" פון די „גזלנים" און

פרואוון זיך צונויפרעדן דורך א דירעקטן דראָט מיט איינער פון די נאָענטע שטעט, — נאגאיסק, מעליטאָפּאָל — אפשר זיי־נען שוין אהין אָנגעקומען די אַנטאַנטישע מיליטער, און ארויס־רופן אהער מיליטערישע הילף. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און צום דירעקטן טעלעגראַף־דראָט זיינען געשיקט געוואָרן בוש און פעדאָרקאָוו. ווי נאָר די דעלעגירטע זיינען אוועק צו דער טעלעגראַף־סטאַנציע, האָט א דונער געטאָן א הארמאַט: בום! בום! בום!

— מ׳באָמבאַרדירט!! — האָט זיך ארויסגעריסן א געשריי פון טויזנטער הערצער, און די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן קריכן אין די קעלערס, באַהאַלטן זיך אונטער ווענט פון הויכע מויערן. א גרויסער טייל איינוואוינער האָט זיך א לאָז געטאָן פון שטאָט אין די פעלדער, צו די נאָענטע דערפער...

דאָס ווענדן זיך דורך דעם דירעקטן טעלעגראַף־דראָט האָט געהאַט א געוואונשטן דערפאָלג: אין א קליין שטעטל נאגאיסק, וואָס האָט זיך געפונען 25 וויאָרסט פון אונזער שטאָט, איז אָנ־געקומען א מיליטערישע אָפּטיילונג, וואָס „ליקווידירט“ דאָרטן דעם באָלשעוויזם...

— תיכף ומיד שיקן אהין א דעלעגאַציע בעטן מיליטערישע הילף! — אזוי האָט באַשלאָסן די דעמאָקראַטישע דומע, און פעדאָרקאָוו מיט בוש׳ן זיינען באַלד אַף אַן אויטאָמאָביל אוועק־געפלויגן צום שטעטל נאגאיסק.

דאָס באָמבאַרדירן האָט לאַנג ניט געדויערט: ס׳איז ארויס־געלאָזט געוואָרן א צענדליק קוילן איבער׳ן שטאָט און ס׳איז באַלד שטיל געוואָרן.

אין עטלאַכע מינוט נאָך דעם, ווי בוש און פעדאָרקאָוו זיי־נען אָפּגעפאָרן, איז געקומען קיסעלענקאָ. די איבערגעשראָקענע מיטגלידער פון דער דומע האָבן זייערע אייגענע אויגן ניט גע־גלויבט:

— קען דאָס זיין, אז ער איז גאַנץ געבליבן, זייענדיס בא די „ראזבאָיניקעס“ אין די הענט?!

קיסעלענקאָ, אַ מידער, האָט זיי דערציילט, ווי טאַלימאַס האָט געוואָלט אים „שיקן כאַפּן פיש“ (דאָס הייסט, אריינוואַרפן אין ים), נאָר וואָלקאָוו האָט ניט דערלאָזט:

— די מאַטראָסן זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן, וואָס דער איספּאָלקאָם וויל דאָ פאַרבלייבן ביז'ן פאָלקס־געריכט, און פון כעם האָבן זיי ארויסגעלאָזט עטלאַכע קוילן. דאָס באָמבאַרדירן וועט שוין מער ניט זיין; זיי האָבן זיך שוין אַ לאָז געטאָן אין ים, די מאַטראָסן.

די נייס האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט, און די באַפעלקערונג האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. דאָס שרעקלאַכסטע איז שוין פאַריבער.

שפּעט אין אָוונט זיינען צוריקגעקומען בוש און פעדאָרקאָוו.

די געביידע פון דער דומע איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אַף די נייס, וואָס די שלוחים דאַרפן ברענגען.

— נו? וועמען האָט איר דאָרט געטראָפן? — האָבן די מענשעוויקעס און עס־ערן ארומגערינגלט פעדאָרקאָוו'ן.

פעדאָרקאָוו, אַ בלאַסער מיט אַ פאַרגליווערטן שרעק אין די ברייט־פאַנאַנדערגעעפנטע אויגן, האָט קוים ארויסגעשטאַמלט:

— מיר האָבן דאָרט געטראָפן דראָזדאָוו'ס *) „קאַראַטעלני אָטריאַד“, בלויז אָפיצערן... צאַרישע אָפיצערן... זיי האָבן דאָרטן אויסגעשחט'ן צענדליקער אַרבעטער, אין דעם קליין שטעטל... דער אָטריאַד קומט באַלד אהער... —

און ער האָט זיך פלוצלינג צעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

די „סאָציאַליסטן“ האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, און שוואַרצע שאָטנס האָבן זיך צעשפּרייט איבער זייערע פּנים'ער...

ניט רעדנדיק מיט קיינעם קיין וואָרט, איז קיסעלענקאָ באַלד אוועקגעלאָפן צו די אַרעסטירטע:

*) אַ באַוואוסטער צאַרישער גענעראַל.

— איך בין געקומען אייך אָנזאָגן, אז אהער קומט א „קאַ־ראַטעלני אָטריאַד“ פון צאַרישע אָפיצערן. אייערע לעבנס זיינען אין גרויס געפאַר. איך וויל אייך געבן א מעגלאַכקייט אנטלויפן פון דאַנען. איך וועל זען, מ'זאָל באַלד אַוועקשטעלן א וואך פון אונזערע פאַרטיי־חברים, און זיי וועלן אייך ניט פאַרהאַלטן: איר'ט קענען אומגעשטערט אַרויסגיין און אויסבאַהאַלטן זיך. זייט גרייט. אז אונזער וואך וועט אַוועקגעשטעלט ווערן, וועט מען אייך געבן צו וויסן.

די איספּאָלקאָמצעס (ווי קיסעלענקאָ האָט שפּעטער דער־ציילט) זיינען געזעסן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און האָבן קיין וואָרט אים ניט געענטפערט. קיסעלענקאָ האָט זייער שווייגן אָנגע־נומען פאַר גוטהייסן, און איז אַוועק אויספירן זיין פּלאַן צו ראַטעווען די אַרעסטירטע. נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט... איידער קיסעלענקאָ'ס חברים זיינען געקומען פאַרנעמען די וואך־פּאָסטן, איז שוין אָנגעקומען דער אָפיצערן־אָטריאַד, און לעבן דער פאַבריק איז שוין געשטאַנען א וואך פון פינף־זעקס אָפיצערן מיט אַנטבלויזטע שווערדן...

אַף מאָרגן פרי זיינען אַלע אַרעסטירטע אונטער א שטאַרקן „קאָנוואָי“ אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער גריעוויז־פאַבריק און איבערגעפירט געוואָרן צוריק אין טורמע. אַרום 12 אַזייגער באַטאָג האָבן שוין די אַרעסטירטע פּאַרווייז געמאַרשירט הינטער דער שטאָט, אונטער דער באַגלייטונג פון דעם אָפיצערן־אָטריאַד...

די גאַנצע שטאָט האָט זיך פאַרזאַמלט אַפ'ן גרויסן פּלאַץ נעבן דער טורמע, בשעת מ'האָט די אַרעסטירטע אַרויסגעפירט.

דאָרט, הינטער דער שטאָט, אַף א גרינער לאָנקע, נעבן אַן איינגעפאַלענער וואַנט פון א געוועזענער ציגל־פאַבריק, האָבן גע־פונען א העלדישן טויט די 18 קרעפּטיקע, יונגע, באַגייסטערטע קעמפער...

די צאַרישע אָפיצערן, וואָס דער איספּאָלקאָם האָט דאָ גאָר ניט לאַנג באַשיצט און באַפרייט, האָבן איצט מיט זייערע אייגענע הענט דעם איספּאָלקאָם אויסגעשאָכטן...

.16

## די נייע הערשער. .

א גאנצע וואָך האָבן אין אונזער שטאָט געבושעוועט די אַפּיצערן־דראָזדאָווצעס. אָפּגערעכנט זיך גזלנ׳יש מיט די מיט־גלידער פונ׳ם איספּאָלקאָם, האָבן זיי זיך אַ נעם געטאָן פאַר די ארבעטער פון שטאָט און פאַר די פּויערים פון די ארומיקע דער־פער. אַ בלוטיקער שליאַך האָט זיך געצויגן פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף. הונדערטער קרבנות זיינען געפאַלן פון די מערדערס הענט. אַ שווידערלאַכער יאָמער האָט זיך געטראָגן פון די ארבעטער־קוואַרטאַלן, פון די קרומע געסלאַך, וואו ס׳האָבן געוואוינט אָרימע לייט. ס׳איז געווען גענוג אימיצער זאָל בלויז אָנווייזן, אז דער און דער איז אַ „באָלשעוויק" — און דער פּסק־דין איז געווען קורץ:

— ראַסטרעליאַט! *)

וואָס איז שייך אַן אָרימאַן אַ אידן, איז די לאַגע געווען נאָך שרעקלאַכער:

— אַ זשיד? אַ האָלדראַנעץ? געווים אַ באָלשעוויק! — ראַסטרעליאַט!

בלויז די פּאַרמעגלאַכע אידן זיינען געווען מער אָדער ווייניקער זיכער מיט׳ן לעבן: זיי האָט מען געהאַלטן פאַר „גע־ווינשטע בירגער"... אמת, די „געווינשטקייט" האָט זיי אָפּגע־קאָסט אַ שיין ביסל געלט...

אין דער צייט, ווען די ארבעטערשאַפט און די אָרימע אידישע באַפעלקערונג האָבן טאָג און נאַכט געלעבט אין שרעק, דערוואַרטנדיק יעדער רגע אַן איבערפאַל פון די שיכור׳ע אָפּי־צערן, — אין דער זעלבער צייט זיינען אין די רייכע הייזער און

*) דערשיסן.

אין די גרויסאַרטיקע רעסטאָראַנען אָנגעגאַנגען הוליאַנקעס און באַנקעטן לכבוד די „רעטער פון פאָטערלאַנד“... פשוט׳ע רוצחים, בלוט־דורשטיקע חיות, האָבן זיך די דראָזדאָווצעס נאָך געהאַלטן פאַר די „אמת׳ע פאָרשטייער פון דער רוסישער אינטעליגענץ“, — פאַר „קולטור־טרעגער“. די העכערע מיליטערישע אָפיצירן האָבן פריי גערעדט פראַנצויזיש, געשטאָלצירט מיט „רוסישער נאַציאָנאַלער קונסט, מוזיק, ליטעראַטור“, גע׳דרשנ׳ט וועגן הויכע אידייען, געהאַלטן רעדעס וועגן „ליבע צום פאָטערלאַנד און נאַציאָנאַלע ערע“. און אין דער זעלבער צייט גע׳שיכור׳ט אף וואָס די וועלט שטייט, אויסראָטנדיק מיט פייער און פלאַם די „באָלשעוויסטישע סוואָלאָטש“ און די „זשידאָווסקאָיע אָטראָדיע“...*)

— אונזער גרויסע אויפגאַבע באשטייט אין דעם, — האָט גע׳דרש׳נט אף אַ זיצונג פון דער דומע דער פאָלקאָווניק פונ׳ם אָטריאַד — אַז די גאַנצע געגנט זאָל אָפגערייניקט ווערן פון באָלשעוויסטישן שמוץ נאָך איידער אונזערע אַזוי גערופענע „אויסלייזער“ — דייטשן און עסטרייכער — וועלן קומען אהער. די נאַציאָנאַלע ערע און דער רוסישער שטאָלץ דיקטירן אונז און אויך אייך, בירגער, אַז מיר זאָלן אַליין, מיט אונזערע אייגענע קרעפטן איינשטעלן דאָ אָרדנונג און געזעצלאַכקייט! אַז די איראָפּייער, וואָס קומען אהער, זאָלן ניט קענען זאָגן:

— אָט, מיר האָבן אייך געראַטעוועט פון די באָלשעוויקעס, און דעריבער האָבן מיר דאָס רעכט צו הערשן און געוועלטיקן איבער אייך!

—ניין! מיר וועלן אַליין מיט פייער און פלאַם אויסראָטן יעדן שפור פונ׳ם עקלהאַפטן באָלשעוויזם! — האָט דער פאָלקאָווניק משונה׳דיק געשריען און גזלנ׳יש געגלאַנצט מיט די אויגן.

— און איר, בירגער, איר וועט קענען מיט שטאָלץ באַגעגענען די דייטשן און זאָגן:

— ווילקאָמען, מיינע הערן! איר זייט בא אונז געווינשטע געסט, נאָר אנטשולדיקט: קיין באָלשעוויקעס האָבן מיר שוין

*) יהודישער אָפּשטאָם.

ניט: נאָך איידער איר זיינט געקומען האָבן זיך מיט זיי גוט אָפּגערעכנט אונזערע העלדן, די טרייע דינער פון אונזער הייליקן פאָטערלאַנד...

אַט אַזעלכע רעדעס האָבן די צאַרישע אָפיצערן געהאַלטן אויף אַ גרויסע מיטינגען אונטער דעם פרייען הימל פאַר אַ טויזנט־קעפּיקן עולם, וואָס האָט געציטערט פאַר די נייע הערשער, פאַר די גילדערנע עפּאָלעטן. דער עולם האָט צוגעהערט די אַלע דרשות און געשוויגן. בלויז איינצעלנע פון די געדונגענע פּאַט־ריאָטן פלעגן רייסן דעם האַלז, שרייענדיק „הורא" און פּאַטשן מיט די הענט.

אַפ׳ן זעקסטן טאָג פון דראָזדאָוו׳ס בלוטיקער ממשלה זיינען אָנגעקומען די עסטרייכער. זיי זיינען אָנגעקומען, ווי געזעצלאַכע באַלעבאַטים. די דראָזדאָווצעס האָבן זיי באַגעגנט מיט גרויס דרך־ארץ און אונטערטעניק איבערגעגעבן די מאַכט. אַף דעם אָפּשייד־אָוונט, וואָס די „דעמאָקראַטישע דומע" האָט איינגעאָרדנט לכבוד דעם אָפיצערן־אָטריאַד זיינען אַנוועזנד געווען צוויי עסטרייכישע אָפיצערן: דער נייער קאָמענדאַנט פון שטאָט און זיין אַדיוטאַנט. דער פּאָלקאָווניק פון דעם אָטריאַד איז געווען זייער ניט צופרידן, וואָס די סאָציאַליסטישע מיטגלידער פון דער דומע זיינען צו דעם אָוונט ניט געקומען. לויט דעם אָפיציעלן באַריכט האָט ער אין זיין אָפּשייד־רעדע צווישן אַנדערעס געזאָגט:

— מיך וואונדערט ניט, וואָס איך זע דאָ ניט אייערע „סאָציאַליסטלאַך"... יעדער סימן פון שטאַרקער מאַכט דער־ווידערט זיי! זיי קענען עס ניט פאַרטראָגן! אין דעם פּרט זיינען די באָלשעוויקעס גערעכט: אַט די אַזוי גערופענע מענ־שעוויקעס און עס־ערן האָבן נאָר ליב צו שפּילן אין „רעוואָלוציע" און „סאָציאַליזם"... זייער שטיפן איז ניט געפערלאַך, ווען ס׳איז איינגעשטעלט אַ פעסטע אָרדנונג, אַ שטאַרקע מאַכט, נאָר אין דעם איצטיקן פאַראַנטוואָרטלאַכן מאָמענט זיינען אָט די סאָציאַ־ליסטלאַך ניט ווייניקער געפערלאַך, ווי די „באָלשעוויקעס"...

דעם פּאָלקאָווניק׳ס דרשה איז באַלד איבערגעזעצט געוואָרן

אף דייטש פאַר די „הויכע געסט‘‘“, און ביידע עסטרייכישע אָפיצערן, אויפהויבנדיק זיך פון אָרט, האָבן שטורמיש אפּלאָדירט זייער „געזינונגס־גענאָסע“, דעם רוסישן פּאָלקאָווניק...

---

דאָס פּאַלן פון דער סאָוועטן־מאַכט אין אונזער געגנט, און די פאַרניכטונג פון דער באָלשעוויסטישער און לינקער עס־ערישער אָרגאַניזאַציעס האָבן אריינגעבראַכט אַ נייעם לעבן אויך אין די מענשעוויסטישע קרייזן. זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע אינ'ם געזעלשאַפטלאַכן לעבן פון שטאָט. צי ווייל צו זיי זיינען איצט צוגעקומען אַ סך באָלשעוויסטיש־גע־שטימטע עלעמענטן, צי די שרעקלאַכע געשעענישן האָבן אַזוי געווירקט, נאָר די מענשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע איז אין אַלגעמיין אַ סך לינקער געוואָרן. דאָך האָט זי פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקן רעכטן פליגל, מיט אַ פירער איינעם לאַדיזשענסקי, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מאַרקסיסטישן טעאָרעטיקער. (ס'איז אים אַמאָל געלונגען אָפּצודרוקן אַן אַרטיקל וועגן מאַרקסיזם אין אַ מאַרקסיסטישן זשורנאַל...). זיינע אָנהייגער זיינען מערסטנטייל געווען אָנגעשטעלטע פון אַלערליי קראָמען, קליינע בעלי־מלאָכות, לופט־מענטשן. אַט דער לאַדיזשענסקי איז געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר אַ ברייטן און טיפן „קאָנטאַקט“ מיט דער בורזשואַזיע, מיט אַלע „לעבעדיקע כחות“ פון לאַנד, אריינגערעכנענדיק צווישן די לעבעדיקע כחות פון די אָפיצירן־דראָזדאָווצעס... לאַדיזשענ־סקי און זיינע נאָכפאָלגער זיינען געשטאַנען פאַר דעם, אַז די סאָציאַליסטישע מיטגלידער פון דער דומע זאָלן זיך יאָ באַטיי־ליקן אין דעם באַנקעט לכבוד די אָפּפאָרנדיקע אָפיצערן, נאָר דער לינקער פליגל און דער צענטער האָבן עס מיט „שטורם“ אָפּגע־וואָרפן. דער צענטער פון דער מענשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון קיסעלענקאָ'ס אָנהייגער. דאָס זיינען געווען פאַרגליווערטע מאַרקסיסטן־אינטעליגענטן, וואָס האָבן געהאַט איין הויפט־אויפגאַבע: אָפּהיטן די „ריינקייט און זיכערקייט“ פון מאַרקסיזם און געדולדיק וואַרטן ביז די סאָציאַליסטישע אָרדנונג

וועט פאַרווירקלאכט ווערן אָן קיין שום אָנשטריינגונגען מצד דעם פּראָלעטאַריאַט... דער באַדייטנדער און ערנסטער טייל פון דער מענשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע איז אָבער געווען דער לינקער פליגל, צו וועלכן עס האָבן געהערט איבערהויפּט אַרבעטער פון פאַבריקן און פון גרויסע ווערקשטאַטן. דער אומגליק איז געווען, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאַסיקן פירער. אַ קליין שטיקל צייט איז אָן דער שפּיץ פון׳ם לינקן פליגל געשטאַנען פעדאָרקאָוו, נאָר פון גרויס עגמת־נפש, וואָס ער איז געווען איינער פון די שולדיקע אין דעם איספּאָלקאָם־אומקום (ווייל ער איז מיטגעפאָרן מיט בוש׳ן ברייננגען מיליטערישע הילף קעגן די מאַטראָסן, וואָס האָבן באָמבאַרדירט די שטאָט), האָט ער זיך אין גיכן אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון פּאַרטייאישער אַרבעט, און איז אָפּגעפאָרן פון שטאָט.

אָט דער לינקער פליגל איז געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַליזם און האָט געהאַלטן מאַרטאָוו׳ן פאַר דעם וועג־וויייזער... מער פון אַלעמען האָט זיך אין דער גרופּע אויס־געצייכנט אַ יונגער בחור׳ל — גרישקאַ גראָזבערג, אַן ערנסטער, אַ פלאַמענדיקער, פלעגט ער אָפט זיין דער „זאַטשינטשיק“ פון אַלע שטורמישע זיצונגען אין דער אָרגאַניזאַציע. עס האָבן אים נאָר אויסגעפּעלט קענטענישן, „וואָגיקע אַרגומענטן“, מיט וועלכע דער אַלטער דערפאַרענער „לידער“ קיסעלענקאָ פלעגט אים שטענ־דיק אָפּהאַקן זיינע יונגע פליגלען... פונדעסטוועגן האָבן די אַרבעטער נאָכגעפאָלגט אָט דעם „אומוויסנדיקן“, נאָר פלאַמענ־דיקן בחור׳ל, אינסטינקטיוו פילנדיק, אַז אין אים אַנטוויקלט זיך אַן אמת׳ער קעמפער.

אין אים, אין דעם נײַנצן־יאָריקן אינגל, האָט געברענט דער אמת־רעוואָלוציאָנערער פייערל, וואָס האָט נאָך געהאַלטן אין פאַנאַנדערפלאַקערן זיך. דאָס פייערל האָט העל געלויכטן און גערופן די אַרבעטער צום קאַמף קעגן דער ווילדער שוואַרצער רעאַקציע, וואָס איז פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער און גרויז־זאַמער געוואָרן.

.17

## די יורשים.

די עסטרייכער האָבן באַלד פאַרעפנטלאַכט אַ דעקלאַראַציע צו דער באַפעלקערונג — אַף דייטש און אַף רוסיש. אין דער דעקלאַראַציע האָבן זיי געגעבן דעם עולם צו וויסן, אַז:

„...דערפילנדיק דעם ווילן פון רוסישן פאָלק, האָבן די גרויס־מעכטע פון אייראָפּע איינגעוויליקט אָנצואווענדן אַלע מיטלען וואָס שנעלער צו קומען צו הילף דער פריינטלאַכער רוסישער אימפּעריע מיט זייער גרויסער דערפאַרונג אין מלוכה־אָנגעלעגנ־הייטן, און מיט דער הילף פון זייערע מעכטיקע אַרמייען שאַפן אין רוסלאַנד אַן אמת דעמאָקראַטישע אָרדנונג, לויט׳ן מוסטער פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער.“

ווייטער איז געווען געזאָגט:

„...מיר זיינען געקומען צו אייך, רוסישע בירגער, ניט ווי שונאים, נאָר ווי גוטע פריינט, כדי צו העלפן אייך מאַכן אַ סוף צו דער שרעקלאַכער אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין אייער לאַנד.

„...מיר וועלן שטיין אַף דער וואַך, אַז קיין שום אומרעכט זאָל ניט באַגאַנגען ווערן בנוגע די פּרינציפּן פון פּריוואַט־אייגנ־טום און אינדיווידועלער איניציאַטיוו...

„...יעדער בירגער פון דער פרייער דעמאָקראַטישער רוסלאַנד האָט דאָס רעכט צו באַשעפטיקן זיך, מיט וואָס ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן באַשעפטיקט, לויט זיינע פעאיקייטן, און קיינער טאָר אים ניט שטערן אין זיינע אונטערנעמונגען צו בויען זיין אייגן גליק...

„...דאָס פּריוואַט־אייגנטום, די אינדיווידועלע איניציאַטיוו—

זיינען די גרונט־שטיינער, דער פונדאמענט פון געזעלשאפטלאכן לעבן.

„...יעדער איינער, וואס וועט וואגן אפ וועלכן עס איז אופן, שריפטלאך צי מינדלאך, שאפן אומארדנונג, העצן דעם המון, רייצן די נידריקסטע אינסטינקטן פון דער מאסע, דער וועט פאררעכנט ווערן פאר דעם געפערלאכסטן פארברעכער קעגן דער דעמאקראטיע און וועט באקומען די שטרענגסטע שטראף...

„...כדי איינצושטעלן א פעסטע ארדנונג, האבן מיר געפונען פאר נויטיק ארויסצוגעבן פאלגענדע צייטווייליקע געזעצן :

„1) אין שטאט און אין דארף ווערט דערקלערט קריגס־צושטאנד.

„2) אלע מיטינגען, פארזאמלונגען ווערן פארבאטן.

„3) די יעניקע, וואס האבן בא זיך געווער : ביקסן, רע־וואלווערן, שווערדן, — זיינען פארפליכטעט אין משך פון דריי טעג איבערצוגעבן דאס דער נייער מאכט. פאר דעם געווער וועט זיין באצאלט.

„4) יעדער איינער, בא וועמען עס וועט (נאך די דריי טעג) געפונען ווערן וואסער ניט איז געווער, וועט באשטראפט ווערן, לויט די געזעצן פון קריגס־צושטאנד.

„5) אלע די, וואס וועלן די דאזיקע באפעלן ניט פאלגן, וועלן איבערגעגעבן ווערן צום מיליטער־געריכט און וועלן גע־משפט ווערן, לויט די געזעצן פון קריגס־צושטאנד."

וועגן די אלע געשעענישן פאר די לעצטע עטלאכע טעג האב איך זיך שוין דערוואוסט, ליגנדיק אין שפיטאל נאך א קליינער אפעראציע. די עסטרייכישע „דעקלאראציע" האט צו מיר אין שפיטאל געבראכט נעקראסאוו, וואס איז געווען א מיטגליד פון דעם „צווישן־פארטייאישן קאמיטעט".

מיטטיילנדיק וועגן אלץ, וואס עס איז פארגעקומען אין דער צייט פון מיין קראנקהייט, האט ער געזאגט :

— דער „צווישן־פארטייאישער קאמיטעט" האט אפגע־האלטן א לענגערע זיצונג וועגן אט דער „דעקלאראציע". אפילו

לאַדיזשעַנסקי איז אויפגעבראַכט קעגן דער אומפאַרשעמטער פּראָ־זעאַלאָגיע! די בורזשואַזיע, פאַרשטייט זיך, איז אַפּ'ן זיבעטן הימל... מ'הוליעט אַף וואָס די וועלט שטייט: ס'איז בא זיי ששון ושמחה, מ'לעקט די פּיאַטעס בא די נייע הערשער. דער „צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט" האָט באַשלאָסן: ווי נאָר עס וועט אַרונטערגענומען ווערן דער קריגס־צושטאַנד, זאָלן מיר אָנ־הויבן אַרויסגעבן אַן אַרבעטער־ צייטונג. אין דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע איז דערווייל אָנגעמערקט לאַדיזשענסקי און דער עס־ער זאַטאָנסקי. אונזער לינקער פליגל האָט אַרויסגעשטעלט דיין קאַנדידאַטור אַלס אַ דריטן מיטגליד פון דער רעדאַקציאָנס־קאָ־ליגיע.

— מיך? — האָב איך אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. — איך האָב קיין שום מגע־ומשא ניט מיט די לאַדיזשענסקיס און זאַטאָנסקיס.

— דאַריבער טאַקע שטעלן מיר, לינקע, אַרוים דיין קאַנ־דידאַטור. און לאַדיזשענסקי איז מיט דעם זייער ניט צופרידן... ווי לאַנג וועסטו נאָך זיין אין שפּיטאָל?

ער האָט זיך פּלוצלינג איבערגעבויגן איבער מיין בעטל און האָט מיר איינגערוימט אַ סוד:

— מיר האָבן שוין אַ פאַרבינדונג מיט דער אונטערערדישער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע. זיי באַגריסן אונזער פאַרזוך אַרויסצוגעבן אַ צייטונג.

— די צייטונג וועט לאַנג ניט עקזיסטירן. מ'וועט זי צו־מאַכן.

— זאָל עס זיין! און זאָלן די האָרעפּאַשנע מאַסן זען, וואָס פאַר אַ „דעמאָקראַטישע פרייהייט" מיר האָבן. די צייטונג דאַרף אַרונטעררייסן די דעמאָקראַטישע מאַסקע פון די אייראָ־פּעאישע רויבער! באַווייזן דער גאַנצער באַפעלקערונג, ווער זיי זיינען, און מיט וואָס אַ פּאַר אַ צילן זיי זיינען אַהער געקומען...

— און חוץ דעם — גוט אָנשמייסן די מענשעוויקעס און

עס־ערן פאַר זייער באוואוסטזיניקער און אומבאוואוסטזיניקער הילף צו דער שווארצער רעאקציע... — האָב איך צוגעגעבן.

— אין דעם זיג פון דער רעאקציע זיינען ניט ווייניקער שולדיק אויך די באָלשעוויקעס, — האָט ער שטיל געענטפערט.— ס'איז געווען געגנוג טעות'ן פון ביידע צדדים. נאָר איצט איז ניט די צייט צו פירן חשבונות. איצט האָבן מיר פאַר זיך אַן אַלגע־מיינעם שונא! און מיר מוזן מיט פאַראייניקטע קרעפטן באַ־קעמפן די שווארצע רעאקציע! די צייטונג וועט זיין אונזער געווער!

— גוט, מיר וועלן זען!

— ווען־זשע וועסטו פון דאַנען אַרויסגיין?

— אין אַ וואָך אַרום.

— נו, גוט! — ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט:—וועל איך איבערגעבן, אַז דו נעמסט אָן אונזער פאָרשלאַג.

שוין האַלטנדיק באַם אוועקגיין, האָט ער מיר שטיל אַ זאָג געטאָן:

— דיין גליק, ברודערקע, וואָס דו האָסט זיך אריינגעלייגט אין שפּיטאָל, די דראָזדאָווצעס האָבן דיך געזוכט פאַר זייער אוועקגיין...

— וואָס האָבן זיי זיך אַזוי שפּעט געכאַפּט זוכן מיך?

— ס'איז אַ סברה, אַז מען האָט זיי צו־שפּעט אינפאָר־מירט וועגן דיר...

מיר האָבן זיך ביידע פרייליך פאַנאַנדערגעלאַכט.

---

ווען איך בין אַרויס פון שפּיטאָל, איז נאָך דער קריגס־צו־שטאַנד געווען אין קראַפט, און וועגן אַרויסגעבן אַן אַרבעטער־צייטונג האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין. די דומע, ריכטיקער געזאָגט דער סאָציאַליסטישער פליגל פון דער דומע, האָט זיך געמיט עפּעס טאָן, כדי דער קריגס־צושטאַנד זאָל אַרונטערגענומען ווערן. די לעצטע ידיעות וועגן דער דאָזיקער שתדלנות זיינען געווען ניט גאָר קיין פרייליכע: דער עסטרייכישער שטאַב האָט געגעבן צו

וויסן דעם נייעם פֿאָרזיצער פֿון דומע, דעם געוועזענעם אָקטיאַב־ריסט אָלשאַנסקי'ן, אַז דער קריגסצושטאַנד וועט אָנגעהאַלטן ווערן, ביז עס וועט קלאָר ווערן, — ווער פֿון די געקומענע „אויס־לייזער" וועלן דאָ פֿאַרבלייבן: זיי, די עסטרייכער, צי די דייטשן. ווייל די דייטשן פּרעטענדירן אַף אַלע שטעט און דערפֿער, וואָס ליגן באַם אַזאָווער ים. די געגנט אונזערע האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ פּעטן ביסן, און צווישן די „מעכטע" איז, אַפּנים, אָנ־געגאַנגען אַ קאַמף פֿאַר דעם גוטן חלק...

אין עטלאַכע טעג אַרום נאָך מיין פֿאַרלאָזן דעם שפּיטאָל איז ווידער צו מיר געקומען דער זעלבער מישאַ נעקראַסאָוו.

— מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועט דער קריגס־צושטאַנד אַראָפּגענומען ווערן! קיסעלענקאָ איז געווען באַ אַלשאַנסקי'ן, און יענער האָט אים פֿאַרטרויט אַ סוד, אַז דער באַפֿעל וועגן אָפּשאַפֿן דעם קריגס־צושטאַנד איז שוין פֿאַרטיק. היינט־מאָרגן וועט ער פֿאַרעפֿענטלאַכט ווערן.

— ווער־זשע וועט הערשן דאָ? די עסטרייכער צי די דייטשן?

— דאָס איז נאָך ניט באַוואוסט. ווי עס שיינט, וועלן די עסטרייכער מוזן פֿון דאַנען אָפּטרעטן: די דייטשן זיינען גרע־סערע יחסנים...

— נעכטן דראָזדאָוועס... היינט עסטרייכער... מאָרגן דייטשן... אַ מין שדים־טאַנץ, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— און סוף כל סוף וועלן זיי אַלע ברעכן די קעפּ!! — האָט ער אַרויסגעבראַמט: — קום, קיסעלענקאָ וועט היינט האַלטן אַ פֿאָרטראַג פֿאַר אַן ענגן קרייז פֿאַראַנטוואָרטלאַכע חברים — וועגן דיעם איצטיקן מאָמענט. ס'וועט זיין אַ פֿאָרשטייער פֿון די אונטערערדישע באָלשעוויקעס...

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אַף דער געהיימער פֿאַרזאַמלונג. מיר זיינען גע־גאַנגען מיט פֿינסטערע הינטערגעסלאַך צו אַ פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל אין עק שטאָט. דאָרטן, אין אַ קליין שטיבעלע, באַ אַ

פאבריק־ארבעטער, האָבן מיר שוין געטראָפן דעם גאַנצן „צווישן פּאַרטייאישן קאָמיטעט". קיסעלענקאָ איז שוין אויך געווען. מען האָט געוואַרט אױף דעם פאָרשטייער פון דער אונטערערדישער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר ער איז ניט געקומען.

ווי טרויריק האָט אויסגעזען די קליינע פאַרזאַמלונג! נאָך אַזאַ שטורמדיקן, פילפאַרביקן, עפּענטלאַכן פּאָליטישן לעבן קומען צוריק צו די אַמאָליקע קליינע געהיימע באַראַטונגען אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל, איינגעהילט אין שאָטנס, ציטערנדיק פאַר יעדן שאָרך, — וואָס קען זיין טרויעריקער?!

מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע האָט קיסעלענקאָ מיטגעטיילט:

— מאָרגן וועט דער קריגס־צושטאַנד אָפּגעשאַפט ווערן. דאָס איז שוין באַשטימט. ס'איז שוין אויך באַוואוסט, אַז די עסטרייכער גייען אַוועק, און עס קומען אַהער די דייטשן. מיר דאַרפן אויסנוצן אָט דעם איבערגאַנגס־מאָמענט און אָנהויבן אַרויסגעבן אונזער אַרבעטער־צייטונג. אַז די דייטשן וועלן קומען, זאָלן זיי שוין טרעפן אונזער צייטונג. דאָס איז זייער וויכטיק. די רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע מוז באַלד צוטרעטן צו דער אַרבעט. די דרוקעריי פון די געוועזענע „איזוועסטיאַ" איז אין אָרדנונג. עס איז דאָ גענוג פּאַפּיר אויך. די דומע האָט געוואָלט פאַרנעמען די דרוקעריי און דעם לאַגער פּאַפּיר אַרויסצוגעבן אַ דעמאָקראַטישע צייטונג. נאָר דער סאָציאַליסטישער פליגל פון דער דומע האָט פּראָטעסטירט. מיר האָבן דערוויזן, אַז די דרוקעריי און דער לאַגער פּאַפּיר, וואָס איז פאַרבליבן פון די באָלשעוויקעס, געהערט צו דעם „צווישן־פּאַרטייאישן קאָמיטעט", ווייל מיר, סאָציאַליסטן, זיינען די דירעקטע יורשים פון דעם געוועזענעם איספּאָלקאָם...

אַ שווידער איז דורכגעגאַנגען איבער אַלע גלידער פון קיסעלענקאָ'ס לעצטע ווערטער. קיסעלענקאָ אַליין האָט זיך ווי דערוואָרגן מיט'ן וואָרט „איספּאָלקאָם". אַלע זיינען געזעסן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אין דעם האַלב־פינסטערן קאַמערל שוועבן אַרום די שאָטנס פון די אומגעקומענע מיט־

גלידער פון איספּאַלקאָם און עס הערט זיך זייער אונטערערדישע שטים:

— איר זייט אונזערע יורשים?! — טאָ ווישט אָפּ דעם בלוטיקן פלעק פון זיך! זאָלן אייערע הערצער זיך אָנצינדן מיט שנאה צו די אַלערליי „יורשים“, וואָס זיינען, ווי וועלף, אָנגע־פאַלן אַף אונזער אָרימער לאַנד! באַווייזט, אז איר זייט קעמ־פער! הויבט אויף די רויטע פאָן, וואָס מ׳האָט מיט אייער הילף אַרויסגעריסן פון אונזערע הענט! האַלט שטייף די פאָן! מיר וועלן נאָך קומען! און ס׳וועט הערשן און געוועלטיקן די איינציקע מאַכט — די מאַכט פון אַרבעטער און פּויערים!...

.18

## אונטער דעם יאָך פון די דייטשן.

מיט דער אָפּשאַפונג פון קריגס־צושטאַנד, זיינען די עסטרייכער אויסן געווען ניט די טובה פון דער באַפעלקערונג: זיי האָבן פשוט געוואָלט אָפּטאָן א שפּיצל די אָנקומענדיקע דייטשן: זאָלן זיי, הייסט עס, טרעפן דאָ די „רוסישע אַנאַרכיע" און אליין איינשטעלן אָרדנונג...

און די עסטרייכער האָבן פּלוצלינג אָפּגעלאָזט די לייצעס, זיינען געוואָרן שרעקלאַכע דזשענטל־לייט, גוואלדיקע דעמאָקראַטן — כמעט „סאָציאַליסטן". ס'איז אין שטאָט געווארן פריילאך, לעבעדיק. די ארבעטער־פאראיינען האָבן אָנגעהויבן אָנפירן אַן אקטיווע טעטיקייט; ס'איז באלד געשאַפן געוואָרן א פּראָפּעסיאָנעלע ביוראָ, וואָס האָט געקראגן פון דער שטאָט א גרויסן מויער מיט א זאל פאר לעקציעס, פאר מיטינגען, פארזאמלונגען. ס'האָט געקאָכט און גערוישט אין די ארבעטער־קווארטאלן. דער ערשטער נומער פון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאזעטא" (אזוי האָט געהייסן די נייע אַרבעטער־צייטונג), האָט ארויסגערופן אַ גוואלדיקן אינטערעס ניט בלויז צווישן די ארבעטער. מ'האָט געשמועסט, אז די עסטרייכער זיינען אויך זייער צופרידן, וואס עס איז ערשינען א סאָציאַליסטישע צייטונג, ווייל זיי זיינען „ציוויליזירטע אייראָפּייער און שעצן סאָציאַליסטישע אידייען"...

לכבוד דעם ערשטן נומער פון דער צייטונג איז אָפּגעהאלטן געווארן א ריזיקער מיטינג, אַף וועלכן עס זיינען ארויסגעטראָטן מיט פייערדיקע רעדעס קיסעלענקאָ, לאַדיזשענסקי, דער עס־ער זאטאנסקי און גרישקא גראוזבערג.

— מיר האָבן געקעמפפט קעגן דעם רויטן טעראָר ניט צוליב דעם, מיר זאָלן זיין אונטער׳ן יאָך פון דער שווארצער רעאקציע,— האָט שוין ווידער געדונערט קיסעלענקאָ: — און זאָלן אלע די, וואָס פארמעסטן זיך הערשן איבער אונז, ניט מיינען, אז מיר האָבן שוין אויפגעגעבן דעם קאמף! ניין! און טויזנט מאָל ניין! ס׳איז נאָך דאָ גענוג פולווער ביי אונז! און מיר וועלן אונזער קאמף פאָרטזעצן, — דעם קאמף פאר אונזערע ליכטיקע סאָציאַ־ליסטישע אידייען! און זאָלן וויסן אלע שווארצע כחות, — סיי אינערלאכע, סיי אויסערלאכע — אז סוף כל סוף וועט זיגן די ליכט, די גערעכטיקייט, דער אלוועלטלאכער סאָציאַליזם!

די ארבעטער־מאסן, דורשטיקע נאָך א פרייען וואָרט, האָבן שטורמיש אפלאָדירט קיסעלענקאָ׳ן. אפילו לאדיזשענסקי, וועלכער איז געווען מער צופרידן מיט די אויסלענדישע הערשער, ווי מיט די אייגענע באָלשעוויקעס, — אפילו ער האָט זיך אויך צופלאקערט און אין א „הויך־ליטעראַרישער" רעדע האָט ער דורכגעפירט א „פאראלעל צווישן די באָלשעוויקעס און אנדערע הערשער".

— די באָלשעוויקעס האָבן מיט זייער פארברעכערישער טעטיקייט אליין זיך געטויט. זיי האָבן אליין מיט זייערע אייגענע הענט אונטערגעהאקט דעם צווייג, אף וועלכן זיי זיינען געזעסן... דאָס זעלבע וועט פאסירן מיט יעדער מאכט, וואָס וועט זיך דערלויבן אונטערדריקן די ברייטע פאָלקס־מאסן, כדי צו געוועל־טיקן איבער זיי מיט געוואלד! מיר האָבן אראָפגעשליידערט פון טראָן די צארישע זעלבסט־הערשאפט! — האָט ער פאטע־טיש אויסגעשריען, ארויסשטעלנדיק פאָראויס די ברוסט, ווי א העלד:—כדי דאָס פאָלק זאָל זיך קאָנען פריי אנטוויקלען—און קיינע אר־זור־פא־טאָרן*) — זאָלן עס זיין באָלשעוויקעס פון לינקס, צי באָלשעוויקעס פון רעכטס, — וועלן אָט די גרונט־אידייע אונזערע ניט פארניכטן! זי לעבט, די אידייע אונזערע, און זי וועט זיגן!

---

*) מאכט־פארכאַפּער.

— מיר ווילן גלויבן — האָט ער באַלד געלאָסענער צוגע־געבן, דערשרעקנדיק זיך פּלוצלינג פאַר זיינע אייגענע, צו־שאַרפע ווערטער — מיר ווילן גלויבן, אַז אונזערע אויסלענדישע ארויס־העלפער זיינען טאַקע אין דער אמת'ן פריינט פון אונזער גרויסער רואינירטער לאַנד און וועלן באמת העלפן רוסלאַנד איינשטעלן און פאַרפעסטיקן די געוואונטע דעמאָקראַטישע אָרדנונג! דאָס ווילן מיר, דאָס דערוואַרטן מיר, דערויף האָפן מיר!

די אָנהענגער זיינע, די אַלע פּריקאַזטשיקעס פון גאַלאַנטעריי און פּאַרפיום־קראָמען, די אָפּגעשטאַנענע בעלי־מלאכות און קליינע באַלעבעסלאַך האָבן מיט גרויס התלהבות אויפגענומען די „גאָל־דענע ווערטער" פון זייער פירער, — און לאַדיזשענסקי איז געווען העכסט צופרידן מיט זיין ערפאָלג ביי די „ברייטע פאָלקס־מאַסן"...

נאָר אָט זיינען געקומען די דייטשן. די עלעגאַנטע עסטרייי־כער, אפּגעזעגנט זיך מיט די רייכע רעסטאָראַנען און מיט זייערע „געליבטע", — האָבן אפּגערייניקט דעם אָרט פאַר די שטאָלצע, בייז־אָנגעכמורעטע יונקערס מיט זייערע מיליטער־אפּטיילונגען, וואָס פלעגן בלויז מיט'ן אויסזען אַליין אָניאָגן אַ פּחד אויף די פאַרשראָקענע איינוואוינער.

אָן קיין שום ספּעציעלע באַפעלן האָבן זיך די דייטשן באַלד אַ נעם געטאָן פאַר די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און פאַר די אַרבעטער פאַראיינען. אַלע אַרבעטער־קלובן זיינען פאַרנומען געוואָרן אַלס וואוינונגען פאַר די דייטשע סאָלדאַטן. איבער אַלע גאַסן האָבן געמאַרשירט דייטשע פּאַטרולן און געהאַלטן „אָרדנונג". ווי נאָר עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען אַ דריי־פיר מענטשן, — איז שוין דער פּאַטרול געווען לעבן זיי און מיט די ווערטער „פאַר־פלוכטע באָלשעוויקעס", צעטרייבן, אַרעסטירן...

צו דער צייט איז שוין אַרויס דער דריטער נומער פון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ", וואו ס'איז געווען בולט באַשריבן דער ריזיקער מיטינג, וואָס איז אפּגעהאַלטן געוואָרן לכבוד דער צייטונג. חוץ דעם זיינען די לייט־אַרטיקלען אין אַלע נומערן געווען געוויד־

מיט דער אָקופּאַציע. דאָס האָבן די דייטשע הערשער ניט געקאָנט פאַרטראָגן.. די רעדאקציע האָט באַקומען א באַפעל אז דער „פאַר־אַנטוואָרטלאַכער רעדאַקטאָר" זאָל באַלד קומען צום קאָמענדאַנט. אַזוי ווי קיין „פאַראַנטוואָרטלאַכן רעדאַקטאָר" האָבן מיר ניט געהאַט, האָב איך אין דעם נאָמען פון דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע געענטפערט שריפטלאַך, אַז מיר קאָנען ניט דערפילן דעם וואונש פונ'ם קאָמענדאַנט. און וואָס אַנבאַלאַנגט די מיטגלידער פון דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע זיינען זיי זייער באַשעפטיקט און האָבן ניט קיין צייט צו באַזוכן דעם קאָמענדאַנט. דער דאָזיקער ענטפער האָט אַרויסגערופן גרויס צאָרן בא דעם קאָמענדאַנט, און אַף מאָרגן אַרום צען אַזייגער אינדערפרי איז אין קאַנטאָר פון דער רעדאַק־ציע אַריינגעלאָפן דעם קאָמענדאַנט'ס אַדיוטאַנט, אין דער באַ־גלייטונג פון עפּעס א פּאַרדעכטיקן פּאַרשוין:

— וואו איז דער רעדאַקטאָר! — האָט דער אַדיוטאַנט א געשריי געטאָן צום אָנגעשטעלטן פון דער קאַנטאָר.

איך האָב זיך צופעליק געפונען אין א דערבייאיקן צימער, און האָב געהערט דעם יונקער'ס קול, און דאָס איבערזעצן זיין פראַגע אַף רוסיש פון אַן אַנדער שטים. איך בין באַלד אַריין אין קאַנטאָר.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָב איך זיך געווענדעט אויף רוסיש צו דעם יונקער'ס איבערזעצער. דער יונקער האָט א וואָרף געטאָן אויף מיר א פּאַרשנדן בליק:

— ווער איז דיזער הער?

— זאָגט אים, אז איך בין דאָ אַן אָנגעשטעלטער, א מיט־אַרבעטער.

דער משרת האָט מיט אַן אונטערטעניקער חניפה'לע איבער־געגעבן מיינע ווערטער דעם אָפיציר אויף דייטש.

— אויב אַזוי, האָב איך מיט אים ניט וועגן וואָס צו ריידן! —האָט דער יונקער מיט שטאָלץ א זאָג־געטאָן, אָפּקערנדיק זיך פון מיר, און האָט זיך ווידער אַרויפגעוואָרפן אויף דעם אָנגעשטעלטן פון דער קאָנטאָר: הפּנים, דאָס גרויסע בוך, אין וועלכען דער

בוכהאַלטער האָט געשריבן זיינע רעכענונגען, האָט געצויגען דעם יונקער צו ווענדן זיך צו אים:

— איר זאָלט ניט וואגן נאָך אַמאָל אַזוינע אַרטיקלען צו דרוקן אין אייער צייטונג! איר הערט?! איר זאָלט ניט וואַגן! פאַרפלוכטע באָלשעוויקעס!

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין שטאָלענער רוטל איבער'ן טיש, האָט נאָך אַמאָל אַ געשריי געטאָן „ניט וואגן"! — און איז ווי אַ פייל פון בויגן אַרויסגעלאָפן פון רעדאַקציע, ניט וואַרטנ־דיק ביז דער איבערזעצער וועט זיין געשריי איבערזעצן...

---

די חוצפה'דיקע האַנדלונג פון דעם דייטשישן אָפיצער אין קאַנטאָר פון דער רעדאַקציע האָט דייטלאַך באַוויזן, אַז דער גורל פון דער צייטונג איז שוין באַשטימט. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז מ'באַדאַרף די לעצטע מינוטן פון דער צייטונג אויסנוצן, כדי צו געבן אַ ווירדיקן ענטפער די עקלהאַפטע הערשער. אַן אויפ־געבראַכטער האָב איך זיך געזעצט שרייבן דעם לעצטן אַר־טיקל. איך האָב זיך געאיילט פאַרענדיקן דעם אַרטיקל צו צוועלף אַזייגער, ווען די איבעריקע מיטגלידער פון דער רעדאַק־ציאָנס קאָלעגיע וועלן קומען דורכקוקן דעם מאַטעריאַל, זאָלן זיי אויך דעם אַרטיקל קענען דורכקוקן. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל — אונטער אַ קעפּל „צו די אונטערדריקער" — האָב איך אָפן און שאַרף גערעדט וועגן די צאַלרייכע באַנדיטן, וואָס באַרויבן דאָס אָרימע רואינירטע לאַנד; וועגן די אייזערנע קייטן, אין וועלכע דאָס באַפרייטע פאָלק איז ווידער פאַרשמידט, וועגן דעם דייטשישן משרת „העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי", וואָס איז אַרויפגעזעצט גע־וואָרן אַפ'ן „אוקראַינישן טראָן" און מיט וועמעס הילף עס גייט אָן די גוואַלדיקע רויבעריי פון דאָס ביסל האָב און גוטס, וואָס איז נאָך פאַרבליבן; וועגן דעם נאָענטן גרויזאַמען סוף, וואָס אָט די אַלע אונטערדריקער וועלן האָבן...

איך האָב שוין געהאַלטן באַם פאַרענדיקן דעם אַרטיקל, ווען לאַדיזשענסקי און זאַטאַנסקי זיינען געקומען. לאַדיזשענסקי האָט

זיך צוגעזעצט צו מיין טישל און האָט גענומען אריינקוקן אין די אָנגעשריבענע בלעטלאך.

— לייענט. דאָס איז מיין לעצטער ארטיקל...

— וואָס הייסט דער לעצטער? — האָט לאַדיזשענסקי פאַר־וואונדערט געפרעגט.

— לייענט, וועט איר זען. איך פאַרענדיק שוין.

איך האָב אָנגעשריבן דאָס לעצטע בלעטל און זיי ביידע האָבן געלייענט דאָס שוין אָנגעשריבענע.

— איר זייט משוגע, וואָס?! — האָט לאַדיזשענסקי אויס־געשריען אויפשפרינגענדיק פון אָרט, נאָכדעם ווי ער האָט דורכ־געקוקט די ערשטע בלעטלאך:

— איר ווילט, הפנים, מ'זאָל די צייטונג אונזערע פאַרמאַכן?!

— אָט דאָס זאָג איך דאָך: איך שרייב דעם לעצטן ארטיקל...

און איך האָב זיי דערציילט, וואָס היינט פרימאָרגן איז פאָר־געקומען אין קאָנטאָר פון דער רעדאַקציע.

— מיין פאָרשלאָג איז: ארויסרופן באַלד דעם „צווישן־פּאַרטייאישן קאָמיטעט" און באַשטימען — ערשטנס, צי זאָל אַזאַ ארטיקל געדרוקט ווערן, און צווייטנס, צי איז דער צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט מסכים, אַז דער ארטיקל זאָל געדרוקט ווערן אונטער זיין נאָמען.

מיין פאָרשלאָג איז באַלד אָנגענומען געוואָרן און אין אַ מינוט פופצן ארום איז שוין דער צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט געווען אין דער רעדאַקציע. באַקאַנט געמאַכט אַלעמען מיט דעם, וואָס איז פאָרגעקומען, האָב איך פאָרגעלייענט מיין ארטיקל „צו די אונטערדריקער". בשעת'ן לייענען האָב איך שוין געפילט און געזען, אַז די מערהייט איז פאַר'ן אָפּדרוקן דעם ארטיקל. פאַר־שטייט זיך, אַז לאַדיזשענסקי איז געווען קעגן און האָט זיך באַ־מיט צו דערווייזן, אַז דרוקן אַזאַ ארטיקל אין אַזאַ מאָמענט איז אַן „אומזין"...

דער צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט האָט דעם ארטיקל גוט־

געהייסן און געגעבן די דערלויבעניש אונטערשרייבן זיין נאָמען מיט ראשי תיבות „מ. ק.״ (מעזשפּאַרטייני קאָמיטעט).

אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג איז דער עקסטראַ נומער אַרויס מיט דעם אַרטיקל אָפּגעדרוקט מיט גרויסע בוכשטאַבן... אַף מאָרגן אַרום אַ זייגער צען אין דער פרי האָבן שוין אַ מאַן צוואַנציק דייטשישע סאָלדאַטן מיט אַן אָפיציר בראש געמאַרשירט צו דער געביידע פון דער רעדאַקציע...

איך בין אָנגעקומען גראַד אין דעם מאָמענט, ווען די סאָלדאַטן האָבן פאַרנומען די אַריינגאַנגען פון דער רעדאַקציע און פון דער קאַנטאָר. איך בין געבליבן שטיין פון דער ווייטן און געקוקט ווי די גאַנצע מחנה סאָלדאַטן האָט אַריינגעמאַרשירט אינוויייניק אין דער רעדאַקציע.

— פּאַרטיק! — האָב איך צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן, און זיך געלאָזט גיין צוריק אַהיים. אפ׳ן וועג האָב איך באַגעגנט לאַ־דיזשענסקי׳ן און זאַטאַנסקי׳ן.

— וואוהין? אין דער רעדאַקציע? גייט צוריק. די דייטשן זיינען שוין דאָרטן...

— שוין?! — האָט לאַדיזשענסקי אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

— שוין! — האָב איך קורץ געענטפערט, און בין אַוועק מיט מיין וועג.

אַרום איינס דעם זייגער איז צו מיר געקומען צו לויפן גראָזבערג און האָט מיר איבערגעגעבן אייניקע איינצלהייטן פון דער פּאַסירונג:

— די רעדאַקציע איז פאַר׳חתמ׳עט. בא דער טיר פון דער קאַנטאָר שטייט אַ באַוואָפנטע וואַך. דער קאָמענדאַנט פאָדערט פון דער דומע זי זאָל תיכף אויסגעפינען די נעמען און די אַדרעסן פון די מיטגלידער פון רעדאַקציאָנס קאָלעגיע. זאַטאָנסקי איז מיט אַ האַלבע שעה צוריק אָפּגעפאָרן פון שטאָט. דו מוזט דאָס זעלבע טאָן. און וואָס גיכער, ווייל די דייטשן זוכן אייך אַלעמען מיט ליכט. איבערהויפּט דעם „מ. ק.״, וואָס האָט געשריבן דעם אַרטיקל. עס פאַלט אַ חשד אַף קיסעלענקאָ׳ן, ווייל זיין נאָמען הויבט זיך אָן

מיט א „ק". קיסעלענקאָ'ן האָט מען נאָר וואָס ארויסגערופן צום קאָ־מענדאַנט. מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן, איז שווער צו זאָגן. ער האָט בלויז צייט געהאַט מיר אַ זאָג טאָן, אַז איר זאָלט אַלע וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פון שטאָט. אייל זיך צו. אין אַ שעה ארום גייט אָפּ אַ צוג אַף כארקאָוו. אָט האָסטו אַ פּאַס און געלט. דיין פאַמיליע וועלן מיר דאָ ווי ניט איז באַזאָרגן.

איך האָב זיך גענומען שנעל קלייבן אין וועג. אַז איך בין שוין געזעסן אין וואַגאָן, איז ווידער געקומען צו לויפן גראָוזבערג מיט די לעצטע נייס:

— קיסעלענקאָ איז ארעסטירט, — האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן אַפּ'ן אויער: — די דייטשן באַשולדיקן אים, אַז ער, קיסע־לענקאָ, האָט געשריבן דעם ארטיקל: דאָס באַווייזט דער אות „ק".

— אָבער... געשריבן האָב איך דעם ארטיקל! קען איך דען דערלאָזן, אַז קיסעלענקאָ זאָל טראָגן די „שטראָף"?

— וועסט מיט דעם גאָרניט אויפטאָן: די דייטשן וועלן דיך טאַקע ארעסטירן, נאָר קיסעלענקאָ'ן וועלן זיי ניט באַפרייען... מיר האָבן שוין וועגן דעם געשמועסט אין דעם צווישן־פּארטייאישן קאָמיטעט און מ'האָט באַשלאָסן, אַז דו זאָלסט דאָס ניט טאָן. פאָר!

דער וואקזאל־גלאָק האָט אַ קלונג־געטאָן דריי מאָל...
— זיי געזונט! באַזאָרגט מיין פאַמיליע!
דער צוג האָט זיך אָנגעהויבן רירן...

---

פינף חדשים האָב איך געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלאָך פון דער „סאַמאָסטינאַ אוקראַינאַ",*) וואו ס'האָט געהערשט בלומרשט דער צארישער גענעראל „העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי", באַשיצט פון די דייטשישע מיליטער אָפּטיילונגען, וואָס האָבן פאַרפלייצט גאַנץ אוקראַינע. אומעטום איז געווען איין און דאָס זעלבע בילד: די „דעמאָקראַטישע דומעס" האָבן געהאַלטן זייערע

*) זעלבסשטענדיקע אוקראַינע.

זיצונגען און זיך געשפּילט אין „דעמאָקראַטיע" און די דייטשישע הערשער האָבן געהאַלטן אין איין טראַנספּאָרטירן צענדליקער, הונ־דערטער וואַגאָנען מיט ברויט, מיט פלייש, מיט צוקער פון אוּ־קראַינע אין זייער „פאַטערלאַנד". חוץ די גרויסע טראַנספּאָרטן מיט עסנוואַרג־פּראָדוקטן, האָט יעדער דייטשישער סאָלדאַט גע־האַט דאָס רעכט דריי מאָל אין וואָך שיקן פּעקלאַך אַהיים צו זיינע אייגענע און פריינט. די באַפעלקערונג האָט בוכשטעבלאַך געהונגערט און אַף די וואַקזאַלן זיינען געלעגן בערג מיט „פּאָ־סילקעס" גרייט אָפּצושיקן אין דייטשלאַנד. איבער אַלע גאַסן האָבן זיך געצויגן דייטשישע פורן, אָנגעלאָדן מיט נאָך און נאָך פּעקלאַך מיט מעל, צוקער, גרויפּן, קאָנסערוון... אין דער צייט ווען דער אויסגעהונגערטער אַרבעטער־עולם פלעגט שעה'ן לאַנג אָפּשטיין אין די „אָטשערעדעס", וואַרטנדיק אַף אַן אַכטל טייגיקן מיט שטרוי צוגעמישטן ברויט, אין דער זעלבער צייט פלעגן פאַר־ביי די אָטשערעדן דורכפאָרן דייטשישע מיליטערישע פורלאַך, אָנגעלאָדן מיט גוט אויסגעבאַקענע, צוויי־פונטיקע קאַרענע ברויט־לאַך פאַר'ן מיליטער.

מיט הונגעריקע אויגן פלעגן די אויסגעדאַרטע, פאַרשמאַכטע אַרבעטער־פרויען נאָכקוקן די דייטשישע „דוואוקאָלקעס", אָנגע־לאָדענע מיט געשמאַקן ברויט פון רוסישן מעל, פון רוסישן קאָרן, אַראָפּגענומען פון די רוסישע פעלדער... פאַר וועמען? ניט פאַר דער אויסגעהונגערטער רוסישער באַפעלקערונג! פאַר גאָר פרעמדע, דער טייוול וויים צו וואָס פאַר אַ שוואַרץ־יאָר אָנגע־קומענע זעלנער אין בלישטשענדיקע מעשענע היטלען, וואָס האַלטן אין איין מאַרשירן איבער די ברייטע גאַסן, אָנוואַרפנדיק אַ פּחד בלויז מיט זייער אויסזען, מיט זייערע שווערע ריטמישע טריט...

— איש אידאַלי פּאָגאַניע!*) — האָבן שטיל געברומט די הונגעריקע שטאָט בירגער: — פאַר זיי האָט מען געאַקערט און

*) גולמ'ס שמוציקע.

געזייט! א כאַלעריע אויף זיי! מ'פרעסט אונזער ברויט, אונזער האַרעוואַניע, אונזער בלוט...

און ניט געוואוסט האָבן די ברייטע פאָלקס מאַסן, אַז דאָס וואָס זיי זעען — איז אַ טויזנט־טויזנט חלק פון דעם, וואָס עס ווערט אַלע טאָג ארויסגעפירט פון דער פרוכטבאַרער אוקראַינע און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד. נאָר הונגערן האָבן געהונגערט בלויז די אַרבעטער מאַסן — ניט די בורזשואַזיע. אונטער דער שוץ פון דעם געפּאַנצערטן דייטשישן פויסט און אונטער דעם וואַרימען פליגעלע פון דער „העטמאַנשטשינא" האָט די בורזשואַזיע געלעבט אַ גוטן טאָג. אין די רייכע רעסטאָראַנען זיינען אָנגעגאַנגען טאָג און נאַכט הוליאַנקעס: שוואַרצע רעק מיט פּרעס ווייסע העמדער, זיידענע קליידער, גאָלד און פּערל, נאַקעטע פּלייצעס, האַלב אָפּענע ברוסטן, טייערע וויינען, מוזיק, טענץ — אַלץ באַגאָסן מיט כוואַליעס עלעקטרישע ליכט.

צוזעענדיק אָט די אומבאַגרעניצטע, אומפאַרשעמטע הוליטייסטווע פון דער בורזשואַזיע און פון זייערע באַשיצער, די יונקערס, האָט זיך נאָך שטאַרקער געפילט די נויט פון די ברייטע האָרעפּאַשנע מאַסן, נאָך שאַרפער האָט געדראָט דער הונגער, נאָך טיפער איז געוואַקסן דער האַס און צאָרן...

---

דער שטאָט־בירגער האָט געשטיקט אין זיך דעם צאָרן און האָט געשוויגן. נאָר דאָס פּויערטום, וואָס האָט געשאַפן די אַלע שפּייז־פּראָדוקטן, האָט לאַנג שווייגן ניט געקאָנט. ביסלאַכווייז גובר־זייענדיק דעם אָנגעיאָגטן פּחד, האָבן די פּויערים אָנגעהויבן ארויסווייזן אַ נייגונג צו ווידערשטאַנד — פון אָנפאַנג איינציקווייז אין אַ שטילער פאַרבאָרגענער פאָרם, אויסבאַהאַלטנדיק די תבואה; דערנאָך, ניט קענענדיק פאַרטראָגן די ברוטאַלע מיטלען, מיט וועלכע די דייטשישע אָטריאַדן פלעגן דאָס ברויט אויפזוכן און קאָנפיסקירן, — זיינען די דאָרפס־לייט צוגעטראָטן צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אין דעם קאַמף קעגן די דייטשן האָבן זייער אַן אַקטיוון אנטייל גענומען אויך די דאָרפישע „קולאַקעס",

די דאָרפישע בורזשואזיע, ווייל זיי האָבן אַממערסטן געליטן פון די דייטשישע אָטריאַדן, וואָס פלעגן בא זיי געפינען די באַהאַלטענע תבואה... אַזוי איז אין דאָרף, אָן קיים שום אַגיטאַציע, געשאַפן געוואָרן אַ „פּאַראייניקטער פראָנט" צווישן אַלע שיכטן פון דער פויערשער באַפעלקערונג קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא, דעם דייטשישן „געפּאַנצערטן פויסט". ווי אַ גרויזאַמע כוואַליע האָט זיך צעשפּרייט די אויפשטאַנד-באַוועגונג אין אַלע דערפער פון דער סאַמאָסטינאַ אוקראַינאַ". וואו מיט פּשוט'ע פלעקער, מיט שטיקער אייזן; וואו מיט אמת'ע ביקסן, וואָס זיינען אויס-געבאַהאַלטן געוואָרן אין דאָרף פון נאָך דער בלחמה; וואו סטיכיש און וואו גוט אָרגאַניזירט און באַוואָפנט מיט געווער, — איז דאָס פויערטום אַרויסגעטראָטן קעגן זיינע רויבער און אונטער-דריקער. אין איינעם פון די בריוו, וואָס איך פלעג באַקומען פון דער היים, איז געווען געזאָגט:

„... אין אונזערע דערפער האָבן זיך אָנגעהויבן גוואַלדיקע אויפשטאַנדן קעגן דעם דייטשישן יאָך. דער אָנפירער פון די פּאָווסטאַנצעס איז איינער אַ מאַכנאָ. מ'זאָגט, אַז ער איז אַן אַנאַרכיסט און איז פאַר דער סאָוועטן-מאַכט. דער דאָזיקער מאַכנאָ מיט זיינע פּאַרטיזאַנער יאָגט אָן אַן אימה אַף די דייטשן. מ'שמועסט, אַז די יונקערס ווילן זיך דאָ לאַנג ניט האַלטן. אין פילע דערפער האָבן זיך די דייטשן גזלנ'יש אָפּגערעכנט מיט די פויערים. צענדליקער פויערים זיינען אויסגע'שחט'ן געוואָרן. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די אויפשטאַנד-באַוועגונג. גאַנצע דערפער הויבן זיך אויף און גייען נאָך מאַכנאָ אין קאַמף קעגן די דייטשן. די הויפּט-קוואַרטיר פון די פּאָווסטאַנצעס איז גוליאַי-פּאָלע, מאַכנאָ'ס דאָרף. דער נאָמען מאַכנאָ מאַכט ציטערן די העלדן-יונקערס..."

אין דעם לעצטן בריוו פון דער היים איז שוין געווען געזאָגט:

„— נעכטן האָבן די דייטשן פאַרלאָזט אונזער שטאָט. ס'גייען אַרום קלאַנגען, אַז דאָרטן אין דייטשלאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע. די מאַכט אין שטאָט איז אַריבער צו אַ פּאָלקאָווניק

מערקולאָוו, וואָס איז געשיקט געוואָרן אהער פון העטמאַן סקאָראָ־פּאַדסקי. דער מערקולאָוו האָט שוין אַרויסגעוויזן, ווער ער איז: אַ ביטערער שיכור און אַ כאַבאַרניק...

„... דיינע חברים האָבן מיר געזאָגט, אַז דו קאָנסט שוין קומען צוריק. פאַר דער צייט וואָס דו ביסט דאָ ניט געווען, האָבן זיך געביטן אַלערליי „הערשער" און, ס'פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט אָן דיר פאַרגעסן. קום צופאָרן."

איך האָב זיך תיכף געלאָזט אין וועג.

אַז איך בין געקומען צופאָרן אַהיים איז שוין דער שיכור מערקולאָוו אויך ניט געווען. אונזער געגנט (צפון טאַווריע) האָט אויסגענוצט די גינסטיקע געלעגנהייט, וואָס קרים און אוקראַינע האָבן זיך געריסן פאַר דער געגנט, און האָט זיך דערקלערט אַלס אַ „פרייע פּראָווינץ". ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַן „אָבלאַסטנאָיע אופּראַווליעניע", וואָס האָט אָנגעפירט דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן אין דריי־פיר שטעט מיט די אַרומיקע דערפער. דאָס איז געווען דער אויפטו פון די דעמאָקראַטישע דומעס.

אָט אַזוי, גאָר אומדערוואַרטעט, איז אונזער שטעטל געוואָרן די „הויפּט־שטאָט" פון „דער פרייער טאַווריער רעפּובליק", וואו עס איז אויף־דאָס־ניי דערהויבן געוואָרן די „דעמאָקראַטיע", מיט די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן אָן דער שפּיץ.

19.

# „דעמאָקראַטיע“ און דעניקינצעס.

אַ גוואַלדיקע שמחה האָט געהערשט בײַ די אָרטיקע מענשע־וויקעס און עס־ערן: זיי האָבן זיך גאָר אומדערוואַרטערהייט ווי־דער געפונען בײַם רודער — אמת, בײַם רודער פון דריי־פיר שטעט, וואָס בילדן די קליינע געגנט צפון־טאַווריע, נאָר דאָך בײַם רודער! קיין סאָוועט איז שוין ניט געווען און די גאַנצע מאַכט איז אַריבער צו דער דומע. ס'איז באַלד אויסדערוויילט געוואָרן אַ נייער פאָר־זיצער, אַ מענשעוויק יאַכאָנטאָוו, פאַר וועלכן עס האָבן געשטימט אפילו די שוואַרצע־מאה'ניקעס, ווייל ער איז געווען פון יענע „זיידענע מענטשן“, וואָס זייער דעוויז איז: לעבן און פרידן מיט אַלעמען... יאַכאָנטאָוו'ן איז אויך געלונגען אויעקשטעלן אַף פאַראַנטוואָרטלאַכע פאָסטנס פון די שטאָטישע אַנשטאַלטן אייגענע מענטשן — מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן. דאָס איז אים געלונגען זייער גרינג, בלויז דערפאַר, ווייל די לינקע האָבן זיך נאָך ניט געקאָנט באַווייזן אַף דער פאָליטישער גאַס, און די רעכטע האָבן זיך צום רודער ניט גערוקט. זיי האָבן הפּנים פאַרשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס ניט גאָר גלאַט, אָט דער פלוצלינגדיקער זיג פון דער „דעמאָקראַטיע“...

ס'האָט אויסגעזען, ווי קיין שום איבערקערעניש איז דאָ קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, אַז די מערץ־רעוואָלוציע, ווי זי איז געווען, אַזוי איז זי פאַרבליבן מיט די טריאומפירנדיקע מענשע־וויקעס און רעכטע עס־ערן, וואָס שטייען עד־היום אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציע, פון דער נייער רוסלאַנד.

גלייכצייטיק מיט מיין אָנקומען האָט זיך געגרינדעט אַ „קאָ־

מיסאַריאַט פון לאַנדווירטשאַפטלאַכע ענינים". אַלס אָנפירער פון דעם קאָמיסאַריאַט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אַלטער עס־ער מיט דעם נאָמען סקריפּקאַ. איך האָב געקענט דעם דאָזיקן סקריפּקאַ נאָך פון אַמאָל. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַן איבערגעגעבענעם חבר. ער איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון קערענסקי'ן, מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער צייטווייליקער רעגירונג. אַז ס'האָט אויסגעבראָכן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און די מאַכט איז אַריבער צו די באָלשעוויקעס, האָט זיך דער סקריפּקאַ אײַנגעגלעצן פאַרלאָרן, אָנגעהויבן „טרינקען" און איז פון פּאָליטישן לעבן אַוועק, ערגעץ פאַרשוואונדן. צוזאַמען מיט דער „דעמאָקראַטיע" איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים אויך סקריפּקאַ. נאָר פון דעם ביטערן טראָפּן האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט אָפּגעוווינען... איינמאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט אים אין גאַס.

— עהע! נאַ לאָווצאַ אי זווער בעזשיט*) — האָט ער נאָך פון דערווייטן אַ געשריי געטאָן, פאָכנדיק צו מיר מיט די הענט. נאָך זיינע וואַקלענדיקע טריט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז שוין בגילופנ'דיק...

— אָך, ווי איך דאַרף דיך האָבן, ברודער! דאָ זאַרעזו!**) וואָס מאַכסטו?

ער האָט מיך אַרומגענומען. ס'האָט זיך פון אים געטראָגן אַ שטיקנדיקער ריח פון בראָנפן.

— ווי גייט עס? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, אָפּקערנדיק אַן אַ זייט דאָס פּנים. — וואָס דאַרפסטו מיך אַזוי האָבן?

— פאַרשטייסטו, ברודערקע... — האָט ער אָנגעהויבן אויף זיין כאַכלישער שפּראַך — דו ביסט דאָך אַ לי־טע־ראַ־טאָר! און איך — איך בין אַ פּשוט'ער מוזשיק... אָט אַזאַ, ווי דו זעסט מיך. און דאָ, אַלס קאָמיסאַר פון לאַנדווירטשאַפטלאַכע אָנגעלעגנהייטן פון אונזער פרייער טאַווריער דעמאָקראַטישער רע־

---

*) אַ גוטן יעגער קומט די חיה אַנטקעגן.

**) ביז גאָר.

פּובליק, מוז איך צוגרייטן אַ שריפטלאַכן פּאָרטראַג צום לאַנד־ווירטשאַפטלאַכן צוזאַמענפאָר, וואָס וועט די טעג פאָרקומען אין מעליטאָפּאָל. פון דעם פאָרטראַג ווענדט זיך, וואָסער שטאָט וועט זיין די הויפּט־שטאָט פון אונזער קליינער רעפּובליק: אונזער שטאָט, צי מעליטאָפּאָל... פאַרשטייסט? וויל איך דיך בעטן: טו מיר אַ געפעליקייט, באַאַרבעט לי־טע־ר־אַ־ר־יש אָט דעם פּאָר־טראַג מיינעם. איך האָב אים שוין, ווי עס איז, אָנגעמאַראַ־קעט, ווי כ'האָב געקאָנט, נאָר ס'קומט אַרויס עפּעס ניט גלאַט. עס פעלן מיר אויס, פאַרשטייסטו מיך, די נויטיקע ווערטער... אַ? וועסטו מיר טאָן די געפעליקייט?

און ניט וואַרטנדיק אויף מיין צושטימונג, האָט ער מיך ווי־דער אַרומגעכאַפּט און אַ שלעפּ געטאָן מיט זיך:

— קום אַריין צו מיר אין קאָמיסאַריאַט, אָט דאָ איז דאָך דאָס, דער דריטער מויער. אַ קאַבינעט איז בא מיר, ברודער־לעבן, אַ פּאַלאַץ! קום אַריין, קום...

מיך האָט פאַראינטערעסירט, וואָס פאַר אַ פאָרטראַג האָט אָט דער געוועזענער מענטש אָנגעשריבן, און איך האָב זיך גע־לאָזט פון אים פירן אין זיין קאָמיסאַריאַט. ער האָט מיך אַריינ־געפירט אין אַ פּראַכטפולן קאַבינעט, געבעטן זיצן און אַליין האָט ער אָנגעהויבן זוכן אויף זיין גרויסן שרייב־טיש דעם „אָנגעמאַראַ־קעטן" פאָרטראַג. אין דער זעלבער מינוט האָט זיך די טיר האַסטיק אַן עפן געטאָן, און איינער פון די מיטגלידער פון דער דומע איז ניט־טויט, ניט־לעבעדיק אַריינגעפלויגן:

— ראַטעווע זיך, מאַקסימיטש! עס גייען אָן אַרעסטן!

— ווי־אַ־ס? אַרעסטן? ווער? וועמען?

— דעניקינצעס!... אָנגעפלויגן אומדערוואַרטעט... מעלי־טאָפּאָל איז שוין בא זיי אין די הענט. איצט זיינען זיי דאָ. יאַכאַנטאָוו איז שוין אַרעסטירט. באַהאַלט דיך, וואו דו קענסט! איך לויף...

און ער איז פאַרשוואונדן.

מיט אַן אָפענעם מויל און אויסגעגלאָצטע אויגן איז גע־

שטאַנען דער „קאָמיסאַר פון לאַנדווירטשאַפטלאַכע ענינים פון דער פרייער טאַווריער דעמאָקראַטישער רעפובליק" אין זיין „קאַבינעט־פאַלאַץ" און האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. באַלד האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, געכאַפּט דעם מאַנטל אויף די פּלייצעס, האָט אָנגערוקט אַפּ'ן קאָפּ די הוט כמעט איבער די אויגן און ווידער צוגעלאָפן צום טיש, אַ כאַפּ געטאָן אייניקע פּאַפּירן, צעריסן אויף פּיץ־פּיצלאַך און אָנרוקנדיק נאָכמער די הוט, האָט ער הייזעריק אַרויסגעכאָרכלט:

— שוין... אַ סוף!... זיי געזונט!

און איז האַסטיק אַרויסגעלאָפן.

אַז איך בין אַרויס אויף קער גאַס, האָבן זיך שוין פון דערווייטן געזען רייטנדיקע אָפיצערן, מיט דריי־קאָלירנדיקע פּאָנעלאַך...

די „דעמאָקראַטיע" האָט עקזיסטירט דריי וואָכן צייט. אַזוי שנעל, ווי זי איז באַשאַפן געוואָרן, אַזוי איז זי אויך פּלוצלינג פאַרשוואונדן.

די מאַכט אין שטאָט איז אַריבער צו די דאָבראָוואָלצעס־דעניקינצעס...

---

ווי נאָר די דעניקינצעס זיינען אַריין אין שטאָט האָט זיך דאָס גאַנצע לעבן פּלוצלינג געענדערט. דער דעמאָקראַטישער „גן־עדן" איז ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע אין איין אויגנבליק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָנאַרכיסטישן גיהנום. שטום, אונטערטעניק זיינען געוואָרן אָט די אַלע טוערס־מענשעוויקעס און רעכטע עס ער'ן, וואָס זיינען ערשט נעכטן געווען גוואַלדיקע העלדן... ס'האָט אויסגעזען ווי די אַלע יאַכאָנטאָוס, סקריפּקאָ'ס וואָלטן ווי קליינע קינדער אַ שפּיל געטאָן אין „דעמאָקראַטיע", אויסנוצנדיק די גינסטיקע געלעגנהייט, וואָס די אמת'ע באַלעבאַטים זיינען ניטאָ, און איצט האָט מען זיי, די שטיפערס, גוט אָנגעדרייט פאַר די אויערן און געשיקט אין „חדר" אַריין. נאָר מ'האָט זיי לאַנג אין „חדר" ניט געהאַלטן. דער נייער הער־

שער, פּאָלקאָווניק פעדאַטאָוו, האָט זיי אַלעמען אינגיכן באַפרייט און אָנגעזאָגט „מער ניט צו שטיפן". ער האָט צונויפגערופן אַלע מיטגלידער פון דער דומע און האָט זיי געהייסן אָנפירן די ארבעט לויט זיינע באַפעלן, לויט זיין פּלאַן, ווי צו טאָן און וואָס צו טאָן:

— קיין שום פּלאַפּלעריי וועגן „פרייהייט" „ליכט", „מענשהייט", „פּראָגרעס" און נאָך אזוינע נארישע זאכן זאָל אין דער דומע ניט גערעדט ווערן. מיר זיינען אַלע גערופן געוואָרן ראַטעווען רוסלאַנד! אָט דאָס איז אונזער ציל! און דערפילנדיק דעם ווילן פון אונזער „גלאווניאָקאָמאַנדויושטשי וסעמי וואָרוזשאָנימי סילאַמי יוזשנאַי ראָסיאי" *) האָף איך, אַז איר אַלע, אַלס געטרייע בירגער פון אונזער גרויסען פּאַטערלאַנד, וועט מיר קומען צו הילף אין דער שווערער ארבעט: — איינשטעלן דאָ אָרדנונג און געזעצליכקייט! די אָרדנונג און די געזעצליכקייט, וואָס זיינען נויטיק פאר'ן אויפבוי פון אונזער ארימען צעפליקטן לאַנד! אונזער שטרעבונג איז „יעדינאַיאַ אי נע דעלימאַיאַ סוואָבאָדנאַיאַ ראָסיאַ"**) אָט דאָס איז אונזער דעוויז! דאָס באַדאַרף אויך זיין דער דעוויז פון יעדן איינעם, וואָס געהערט צו דער גרויסער רוסישער נאַציע! איך רוף אַלע טרייע רוסישע בירגער העלפן אונז אין אונזער גרויסער הייליקער ארבעט, און דער אַלמעכטיקער גאָט וועט זיין מיט אונז! אמן!

די גוט-באַזיצער, די הענדלער, מעקלער און אויך די פּאַטריאָטישע אינטעליגענץ, וואָס האָבן אָנגעפּאַקט דעם זאַל פון דער שטאָט פארוואַלטונג, האָבן שטורמיש אַפּלאָדירט...

...און עס זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים אַלע ביז איצט פארבאָרגענע מאָנארכיסטן. ס'זיינען ארויסגעקראָכן פון זייערע פינסטערע לעכער אַלע שלאַנגען פון דער געוועזענער צארישער רוסלאַנד און האָבן פארפלייצט די גאַנצע שטאָט... די צאָל אַפּי-

---

*) דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון אַלע באַוואַפנטע קרעפטן פון דרום-רוסלאַנד.

**) „איינהייטלאַכע און אומטיילבאַרע פרייע רוסלאַנד".

צערן איז מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער געוואָרן: זיי פּלעגן אָנקומען אהער גרופּען־ווייז און פארבלייבן דאָ אויף א שטיקל צייט „אָפּ־רוען זיך"... ס'זיינען אָנגעגאַנגען שכור'ע אָרגיעס אין די רייכע רעסטאָראַנען, אין די פּריצישע קלובן, וואו ווייַן האָט זיך געגאָסן ווי וואסער און וואו די מוזיק האָט געהאַלטן אין איין דונערן דעם צארישן הימן: „באָזשע צאַריאַ כראַני"...

אף דער צווייטער צי אף דער דריטער וואָך פון זייער אָנ־קומען האָבן זיך די דעניקינצעס א נעם געטאָן מאָביליזירן די יונגוואַרג. די נייע „וואָיענאָיע אופּראַוולעניע" האָט פאַרעפנט־לאַכט א באַפעל, לויט וועלכן אַלע יונגעליַיט, אין דער עלטער פון נייַנצן ביז פינף־און־צוואַנציק יאָר, וועלן גערופן צו דער רעגולע־רער מיליטערישער דינסט. צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד איז אָנגע־גאַנגען א פיבערהאַפטע טעטיקייט צו פאַרנעמען וואָס־מער „קאַ־נאָנענפלייש" און אָפּשיקן אין קרים, וואו עס האָט זיך געפונען די הויפּט־קוואַרטיר פון דעניקינ'ען. מ'האָט כלומר'שט מעדי־ציניש אונטערזוכט יעדן נאָוואָבראַנעץ, נאָר קיין אומפּייאיקע צום מיליטער־דינסט האָבן זיך ניט געפונען.

— גאָדיען! *) — דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָרט, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן אין דער גרויסער געביי־דע, וואו די מאָביליזאַציע איז אָנגעגאַנגען. ענלאַכע מיליטערי־שע „קאָמיסיעס", אין דער באַגלייטונג פון א שטאַרקער באַוואָפנ־טער מאַכט, זיינען אַרומגעפאָרן איבער די דערפער, צונויפגעאָנג־דיק אין שטאָט אַלע דאָרף־יונגען אין דער אויבנאָנגעוויזענער עלטער. סאיז אַלץ געשען אזוי שנעל, אז מ'האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך אומצוקוקן. די באַפעלקערונג איז געווען, ווי פאַר־היפּנאָטיזירט, האָט שטום און געהאָרכזאַם געפאָלגט די באַפעלן... מ'האָט זיך בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז אָט די גע־וואַגטע בראַווע אָפיצערן זאָלן ווען עס איז פארלאָזן די שטאָט, די געגנט.

— זיי וועלן שוין אייביק דאָ געוועלטיקן!

*) פּאַסיק.

אזוי האָט געדענקט דער פּשוט'ער עולם.

א טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין די ארבעטער־קווארטאלן. ס'האָט אויסגעזען, ווי די ארבעטער־מאַסן דער־ווארטן עפּעס, קוקן ארויס אַף וועמען...

וויסט און פינסטער איז געווען ארום...

נאָר דאָרט — טיף „אונטער דער ערד", אין א פארבאָרגע־נעם ווינקל, האָט קוים־קוים געלויכטן א קליין פייערל... דאָס איז געווען דער אונטערערדישער באָלשעוויסטישער „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט), וואָס איז באַשטאַנען פון דריי געוואַגטע ערפארענע אַלטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען פאַר־בליבן אין שטאָט, לויט דעם באַשלוס פון'ם אומגעקומענעם איס־פּאָלקאָם אין די טעג פון דער עוואקואציע, וואָס האָט זיך ניט איינגעגעבן.

אָט די דריי באָלשעוויקעס, אַלע „אמעריקאנצעס" פון'ם מע־כאַנישן זאוואָד, פלעגן מעשה דזשענטלמען פריי ארומשפּאצירן איבער די גאַסן בשעת ס'האָבן זיך געביטן די אַלערליי הערשער — דייטשן, עסטרייכער, געטמאַנס פאָרשטייער. און איצט אז די מאָנארכיסטישע רעאקציע האָט זיך אזוי ווילד צובושעוועט, האָט זיך דאָס פייערל פארגראָבן נאָך טיפער „אונטער דער ערד" — אָבער עס האָט ניט אויפגעהערט צו ברענען — שטיל, פאַר־באָרגן, ווארטנדיק אויף דעם גינסטיקן מאָמענט, ווען עס וועט האָבן די מעגלאכקייט ארויסגיין אויף דער פרייער וועלט און פאנאדערפלאקערן זיך אין א גרויסן העלישן פייער...

און דער מאָמענט איז גאָר אומערווארטעט שנעל אָנגעע־קומען.

די מאָביליזאציע איז שוין געווען כמעט פארענדיקט. דער סבאָרני פונקט (זאמלפונקט) איז נאָך געווען איבערגעפּאַקט מיט רעקרוטן. א טרויעריקע שטילקייט האָט געהערשט אין שטאָט. פלוצלינג אין איינעם א פרימאָרגן, כמעט באַגינען, ווען אַלע איינוואוינער זיינען נאָך געלעגן אין זייערע בעטן, האָט זיך דערטראָגן פון גאס א גערויש, א געלאַף, א יאָגעניש אויף וואָגנס,

פורלאַך. די איבערגעשראָקענע איינוואוינער האָבן זיך א וואָרף געטאָן צו די פענצטער א קוק טאָן, וואס איז געשען, וואָס דונערט עס אַזוי מיט רעדער, מיט פערדישן געלאַף, און האָבן דערזען ווי אָפיצערן מיט פעקלאַך, מיט טשעמאָדאַנעס, מיט קאַסטנס, ווער אַליין, ווער מיט ווייב און קינדער, ווער מיט א געליבטער — טראָגן זיך משוגענער'ווייז אף דראָזשקעס, אף וואָגנס, אף פויערשע ברימשקעס — העט־העט גלייך צום האַפן.

— וואָס איז געשען? וואָס פליען זיי אַזוי מיט די פעקלאַך? ס'אַרא צושראָקענע פנימ'ער בא זיי!

ס'איז געווען קלאָר, אַז עפּעס איז געשען, אַז דער ווילדער געלאַף פאַרטאָג איז ניט אומזיסט; אַז די געפאַר, וואָס צווינגט זיי אַזוי לויפן, איז שוין נאָענט און אָט־אָט וועט פּאַסירן עטוואס גאָר־גאָר אויסערגעוויינלאַכעס...

איך בין אַוועקגעלאָפן צום האַפן זען וואָס עס טוט זיך דאָרטן. דער גרויסער פלאַץ באַם האַפן איז געווען פאַרפלייצט מיט אָפיצערן, מיט סאָלדאַטן, מיט הונדערטער רעקרוטן, וואָס זיינען נאָך ניט געווען אָפּגעשיקט אין די מיליטערישע אָפּטיילונגען. צענדליקער, הונדערטער פורן פון כל המינים, אָנגעלאָדן מיט בערג זאַכן: קאַסטנס, קערבלאַך, ניי־מאַשינען, שרייב־מאַשינען, טעלעפאָן־אַפּאַראַטן, סאַמאָווארן, מעשענע טאַצן, קעסלען — דאָס הירזשען פון פערד, דאָס שטופּעניש, כדי צו זיין נעענטער צו די שיפן וואָס זיינען שוין געווען גרייט צום אָפּגיין, — אַלץ צוזאַמען האָט אויסגעזען ווי א ברויזנדער ים אין א שטורם־ווינט... קיין שום אָרדנונג, איינער ווייסט ניט פון דעם צווייטן... איך האָב זיך דורכגעשטופּט נעענטער צו די נאָוואָ־בראַנצעס.

אין אַן ענגן קרייזל זיינען געשטאַנען אָפּגעזונדערט א גרופּע אידישע רעקרוטן, צווישן זיי אייניקע חברים, באַקאַנטע בחורים:

— וואָס שטייט איר דאָ? — האָב איך שטיל א זאָג געטאָן צו זיי. — טראָגט זיך אָפּ... איר זעט דאָך — זיי לויפן... וואָס שטייט איר ווי שאָף... טראָגט זיך אומבאַמערקט אָפּ...

און איינער נאָכ'ן צווייטן האָבן זיך מיינע בחורים גענומען אַרויסרוקן פון דעם מיש־מאַש, און טראָט באַ טראָט, שנעלער, שנעלער — און זיי זיינען פאַרשוואונדן צווישן די פורן, אויסזוכנדיק קרומע וועגן, צוריק אין שטאָט אַריין...

אין עטלאַכע מינוט אַרום, ווי נאָר די בחורים מיינע זיינען נעלם געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן יאָגן די נאָוואָבראַנצעס אָפ'ן שיף:

— העי, נאָוואָבראַנצי! שטעלט זיך אין די רייען! — האָבן זיך געטראָגן גראָבע הייזעריקע שטימען פון אַלע זייטן.

יעפימענקאָ! יעפימענקאָ! — האָט געריסן די האַלז שרייענדיק א צופּאַטלטער לייטענאַנט.

— איך בין דאָ, וואַשע בלאַגאָראָדיע! — איז צו אים צוגעלאָפן א געזונטער יונג, אַן אונטער־אָפיצער.

— וואו וועדסטו פאַרפאַלן, טשאָרט! די נאָוואָבראַנצעס נעם צונויף. מ'דאַרף זיי אַרויפזעצן אָפ'ן שיף! זשיוואָ!

— סלושאַיוס, וואַשע בלאַגאָראָדיע! — און ער האָט זיך א וואָרף געטאָן צונויפרופן די נאָוואָבראַנצעס.

— נבלות! — האָט זיך שוין געטראָגן אין דער לופטן יעפימענקאָ'ס קול: — וואוהין זיינט איר צעקראָכן געוואָרן... אין אייער מאַמען אַריין! וואו זיינען די זשידעס אַהינגעקומען? צעלאָפן זיך? אַך טי... אין זייער מאַמעס־מאַמען אַריין!...

צו מיטאָג־צייט האָט זיך צום האַפן א צי־געטאָן אויך א גרעסערע טייל פון דער בורזשואַזיע.

נאָך די נאָוואָבראַנצעס זיינען אַרויף אַף דער שיף די אָפיצערן מיט זייערע קאַסטענס און טשעמאָדאַנעס און דערנאָך די גרויסע צאָל בירגער פון דער בורזשואַזיע, וואָס זיינען געלאָפן פון שטאָט צוזאַמען מיט זייערע „רעטער"...

---

פאַרענדיקט מיט'ן אַרויפזעצן די מענטשן אָפ'ן שיף, האָבן די דעניקינצעס גענומען פאַרכאַפּן מיט זיך די גרויסע לאַגערן ברויט, מעל, ווייץ, און אַנדערע עסנווארג־פּראָדוקטן. ווי דאַמאָלסט, בשעת

די סאָוועטן־מאַכט האָט זיך עוואַקואירט, אַזוי אויך איצט האָבן זיך געצויגן צום האַפן צענדליקער פורן, אָנגעלאָדן מיט בערג זעק־מעל, ווייץ, צוקער, גרויפּן, מיט קאַסטנס קאָנסערוון. דער אונטערשייד איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס דאַמאָלסט האָבן דאָס געטאָן אַרבעטער־קעמפער, מאַרטירער פון דער גרויסער אָקטאָבער רעוואָלוציע לטובת דער רעוואָלוציע, לטובת די הונגעריקע מאָסקווע און פּעטראָגראַד, וואו די צענטראַלע סאָוועטן מאַכט האָט אָנגעפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן דער אַלוועלטלעכער רעאַקציע, — און איצט האָבן דאָס געטאָן צאַרישע אָפּיצערן לטובת דער אַלוועלטלאַכער בורזשואַזיע, לטובת די בלוטיקסטע שונאים פון די האָרעפּאַשנע מאַסן. און מערקווירדיק! ווי געוואַגט, מיט וואָס פאַר אַ „העלדישקייט" זיינען דאַמאָלסט אַרויסגעטראָטן די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן קעגן „דאָס באַרויבן" די שטאָט, די אָרימע באַפעלקערונג, — און ווי פאַררעטעריש אונטער־טעניק, שקלאַפּעריש שטום האָבן זיי זיך באַצויגן צו דעם זעלבן פאַקט איצט, בשעת עס איז אָנגעגאַנגען די אמת'ע רויבעריי, די ווירקלאַכע גזלה! דאַמאָלסט האָבן די מענשעוויקעס זייערס דערגרייכט. די עסנוואַרג־פּראָדוקטן זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן, דעם איספּאָלקאָם האָט מען אַרעסטירט און צעשאָסן און די הונדערטער פודן מעל, ווייץ און צוקער זיינען אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין די הענט און טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד... און איצט! ס'אַרא רואיקייט עס הערשט צווישן די מענשעוויקעס און עס־ערן! ס'אַרא ציטער עס האָט זיי אַרומגעכאַפּט, וואָס פאַר אַ שרעקלאַכע מורא פאַר „גאָלדענע עפּאָלעטלאַך" אפילו דאַן, ווען זיי לויפן משוגענערווייז...

דאָס אָנלאָדן די שיפן מיט שפּייז־פּראָדוקטן האָט זיך גע־צויגן ביז שפּעט אין אָוונט. ס'איז שוין געווען נאָך פינסטער ווען די דאַמף־שיפן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון האַפן אין דער ריכטונג צו קרים.

.20

## פּאָוסטאָנצעס.

די שטאָט איז פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ טויט שרעק.

— וואָס האָט פאַראורזאַכט דעם פּלוצלינגדיקן געלאַף פון די „העלדן־אָפיצערן"? ווער יאָגט זיי דאָס פון דאַנען? ווער קומט אַף זייער אָרט? באָלשעוויקעס? מאַכנאָווצעס? און אפשר ווידער די דייטשן?

— כינעזער גייען אהער!... מחנות כינעזער מיט לאַנגע צעפּ און מיט באַמבעס פון די מאָסקווער באָלשעוויקעס! — האָט זיך דער עולם געשושקעט אין די ווינקלאַך:

— און ווי נאָר זיי וועלן אריין אין שטאָט, וועלן אָנקומען מחנות באָלשעוויקעס און מ׳וועט חרוב מאַכן די שטאָט פאַר׳ן אומקום פון זייער איספּאָלקאָם...

— די וועלט גייט אונטער...

— משיח׳ס צייטן...

די דאָזיקע שרעק און אומבאַהאָלפנקייט האָבן געהערשט ניט בלויז צווישן דעם פּשוט׳ן עולם. פאַרלאָרן און אָפּהענטיק איז אויך געווען די דומע, די אַזוי־גערופענע „לעבעדיקע כחות", מיט די מענשעוויקעס און עס־ערן אָן דער שפּיץ. אין אַזאַ פאַרלאָרנקייט, דערוואַרטנדיק עטוואָס גרויזאַמעס, איז דורכגעגאַנגען די ערשטע נאַכט. די גאַסן זיינען געווען פּוסט. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין דער גאַנצער שטאָט. אַפילו די פּראָפעסיאָנעלע רויבערס, וועלכע נוצן שטענדיק אויס אַזאַ איבערגאַנגס־מאָמענט, אַפילו זיי האָבן זיך פאַרבאָרגן אין די לעכער און ניט באַוויזן זיך אַף די גאַסן...

אַף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך די אַלגעמיינע שרעקנדיקע

שטימונג ניט געענדערט. מ׳איז נאָך אַלץ געווען אין דער דער־וואַרטונג: וואָס וועט פּאַסירן? ווער וועט קומען? און דאָס, וואָס קיינער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוויזן, האָט נאָך מער געשראָקן, נאָך מער געדראָט.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך דער „צווישן פּאַרטייאישער קאָמיטעט". ער האָט באַלד אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג און באַשלאָסן צונויפרופן די דומע און אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ צו האַלטן אָרדנונג.

און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן טומלען די באַקאַנטע מענשעוויסטישע און עס־ער׳ישע טוערס (ס׳האָט אויסגעפּעלט בלויז איין קיסעלענקאָ. די דייטשן האָבן אים דעמאָלט אַרעסטירט און אָפּגעשיקט אין אַ קאָנצענטראַציאָנס פּונקט, ערגעץ לעבן גרענעץ). אַרום צוועלף אַזייגער איז שוין די דומע געווען געפּאַקט מיט מענטשן. אַלע מיטגלידער פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג זיינען געווען אויף זייערע ערטער, אַ חוץ די, וואָס זיינען אַנטלאָפן צוזאַמען מיט די דעניקינצעס. און ווידער האָבן זיך געלאָזט הערן „רעוואָלוציאָנערע" רעדעס, ווידער האָבן זיך אין דער לופטן געטראָגן רופן צו איינקייט, צו אַ „קאָנטאַקט" פון אַלע לעבעדיקע כחות".

אין דער צייט, ווען אויף דער עקסטראַ־זיצונג פון דער דומע האָבן זיך געגאָסן טייכן שיינע פראַזן און מ׳האָט אַלץ „געפּלאַנע־וועט" ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ קעגן די היימישע באַנדיטן און רויבער — אין דער זעלבער צייט האָבן שוין די באַנדיטן אָנגעהויבן אויפברעכן די שלעסער פון די פאַרמאַכטע קראָמען און באַראַבעווען די פאַרבייגייער אין מיט׳ן העלן טאָג.

— אויף דער טאַרגאָווער גאַס האָבן זיך באַוויזן באַנדעס רויבער! מ׳ברעכט די שלעסער פון די קראָמען, מ׳באַנעמט פון קאָפּ ביז די פיס פאַרבייגייער!

אָט די גרויזאַמע נייס האָבן געבראַכט אויף דער זיצונג צום טויט דערשראָקענע מענטשן פון דער גאַס. די שיינע רייד זיינען איבערגעריסן געוואָרן. עס איז באַלד, אָן לאַנגע דבורים, געשאַפן

געוואָרן אַ „קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלאַכער זעלבסטשוץ“, אין וועלכן עס זיינען אריין פאַרשטייער פון אלע אָרגאַניזאַציעס, פּראָפעסיאָ־נעלע פאַראיינען און אויך פון דער דומע. מ׳האָט צושיקט די פאַרשטייער, זיי זאָלן יעדערער אין זיין קרייז תיכף אָרגאַניזירן דרוזשינעס. דער קאָמיטעט האָט דאַ אפ׳ן אָרט צוזאַמענגעשטעלט אַ „באָיעוואַיאַ סעמיאָרקאַ“, וואָס האָט זיך אַ באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן און מיט ביקסן אַ לאָז געטאָן אַף אַן אָטאָמאָביל צו דער טאַרגאָווער גאַס אפּשטעלן די רויבעריי.

---

עס זיינען דורכגעגאַנגען נאָך צוויי לאַנגווייליקע טעג און יענע געהיימע קראַפט, וואָס האָט פאַריאָגט די אָפּיצערן, האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוויזן. ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן דוכטן, אַז די גוואַלדיקע „העלדן“ האָבן זיך דערשראָקן פאַר זייער אייגענעם שאָטן און פאַרלאָזן די שטאָט אָן אַ פאַרוואָס, גלאָט אַזוי פאַר שרעק... דער שטאָט־בירגער האָט שוין פאַרלאָרן דעם פּחד. מ׳איז ארומגעגאַנגען איבער די גאַסן ווי זאָרגלאָזע קינדער. זיך גע־ווערטלט וועגן די אָפּיצערלאַך און געשפּאַסט וועגן זייער העלדיש־קייט... עס האָט זיך אפילו אַ לידעלע פאַרשפּרייט — איבער־הויפּט צווישן דער יונגוואַרג — וועגן דער טראַגי־קאָמישער געשעעניש. דאָס לידעלע איז געקומען פון דער „ראַבאָטשאַיאַ סלאָבאָדקאַ“ :

„אָפּיצעריקי סאָ סטראַכו
איספּוזשאַלים, דאַלי מאַכו ;
אַ בורזשואַי ווסלעד זאַ נימי
ראַסטעריאַלי ווסע שטאַניני...“*)

ערשט אַפ׳ן דריטן טאָג איז דער צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט געוואָר געוואָרן, וואָס עס איז געשען און וואָס עס

*) אָפּיצעריקלאַך די „קנאַקערס“
פליען ברעכן האלז־און־נאַקן.
און בורזשוקלאַך לויפן מיט
אָן תחתונים — אקאַרשט ניט.

דערוואַרטעט אונזער שטאָט. אַף אַן עקסטרא געהיימער זיצונג פון דעם קאָמיטעט איז אַרויסגעטראָטן אַ פּאַרשטייער פון די אונטערערדישע באָלשעוויקעס און האָט געגעבן אַ באַריכט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר:

— לויט די ידיעות וואָס מיר האָבן, גייען אַהער מאַכנאָוועס. מאַכנאָ אַליין מיט זיינע אויסגעמושטירטע פּאַרטיזאַנער האָט שוין פאַרנומען יעקאַטערינאָסלאַוו. אָט דאָס האָט דערשראָקן אונזערע דעניקינצעס און זיי זיינען באַצייטנס אַנטלאָפן. אַהער גייען פּאָוסטאַנצעס פון די אַרומיקע דערפער. מיט וואָס פאַר אַ צילן זיי גייען אַהער, ווייסן מיר ניט. מיר דענקען, אַז דער הויפּט ציל באַ זיי איז אַרויסראַטעווען די זין און ברידער זייערע פון דער רעקרוטשינע און אָפּרעכענען זיך מיט די אָפיצערן פאַר דער מאָביליזאַציע. וועגן זייער „רעוואָלוציאָנערישקייט" צווייפלען מיר זייער. ס׳קאָן פאַסירן, אַז די פאַרצאָרנטע פּויערים, ניט טרעפנדיק דאָ די אָפיצערלאַך זאָלן אויסלאָזן זייער כעס צו די „זשידעס" און אויך צעראַבעווען די שטאָט. פון אונז אַלעמען ווענדט זיך, ווי אַזוי אויסצונוצן דעם אויפגעברויזטן פּויערטום לטובת דער רעוואָלוציע און גלייכצייטיק פאַרהיטן די אידישע באַפעלקערונג און אויך די שטאָט פון גוואַלדטאַטן. איך בין דאָס אייך געקומען זאָגן, כדי איר זאָלט וויסן, אַז די מחנה מוזשיקעס זיינען נאָך ניט קיין „באָלשעוויקעס". אמת זיי גייען טאַקע מיט רויטע פאָנען, נאָר ס׳איז נאָך אַ פאָרמלאָזע, אומבאַוואוסטזיניקע מאַסע, וואָס קאָן אויסגענוצט ווערן, אַזוי ווי לטובת דער רעוואָ־לוציע אַזוי אויך קעגן די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע. מיר האָבן שוין געמאַכט אַלע פאָרבאַרייטונגען, אַז די ברויזנדיקע כוואַליע זאָל אויסגענוצט ווערן פאַר אונזערע צילן. איצט איז די פראַגע, וואָס קלערט איר טאָן? ווי אַזוי וועט איר האַנדלען? קלערט איר אונז העלפן אין אונזער שווערער אויפגאַבע? צי איר וועט זיך אויך איצט, אין דעם פאַראַנטוואָרטלאַכן מאָמענט, שטעלן קעגן אונז?! איך קען אייך ניט פאַרטרויען אַלץ, ווייל מיר זיינען נאָך ווייט ניט זיכער, אַז עס וועלן ניט אָנקומען צוריק

די דעניקינצעס. עס גייט איצט אָן אַ שרעקלאַכער קאַמף פאַר מאַכט! — האָט דער באָלשעוויק פלוצלינג אויפגעהויבן זיין קול און אין די אויגן זיינע האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלאַך: — אַ קאַמף אַף לעבן און טויט! אין דעם אַנטשיידענעם געראַנגל צווישן דער אַלטער און דער נייער וועלט קענען פאַרקומען — און עס וועלן פאַרקומען — בלוטיקע געשעענישן! מיר דאַרפן זיין גרייט דערצו! איינס קען איך אייך נאָר זאָגן: אין דעם מאָמענט, ווען די פּאָוסטאָנצעס וועלן אַריינכוואַליען אין שטאָט, וועלן מיר, באָל־שעוויקעס, שוין זיין אַף די פּאָסטנס! ס'וועט זיי באַגעגענען אַ „רעווקאָם" פון דער סאָוועטן־מאַכט. פון אייך פאָדערן מיר אַ קלייניקייט: אויב איר קענט אונז ניט העלפן אַקטיוו, זאָלט איר כאָטש ניט שטערן אונז אין אונזער אַרבעט! ...

דער אומבאַקאַנטער רעדנער איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער, אָן אויסגעדאַרטער, מיט טיף־איינגעפאַלענע אויגן און מיט אַ פאַר'חשכ'טן פּנים. נאָר אין זיינע טרויעריקע אויגן האָט געברענט יענער פייערל, וואָס קען אונטערצינדן אַ גאַנצע וועלט...

אין אים, אַט אין דעם אויסגעמאַטערטן אַרבעטער באָלשעוויק האָט זיך געשפּירט די גרויסע גוואַלדיקע קראַפט, וואָס דער אַר־בעטער קלאַס פאַרמאָגט און וואָס איז בכח צעשמעטערן די אַלטע וועלט און פירן די מענטשהייט אַף נייע וועגן צו אַ ליכטיקער צוקונפט...

---

די זיצונג פון דעם צווישן־פּאַרטייאישן קאָמיטעט איז געווען אַ שטרענג קאָנספּיראַטיווע, בחדרי חדרים — און דאָך איז אין אַ שעה־צוויי אַרום געווען שוין אַלעמען באַוואוסט, וועגן וואָס עס האָט זיך אַף דער זיצונג געהאַנדלט... ס'האָבן שוין אַלע געוואוסט, אַז ס'שפּאַנען אַהער פּאָוסטאַנצעס פון די נאָענטע דערפער, אַז זיי גייען זיך אָפּרעכענען מיט די אָפיצערן, — און אַזוי ווי די אָפיצערן זיינען אַנטלאָפן, וועלן זיי פון כעס אָנמאַכן אין שטאָט אַ חורבן...

די באַפעלקערונג איז ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ טויט־שרעק.

מ'האָט שוין געזען פאַר זיך אַ מחנה ווילדע צעבושעוועטע מוזשי־קעס־גזלנים, וואָס גייען ראַבירן און שחט'ן... אַ שרעקלאַכע פּאַניק האָט געהערשט, איבערהויפּט צווישן דער בורזשואַזיע, וואָס איז פאַרבליבן אין שטאָט, וואָס איז ניט געלאָפן מיט די אָפיצערן, און אויך צווישן דער אידישער באַפעלקערונג. מ'האָט זיך פאַר־גראָבן אין די הייזער, פאַרמאַכט טיר־און־טויער און אין גרויס ציטערניש געוואַרט... פּוסט, טויט איז געוואָרן די שטאָט. אַ בית־עולם־שטילקייט האָט געהערשט אַף די פּוסטע גאַסן, וואו מ'האָט ניט געזען קיין לעבעדיקן נפש, אַ חוץ די פּאַטרולן פון דער זעלבסטשוץ, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט זיך באַווייזן און מאַרשירן ווייטער.

דער שטאַב פון די זעלבסטשוץ־דרוזשינעס האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון דער פּראָפעסיאָנעלער ביוראָ, ביים באַרג. און בלויז דאָ האָט זיך געמערקט אַ לעבעדיקער שטראָם: הין און צוריק האָבן געשפּאַנט באַוואָפנטע גרופּען מענטשן, בייטנדיק זיך אַף די פּאָסטנס — בײַ די קראָמען, בײַ די ברויט־לאַגערן, בײַ די שטאָט־אַנשטאַלטן אין אַלע טיילן פון שטאָט; אַהער פלעגן אָנקומען די ראַפּאָרטן פון די עלטסטע איבער די דרוזשינעס וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט און הינטער דער שטאָט. די גאַנצע נאַכט פאַר'ן אָנקומען פון די פּאָווסטאַנצעס איז די ביוראָ געווען געפּאַקט מיט אַרבעטער, מיט פּאַרטיי־מיטגלידער, פון אַלע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. קיינער האָט די גאַנצע נאַכט מיט אַן אויג ניט צוגעמאַכט. אַרום צען דעם זייגער אין דער פרי, ווען אַלע זיינען געזעסן און האָבן געדרימלט, דערוואַרטנדיק — ווער זיין אָטשערעד צו גיין אַף אַ פּאָסט, ווער פון נייגעריקייט וויסן, וואָס עס טוט זיך, — איז אַריינגעלאָפן גרישקאַ גראָוזבערג און האָט מיט פרייד אויסגעשריען:

— זיי גייען! זיי גייען! זיי זיינען שוין אַפ'ן באַרג! לאָזן זיך אַראָפּ אַפ'ן שליאַך צו דער שטאָט!

— ווי גרויס איז די צאָל?! — האָט דער סעקרעטאַר פון

דער ביורא, א מענשעוויק, כאימאָוויטש — א בלאסער, א ציטערנדיקער — א פרעג געטאָן.

— א מחנה! אודאי א מאן פינף הונדערט! מיט רויטע פאָנען! אין א האלבע שעה וועלן זיי שוין זיין דאָ! זיי וועלן געווים דורכגיין פארביי אונזער ביורא. וואו זיינען די פאָנען פון די פאראיינען? לאָמיר זיי באגעגענען ווי רעוואָלוציאָנערן?

— וועמען ווילסטו דאָס מיט אזא פאראד מקבל־פנים זיין?!

— האָט כאימאָוויטש צאָרנדיק א ברום געטאָן: — איך בין קעגן וועלכער עס איז פייערלאכער באגריסונג!

— זיי גייען דאָך מיט רויטע פאָנען! — האָט גראוזבערג אן אויפגעבראכטער אויסגעשריען.

— אָך לאָז צו רו, פאָנען־שמאָנען! — האָט כאימאָוויטש א מאך געטאָן מיט דער האנט: מיר ווייסן ניט, ווער זיי זיינען און צוליב וואָס זיי קומען...

— וואָס הייסט — ווער? — האָט זיך גראוזבערג פאר־וואונדערט געווענדט צו די איבעריקע מיטגלידער פון דעם „צווישן־פארטייאישן קאָמיטעט”, וואָס זיינען געזעסן אראפגעלאָזט די קעפ: — וואָס זשע שווייגט איר?

— מ'האָט דאָך דיר שוין געזאגט! — האָט אים אפאטיש געענטפערט דער מענשעוויק מיכנענקאָ, וואָס האָט איצטער פאר־נומען קיסעלענקאָ'ס אָרט אין דער ארגאניזאציע: — חבר כאימאָ־וויטש איז פאָלקאָם גערעכט: מיר, סאָציאל־דעמאָקראטן, דארפן זיין פאָרזיכטיק מיט „באגריסונגען”...

— גייט צו אלדי־שווארצע־יאָר! — האָט גראוזבערג צאָרנדיק אויסגעשריען:

— חברים! — האָט ער זיך פלוצלינג געווענדט צו די ארבעטער, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו דעם שמועס: — קומט ארויס אפ'ן גאס! קומט אנטקעגן די רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־מאסן, וואָס האָבן בלויז מיט'ן אָטעם פארטריבן פון דאנען די צארישע רעשטלאך!”

גראוזבערג'ס רוף צו די ארבעטער האָט א קנאל געטאָן ווי

א שמייץ אין פּנים אָט די אַלע פאַרגליווערטע כאימאָוויטשעס און מיכנענקאָס. די אַרבעטער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַפּ׳ן גאַס. די ביוראָ איז פּוסט געוואָרן. בלויז כאימאָוויטש און מיכנענקאָ, לאַדיזשענסקי און ענגעל זיינען געבליבן טריי זייער „פּראָגראַם״: זיי זיינען געבליבן זיצן אומבאַוועגלאַך באַם טיש פון דער ביורא, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ אויף די אָנגעשפּאַרטע הענט.

און באַם טויער פון דער ביוראָ־געביידע האָט זיך פאַרזאַמלט אַ מאַן הונדערט אַרבעטער. מ׳האָט אויסגעזוכט אַ רויטע פאָן און אין געשלאָסענע רייען האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן אַנטקעגן די שוין אָנגעקומענע פּאַוסטאַנצעס.

— זאָל לעבן דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום!

— זאָל לעבן דער ברידערלאַכער בונד צווישן אַרבעטער און פויערים!

— זאָל לעבן די רעוואָלוציאָנערע מאַכט פון אַרבעטער און פויערים!

— הוראַ! הוראַ! הוראַ!...

ווסטאַ־וואַי פּראָ־קליאַטיעם זאַ־קליעמיאָ־ני
וועם מיר גאָ־לאָד־ניך אי ראַ־באָוו
קיפּיט נאַש ראַזום וואָז־מוש־טשאָני
אי וו סמערט־ני באָי וועסטי גאָ־טאָוו...*)

פאַרביי די פענסטער פון דער ביוראָ־געביידע האָבן דורכ־געמאַרשירט אַ מאַן דריי הונדערט פויערים, באַוואָפנטע ווער מיט אַ לאָפּעטע, ווער מיט אַ פּשוטן שטיק אייזן. פאָראויס דער מחנה האָט געמאַרשירט אַ ברייטבייניקער, קרעפּטיקער פויער, אָנגעטאָן אין אַ פויערשן פּוטער, מיט אַ קרומער סאַבליע באַ דער זייט — און מיט אַ רויטער פאָן אין דער האַנט. דאָס איז געווען איינער פון די איבערגעגעבענע נאָכפאָלגער פון מאַכנאָ און דער אָנפי־רער פון די פּאַוסטאַנצעס אין די נאָנטע דערפער — „פּאַוסטאַנצעץ קאַראַטשון״.

*) שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן... א. א. וו.

די באַגײַסטערטע אויסרופן פון דער פּראָלעטאַרישער יוגנט, די פייערלאַכע טענער פונם „אינטערנאַציאָנאַל״, געזונגען פון הונ־דערטער קרעפטיקע שטימען, האָט לעבעדיק געמאַכט די טויטע גאַסן. פון אַלע הויפן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן די איינוואוינער מיט אַ פאַרגליווערטן שרעק אין די אויגן. ס׳איז מיט אַמאָל געוואָרן רוישיק, לעבעדיק, כמעט יום־טוב׳דיק.

— זאָל לעבן דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום — פלעגט זיך פון צייט צו צייט אַ טראָג טאָן פון צווישן די פאַרזאַמלטע מאַסן און אַ דונערנדיקע הוראַ־אויסגעשריי שוועבט שוין אין דער לופטן, אין דעם שיינעם פרילינג פרימאָרגן, אָנזאָגנדיק דעם אויסגעמאַ־טערטן עולם, אַז עס קומען אָן בעסערע, ליכטיקערע טעג... אַט דער פייערלאַכער קבלת פנים האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף די אויפגעברויזטע פויערים: זייערע פאַרצאָרנטע פנים׳ער זיינען געוואָרן ליכטיקער, פרייַנטלאַכער, — און ס׳האָט זיך געפילט, אַז עס וועקט זיך אויף אין זיי דאָס באַוואוסטזיין, אַז זיי הויבן אָן צו באַגרייפן די וויכטיקייט פון דעם, וואָס ס׳קומט פאָר... ווי נאָר די טריאומפירנדיקע מאַסן, וואָס האָבן זיך געצויגן נאָך די מאַר־שירנדיקע פויערים, זיינען געקומען צו דער צענטראַלער גאַס — אזאָווסקי פּראָספּעקט — האָט זיך פון דער וויַיטן באַוויזן אַ צווייטע פּראָצעסיע — פאָראויס מיט אַ רויטע פאָן — אַנטקעגן די פויערים...

ניט גרויס איז געווען די פּראָצעסיע, נאָר אין געשלאָסענע רייען האָט זי זיך געטראָגן אַנטקעגן די רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־מאַסן. דאָס איז געווען די אונטערערדישע באָלשעוויסטישע אָרגאַ־ניזאַציע מיט אַ גרויסער סאַמעטענער רויטער פאָן, וואָס איז אויסגעבאַהאַלטן געוואָרן די גאַנצע צייט פון דער רעאַקציע. מיט גרויסע זילבערנע אותיות איז געווען אויף דער פאָן אָנגעשריבן:

„די גאַנצע מאַכט די האָרעפּאַשנע מאַסן — די אַרבעטער און פויערים!״

דער אַלגעמיינער ענטוזיאַזם האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווען ביידע פּראָצעסיעס זיינען זיך צונויפגעקומען און זיך

אָפּגעשטעלט איינס אַנטקעגן ס'אַנדערע. ס'איז באַלד אויסגעוואַקסן אין מיטן דעם אזאָווסקי פּראָספּעקט אַ „טריבונע" (אַ גרויסער הילצערנער קאַסטן) און אין דער הויך האָט זיך באַוויזן דער זעלבער קליינגעוויקסיקער באָלשעוויק מיט די איינגעפאַלענע טרויעריקע אויגן, וואָס האָט דאַמאָלט אינפאָרמירט דעם „צווישן־פּאַרטייאישן קאָמיטעט" וועגן די פּאָוסטאַנצעס.

— חברים־פּויערים! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אָנווענדנ־דיק אַלע קרעפטן מ'זאָל אים קענען הערן ווייט אַרום:

— מיר, אַרבעטער פון שטאָט, באַגריסן אייך, פּויערים פון דאָרף! איר האָט מיט אייער רעוואָלוציאָנערער אַנטשיידנקייט פאַרטריבן די עקלהאַפטע צאַרישע אָפיצערן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן, אַלס רעשטלאַך, פון ראָמאַנאָוו'ס צייטן. זיי זיינען אַנטלאָפן פון דאַנען נאָך מיט צוויי טעג פריער. איצט איז דאָ שוין אין פולער קראַפט די רעוואָלוציאָנערע מאַכט פון די שטאָ־טישע אַרבעטער. דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט באַגריסט אייך, ברידער־פּויערים, און רופט אייך קומען צו הילף פאַרשטאַרקן די מאַכט פון אַרבעטער און פּויערים איבער גאָר דער גרויסער לאַנד אונזערער!

די לעצטע ווערטער פון דעם רעדנער האָבן אַרויסגערופן דונערדיקע אַפּלאָדיסמענטן און באַגייסטערטע אויסרופן:

— זאָל לעבן דער ברידערלאַכער בונד צווישן אַרבעטער און פּויערים!

— זאָל לעבן די נייע רעוואָלוציאָנערע מאַכט!

— טויט די צאַרישע אָפיצערן!

— הוראַ! הוראַ! הוראַ!

אוןביידע פּראָצעסיעס, צונויפגיסנדיק זיך אין איין ריזיקן שטראָם, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ווייטער איבער'ן אזאָווסקי פּראָס־פּעקט צו דער געביידע פון דעם געוועזענעם „אָקרוזשנאָי סוד" *), וואו ס'האָט שוין געפלאַטערט די רויטע פאָן פון'ם „רעווקאָם".

*) דאָס קרייז־געריכט אין געגנט.

## 21.

# די רעוואָלוציאָנערע מאַכט.

די געביידע פון רעווקאָם איז געוועזן געפּאַקט מיט ארבעטער, ווי בינען אין א בינשטאָק... מיט א פיבערהאַפטער איילעניש און מיט א זעלטענער איבערגעבנקייט האָבן פיל פון זיי געטאָן די ארבעט, וואס דער „רעווקאָם" האָט זיי געהייסן טאָן. אייניקע זיינען געשיקט געווארן מיט ביקסן באוואכן די שטאָט־באַנק, אנדערע — האלטן אָרדנונג ביים וואָקזאַל, דריטע — צו דער טעלעפאָן־סטאַנציע, צו פּאָסט און טעלעגראַף און צו אנדערע שטאָט־אנשטאַלטן. גלייכצייטיק איז אָנגעגאַנגען אַן אָנגעשטריינגטע ארבעט צו שאַפן אַן „אָסאָבי אָטדעל", וואָס זיין אויפגאַבע איז, אויסראָטן יעדן שפּור פון קאָנטער־רעוואָלוציע. אין דער שפּיץ פון דעם דאָזיקן וויכטיקן פּאָליטישן אנשטאַלט זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרען צוויי אַלטע דערפאַרענע באָלשעוויקעס —ביידע פון די געוועזענע „אמעריקאנצעס", וואָס זיינען געקומען פון ניו יאָרק. בּאַ דער ארבעט פלעגן זיי זיך אָפט איבערוואַרפן מיט ענגלישע ווערטער, און אָפטמאָל, ווען ס'פלעגט זיך האַנדלען וועגן א געהיימען ענין, פלעגן זיי פירן דעם געשפּרעך צווישן זיך בלויז אַף ענגליש. די זעלבע ענגלישע שפּראַך האָט זיך אָפט געלאָזט הערן אויך אין „רעווקאָם", וואו די מערסטע מיטגלידער זיינען אויך געוועזן פון די אָנגעקומענע פון אמעריקע. (אָט די ענגלישע שפּראַך און זייער אמעריקאנער אויסזען האָבן זיי באַשיצט אין די שווארצע טעג פון רעאַקציע...) צוהערנדיק זיך צו דער פרעמדער שפּראַך, וואָס קלינגט אַזוי אָפט צווישן די פאַראַנטוואָרטלאַכע טוער, האָט זיך געדוכט, אז זיי זיינען דאָס ספּעציעל אָנגעקומען פון דער וויטער אמעריקע צו העלפן אונז

איינפירן אַן אמת־רעוואָלוציאָנערע אָרדנונג, באַפעסטיקן די סאָוועטן־מאַכט.

אין דער צייט, ווען אין „רעווקאָם" איז אָנגעגאַנגען די אויבנדערמאָנטע פּאָליטישע ארבעט, זיינען די ערשטע רייען פון ביידע פּראָצעסיעס, נאָך וועלכע עס איז נאָכגעגאַנגען א ריזיקער עולם, כמעט די גאַנצע שטאָט, שוין געווען נאָענט צו דער געביידע פון „רעווקאָם". די באַוואָפנטע ארבעטער, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך באַם אַריינגאַנג פון „רעווקאָם", האָבן באַלד געגעבן צו וויסן, אז עס קומען אָן די דעמאָנסטרירנדיקע מאַסן. אלע די, וואָס האָבן זיך געפונען אין'ם „רעווקאָם", בראָש מיט די מיטגלידער פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, זיינען אַרויס באַגעגענען די טריאומפירנדיקע שטאָט־בירגער און די פּויערים פון דאָרף. ס'האָט זיך באַלד באַוויזן אַן אָרקעסטער מוזיק, וואָס איז געווען אַפּנים אָנגעגרייט באַצייטנס. אז דער גרויסער עולם איז צוגעקומען צום רעווקאָם, האָט דער אָרקעסטער א דונער געטאָן דעם „אינטערנאַציאָנאַל"...

אלע האָבן אַנטבלויזט די קעפּ. און ווי נאָר די מוזיק האָט פאַרענדיקט שפּילן, האָט דער טויזנט־קעפּיקער עולם אויסגעבראָכן אין א לאַנג־דויערנדיקן הורא־אויסגעשריי, פּאָכנדיק אין דער לופטן מיט היטלען, קאַרטוזן, קאַשקעטן, טיכלאַך. ס'האָט זיך געדוכט, אז עס וועט קיין סוף ניט זיין צו דעם דויערנדיקן הורא־געשריי... די ברייטע לאַנגע גאַס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, ווי אימיצער וואָלט זיי צונויפגעיאָגט אַהער מיט גוואַלד פון אלע עקן שטאָט...

אויף א טיש, וואָס איז ספּעציעל געבראַכט געוואָרן פון דער געביידע, האָט זיך באַוויזן דער פּאָרזיצער פון רעווקאָם, חבר ראָמאַנאָוו. — דער אויפגעברויזטער עולם איז פּלוצלינג שטום געוואָרן. מיט א דונערנדיקן קול האָט ראָמאַנאָוו אָנגעפאַנגען:

— חברים פּויערים! דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, דאָס הייסט, דער רעווקאָם, וועלכן איר זעט דאָ איצט, איז אויסדערוויילט געוואָרן נאָך אין די ערשטע טעג פון דער געוועז־

זענער עוואקואציע פון דער סאָוועטן־מאכט. מען האָט אונז אויסגעקליבן און באפעלן מיר זאָלן דאָ פארבלייבן ביז ס'וועט קומען אָט דער ליכטיקער טאָג, וועלכן מיר לעבן היינט איבער! אינ'ם נאָמען פון אַלע ארבעטער פון שטאָט זאָג איך אייך: ברידער־פויערים! אונזער שטארקער בונד — דער בונד פון רעוואָלוציאָנערע ארבעטער און באוואוסטזיניקע רעוואָלוציאָנערע פויערים — איז אזא גוואלדיקע קראפט, וואס איז בכח באזיגן יעדע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע באוועגונג! מיר אלע צוזאמען זיינען א פעלזן־בארג, אָן וועלכן עס וועלן ברעכן די קעפ אלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען! זיי זיינען נאָך ניט אלע אויסגעראָטן! זיי באהאלטן זיך איצט אוים! נאָר מיר וועלן זיי אויסגעפינען! מיר וועלן אלע צוזאמען, ווי איין מענטש, שטיין אף דער וואך פון אונזער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט אייך, פויערים, באפרייט פון דעם גוט־באזיצער און אונז, ארבעטער, פון דעם פאבריקאנט־קאפיטאליסט! איר זאָלט וויסן זיין, ברידער־פויערים, אז אונז צו הילף וועט אינגיכן אָנקומען אהער א מיליטער אפטיילונג פון סאָוועטישע רויט־ארמייער. און מיט זייער הילף און מיט אייער טריישאפט צו דער רעוואָלוציע וועלן מיר שאפן וואונדער! מיר וועלן פארניכטן אלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אפיצערן, וואס האבן זיך אָנגעזאמלט אין קרים און גרייטן זיך צו א נייעם אָנגריף קעגן אונז! מיר וועלן זיי גובר זיין און באגראָבן זיי אין די ברויזנדיקע כוואליעס פונ'ם שווארצן ים...

יעדעס וואָרט פון דעם פאָרזיצער פון רעווקאָם איז באגלייט געוואָרן מיט לאנג־דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן און שטורמדיקע הורא־אויסגעשרייען.

מיט אָן ענטפער מצד די פויערים איז ארויסגעטראָטן דער פירער זייערע, דער קליינגעוויקסיקער, נאָר קרעפטיקער, מיט א קאָזאקישן שווערד בא דער זייט. ער האָט איבערגעגעבן די פאָן, וואָס ער האָט די גאנצע צייט געהאלטן אין די הענט, דעם געהילף זיינעם און האָט געזאָגט:

— בראטיא טאָווארישטשי! מיר זיינען געקומען אהער

פאַרכאַפּן די אָפיצערן, סאָבאַטשיך סיניוו *), וואָס האָבן פאַרנומען בא אונז אונזערע זין און ברידער. צום סוף זיינען זיי גאָר דאָ נישטאָ! ווי אזוי זשע האָט איר דאָס דערלאָזט, אז זיי זאָלן אנטלויפן — א? נאָר — יע... אמת: וואָס קענט איר, נעבאך, אליין אויפטאָן! דאָס האָט אונז טאַקע געזאגט אונזער באַטקאָ מאכנאָ. און אז מאכנאָ זאָגט, ווייסט ער וואָס ער זאָגט... עהע! ער האָט א קאָפּ! א גרויסן קאָפּ האָט ער, דער באַטקאָ מאכנאָ אונזערער! ער איז א גוואַלדיקע קראַפט! איר זאָגט, אז ס'וועלן צו אייך אָנקומען סאָוועטישע רויטע ארמייער? גוט. זאָלן זיי קומען און העלפן! און אלע צוזאמען, מיט דער הילף פון אונזער באַטקאָ מאכנאָ וועלן מיר אָט די הינט פאַרכאַפּן און דערווערגן!

ער האָט גערעדט מיט גרויס מאַטערניש, פלעגט בלייבן אין מיטן דערינען שטיין, ניט געפינענדיק דעם נויטיקן וואָרט, נאָר זיין דרשה האָט ארויסגערופן אזא שטורם פון אפּלאָדיסמענטן, אז די באַרימטסטע רעדנער וואָלטן אים געמעגט מקנא זיין...

א חוץ די פאָרשטייער פון רעווקאָם זיינען ארויסגעטראָטן נאָך צוויי פערזאָנען באַגריסן די פּאַוּוסטאַנצעס: דאָס זיינען געווען פאָרשטייער פון צוויי אידישע סאָציאַליסטישע ארגאַניזאַציעס: „בונד" און „פועלי ציון". זיי האָבן מיט התלהבות גערעדט וועגן דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער קראַפט פון דעם באַוואוסטזיניקן פּויערטום; האָבן זיך באַמיט איבערצייגען די פּויערים, אז די אידישע באַפעלקערונג, איבערהויפּט די אָרימע אידישע מאַסן, איז איבערגליקלאַך מיט זייער קומען און העכסט דאַנקבאַר, וואָס זיי, די רעוואָלוציאָנערע פּויערים, האָבן פאַרטריבן די באַנדיטן־אָפיצערן, פון וועלכע די אידישע האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן אַממערסטן געליטן:

— מיר, באַוואוסטזיניקע אידישע ארבעטער, באַגריסן אייך, חברים־פּויערים, ווי אמת'ע פריינט פון די אידישע אָרימע מאַסן, וואָס זיינען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער גרויסער רוסי־

*) די הינט.

שער רעוואָלוציע! מיר באטראכטן אייך אלס רעטער, אלס ערליי־זער פון די שרעקלאכע פארפאָלגונגען, וואס מיר האָבן אריבער־געטראָגן בשעת די רעשטלאך פונ׳ם צאריזם האָבן דאָ געהערשט! די אידישע ארבעטער־מאסן ווייסן שוין איצט, אז זייער גורל הענגט אָפּ פון אייך, באוואוסטזיניקע פויערים! די אידישע ארימע באפעלקערונג ווייסט שוין איצט, אז די איינציקע מאכט, וואס איז באמת איבערגעגעבן די האָרעפּאשנע מאסן פון אלע נאציאָנאַליטעטן — איז די מאכט פון ארבעטער און פוערים, די מאכט פון סאָוועט!״

די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ער׳ן האָבן פארנומען א „נייטראַלע פּאָזיציע״ אין דער געשעעניש. אפילו אין אזא מאָ־מענט פון גוואלדיקן אויפברויז פון די ברייטע פּאָלקס־מאַסן האָבן זיי ניט געהאט קיין מוט, קיין רעוואָלוציאָנערע סטיכישקייט זיך צונויפצוגיסן מיט די אויפגעברויזטע מאסן און מתודה־זיין זיך אין די באוואוסטזיניקע און אומבאוואוסטזיניקע חטאים קעגן דער סאָוועטן־מאכט בכלל און קעגן דעם ערשטן איספּאָלקאָם בפרט. קיינער פון זיי איז מיט א באַגריסונג רעדע ניט ארויסגע־טראָטן...

פאר די פּאָוסטאַנצעס האָט מען אפּגעליידיקט צוויי גרויסע האָטעלן, וואו זיי האָבן זיך איינגעארדנט אויף אָפּצורוען פון זייער גרויסער נסיעה. דער קאָמענדאנט פון שטאָט, חבר פּאָלאָנקאָ, האָט אָנגענומען אלע מיטלען, אז מ׳זאָל די פויערים גוט „אָנקאָר־מענען״ און זיי זאָלן זיך פילן באקוועם. אויף מארגן, אויסגערוטע, זאטע און העכסט צופרידענע, האָבן זיך די פויערים געזעגנט מיט דעם רעווקאָם, פארזיכערנדיק:

— דער באטקאָ מאכנאָ וועט אינגיכן אליין קומען אהער און ער וועט אייך שוין אויסלערנען, ווי אזוי מ׳דארף זיך מיט די „ליבאָדעיעס״*) אפּרעכענען!

און דער צוזאָג איז טאקע אין גיכן פארווירקלאכט געוואָרן.

*) שלעכטע מענטשן, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן.

## 22.

# מאַכנאָ

דער אַפּאַראַט פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער מאַכט איז שוין געווען אין פולן גאַנג; דאָס לעבן אין שטאָט האָט אָנגע־הויבן פליסן רעגלמעסיק און זיכער; מ'האָט שוין געהאַט אַ פאַר־בינדונג מיט די ארומיקע שטעט, וואו ס'איז געשען דאָס זעלבע, וואָס בא אונז. פון דעם נאָנטסטן צענטער, פון יעקאַטערינאָסלאַוו, האָט מען דערוואַרט אַ מיליטער־אָפּטיילונג פון סאָוועטישע רויטע גוואַרדעיצעס, אין וועלכע עס האָט זיך אַזוי גענויטיקט די רעוואָ־לוציאָנערע מאַכט. זייענדיק פאַרטיפט אין דער גרויסער שווערער אויפבוי־אַרבעט האָט מען שוין געהאַט כמעט פאַרגעסן וועגן די פּאָוסטאַנצעס און וועגן זייער „באַטקאָ מאַכנאָ".

מיט אַ מאָל, אין איינעם אַן אָוונט, ווען אין שטאָט האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט (לויט דעם צייטווייליקן באַפעל פון רעווקאָם איז געווען פאַרבאָטן שפּעטער פון ניין אַזייגער ארויס־גיין אַף די גאַסן) — זיינען צו דער געביידע פון רעווקאָם פּלוצלינג רעש'דיק צוגעפאָרן צוויי טאַטשאַנקעס*) מיט באַוואָפנטע מענטשן. די וואַך, וואָס איז געשטאַנען בא'ם אריינגאַנג פון רעווקאָם, האָט זיך געכאַפּט פאַר די רעוואָלווערן.

— העי! כלאָפּצי, וואו געפינט זיך דאָ דער רעווקאָם!? — האָט אַ כריפּע געטאָן אַ באַסאָווע הייזעריקע שטים און איינער פון די אָנגעקומענע איז אראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. נאָך אים זיינען ארויס פון די פורן די איבעריקע — אַ מאַן צוועלף. אַלע אין מאָדנע

*) לייכטע פורן.

קליידער־קאַפּטאַנעס, טשומאַרקעס, באַהאַנגען פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַלערליי כלי־זין: סאַבלעס, קינזשאַלן, רעוואָלווערן.

— גיט צו וויסן, אַז מאַכנאָ'ס שטאַב איז דאָ!

איינער פון דער וואַך איז אַוועקגעלאָפן אָנזאָגן די נייס דעם רעווקאָם.

— מאַכנאָ'ס שטאַב איז געקומען! — האָט דער וועכטער געמעלדעט.

דער רעווקאָם האָט איבערגעריסן די זיצונג און זיך א לאָז געטאָן באַגעגענען די אומגעבעטענע געסט... דאָרטן אין דעם גרויסן ליכטיקן קאָרידאָר פון דער געביידע זיינען שוין געשטאַנען אַלע צוועלף באַוואָפנטע מאַכנאָווצעס. אין דער מיט, אַרומגע־רינגלט פון די איבעריקע, איז געשטאַנען א קאָזאַק פון א יאָר פינף און דרייסיק, פון מיטעלער וואוקס, מיט א געשטופּלטן פּנים, אָן וואָנצעס און אָן א באָרד. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א גרוי־זינער בורקע, אַפּ'ן קאָפּ א פוטערנע פּאַפּאַכע*), פון אונטער דער פּאַפּאַכע האָבן זיך געזען לאַנגע שוואַרצע האָר, אַראָפּגעהאַנגען ביז די ברייטע אַקסלען.

דאָס איז געווען מ א כ נ אָ.

הינטער זיין פּלייצע איז געשטאַנען א הויכער יונג אָנגעטאָן אין א געוואַנטענער בלויער טשומאַרקע, באַהאַנגען מיט קינזשאַלען, רעוואָלווערן, מיט א קרומער סאַבלע בא דער זייט, מיט א רויטן זיידענעם פּאַס אױף דער ברייטער ברוסט, פאַרבונדן מיט א באַנט אױף די אַקסלען. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געברענט, ווי צוויי בייזע פייערלאַך. איין האַנט האָט ער געהאַלטן אָנגעלייגט אױף דער סאַבליע, און אין דער צווייטער האָט ער געהאַלטן א בליש־טשענדיקן רעוואָלווער גרייט צום שיסן...

דאָס איז געווען דער איבערגעגעבנסטער נאָכפאָלגער פון מאַכ־נאָ — פּאָוסטאַנעץ שטשוס.

דער פאָרזיצער פון רעווקאָם האָט זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט

---

*) קוטשמע.

און געבעטן אַלעמען ארויפקומען אין דעם אויפנאם־צימער פון רעווקאָם.

אז די מאכנאָווצעס האָבן זיך געלאָזט גיין ארויף איבער די טרעפּ, איז געווען צו מערקן, ווי די מיטגלידער פון שטאַב היטן זייער „באטקא", אז קיינער פון די פרעמדע זאָל צו אים ניט קענען צוקומען. זיי זיינען שווין אַלע אריין אין דעם אויפנאם־צימער. דער שרעקלאכער „שטשוס" האָט אָבער ניט אָפּגעטראָטן פון מאכנאָ אף אַ מינוט ניט; ער איז די גאנצע צייט געשטאַנען ווי א שומר הינטער זיין פּלייצע, האַלטנדיק דעם רעוואָלווער גרייט צום שיסן...

מאַכנאָ האָט פארנומען דעם אויבנאָן. „שטשוס" האָט זיך אוועקגעזעצט באַ זיין זייט, ניט אָפּלאָזנדיק דעם רעוואָלווער: ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דערוואַרטן יעדער רגע א פאַרזוך אומצוברענגען זייער „באַטקאָ". באַ דער אנדער זייט פון מאכנאָ האָט זיך אוועקגעזעצט א שיין געבויטער יונג מיט א אינטעליגענטן פּנים, וואָס האָט גאָר ניט האַרמאָנירט מיט די איבעריקע פאַר־גרעבטע פּנימ'ער פון מאכנאָ'ס שטאַב — דאָס איז געווען מאכנאָ'ס „טעאָרעטיקער", דער אנארכיסט אָוראלאָוו. צו אים האָט מאַכנאָ ארויסגערעדט זיינע ערשטע ווערטער:

— אוראלאָוו! לאָמיר צוטרעטן צו דער זאך. — איך בעט אַלעמען פארנעמען די פּלעצער! — האָט ער ווי באַפעלנדיק זיך געווענדעט צו די מיטגלידער פון רעווקאָם, וואָס האָבן מיט גרויס נייגעריקייט באטראכט מאכנאָ'ס חברה...

אז אַלע האָבן פארנומען זייערע פּלעצער, האָט מאכנאָ געגעבן אַ וואונק אוראלאָוו'ן ער זאָל אָנפאנגען.

אוראלאָוו האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט. מיט א ווייכער, וויברירנדיקער שטים און א שיין־ליטעראַרישן אויסשפּראך האָט ער געזאגט:

— אונזער פירער מאכנאָ — אָדער ווי די פּויערשע מאסן רופן אים — „באַטקאַ מאַכנאָ" איז ניט קיין צופעליקע פיגור אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. נאָך אין די פינסטערע צייטן

פונ׳ם צאַריזם איז ער — ווי מיר אַלע, זיינע איבערגעגעבענע נאָכ־פאָלגער, — געזעסן אין די צאַרישע טורמעס, געוועזן פאַרשיקט אין סיביר פאַר זיין גרויסער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט לטובת די האָרעפּאַשנע מאַסן! און אָט די גרויסע האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן איצט אין אים געפונען זייער פירער, זייער וואָרטזאָגער, זייער אויסלייזער...

— קירצער, צו דער זאַך! — האָט מאַכנאָ אומצופרידן ארויסגעברומט.

— איז אָט... — האָט זיך אוראַלאָוו עטוואָס פאַרלאָרן — זייענדיק גאַנץ זעלבסטשטענדיק און אומאָפּהענגיק אין אונזער ארבעט צו באפרייען די פאָלקס־מאַסן פון די אונטערדריקער, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך ניט רופן, — האָבן מיר, מאַכנאָווצעס, גע־פונען פאַר נויטיק קומען אין אַ נאָנטער באַציאונג מיט דער סאָוועטן־מאַכט, ריכטיקער געזאָגט, מיט דער מיליטערישער אָנ־פירערשאַפט פון דער סאָוועטן־מאַכט. לויט דעם אָנגענומענעם פּלאַן פון ביידע צדדים, — באַדאַרף די מיליטערישע מאַכט אין די שטעט, וואָס מיר האָבן באַפרייט, איבערגיין צו אונז... אַזוי ווי אייער שטאָט איז באַפרייט געוואָרן אַ דאַנק אונזערע פּאָוו־סטאַנצעס, איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַז די מאַכט דאָ אין שטאָט געהערט צו אונז. דאָס איבעריקע וועט אייך מיטטיילן אונזער באַטקאָ מאַכנאָ.

ער האָט זיך צוריקגעזעצט אַף זיין אָרט.

אַלע האָבן געווענדעט די בליקן אַף מאַכנאָ, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן פאַרטראַכט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דער רעכטער האַנט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר און האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט:

— פון מאָרגן אָן איז די מיליטערישע מאַכט דאָ אין שטאָט, ווי אויך אין די אַרומיקע דערפער, אין אונזערע הענט. שטאָט־קאָמענדאַנט וועט דאָ זיין אונזער קעמפער און „קניזש־ניק“*) חבר אוראַלאָוו. איך רוף אים „קניזשניק“ — און אַף

*) בעל־ספר.

אייער שטאַטישן לשון „לי־טי־צ־ראַט" — ווייל חבר אוראַלאָוו, אַלס אַן אַלטער טעאָרעטיקער פון אַנאַרכיזם, האָט געגוג פּאַפּיר אויסגענוצט אַף זיינע גלענצענדע ארטיקלען... חבר אוראלאָוו וועט האָבן אין זיין רשות א באַדייטנדן אָטריאַד פון גוט־אויס־געמושטירטע פּאַרטיזאַנער, וועלכע וועלן אין אַ פּאָר טעג ארום אָנקומען אַהער אין שטאָט. צום רעוווקאָם וועט געהערן די ביר־גערלאכע מאַכט. דאָ וועלן מיר זיך אַבסאָלוט ניט מישן. אויב ס'וועט אייך זיין נויטיק אַ באוואַפנטע הילף, כדי דורכצופירן אייערע באשלוסן, — איז חבר אוראַלאָוו מיט זיין מיליטערישער מאַכט גרייט קומען אייך צו הילף. נאָר געדענקען מוזט איר, אז איר טאָר ניט אריינמישן זיך אין די מיליטערישע אנגעלעגנ־הייטן! איך האָף, אַז דער רעווקאָם פאַרשטייט די נויטווענ־דיקייט פון אזא צוזאמענבונד און וועט טאָן אַלץ וואס ס'איז אָן אים געווענדט, אַז קיין שום מיספארשטענדנישן זאָלן צווישן אונז ניט פאָרקומען. דערצו וועט אויך שטרעבן אונזער פאַרטרעטער, חבר אוראַלאָוו. מיר באַפולמעכטיקן חבר אוראַ־לאָוו'ן ער זאָל צוזאַמען מיט אייך צוזאַמענשטעלן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג וועגן אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט. און דער אויפרוף, אונטערגעשריבן פון רעווקאָם און פון קאָמענדאַנט אוראַלאָוו, זאָל מאָרגן שוין זיין אויסגעקלעפּט אַף אַלע גאַסן און זאָל אָפּגעדרוקט ווערן אַף אַן אָנגעזעענעם אָרט אין אייער ציַיטונג „איזוועסטיא".— יע... אַ פּאָר ווערטער וועגן אָט די „איז־וועסטיא" אייערע... —

ער האָט זיך אַ גריבל געטאָן אין זיין בוזים־קעשענע און האָט ארויסגעשלעפּט אַ צוקנייטשטן נומער פון אונזער ציַיטונג... אין זיינע קליינע, שפּיציקע אויגן האָבן זיך באוויזן פייערלאַך. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן די ציַיטונג, אָן טיש און בייז אויסגעשריען:

— אין דעם נומער איז פאַראַן אַן אַרטיקל, וואו דער שרייַ־בער אייערער באשמוצט מיין נאָמען, און דעם נאָמען פון מיינע העלדן־פּאַרטיזאַנער! איך וואַרן דעם רעווקאָם, אַז אַזוינע אַר־

טיקלען זאָלן מער אין דיער צייטונג ניט געדרוקט ווערן! מאַכ־נאָ'ס פּאַרטיזאַנער זיינען ניט קיין „דאָרפישע קולאַקעס", ווי עס שטייט דאָ געשריבן! — האָט ער ווילד אויסגעשריען:

— ניט צו פאַרשטיין דעם רעדאַקטאָר אייערן, אַז מאַכנאָ איז ניט קיין „הפקר־יונג", ווי עס שטייט דאָ אויך געשריבן: מאַכנאָ איז אַן אַלטער אַנאַרכיסט־רעוואָלוציאָנער, וועלכער קעמפט פאַר די האָרעפּאַשנע מאַסן שוין דעם צוויטן צענדליק יאָר! און זיינע נאָכפאָלגער זיינען גוט־דיסציפּלינירטע, מיט־לייב־און־לעבן איבערגעגעבענע קעמפער! און קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן מער באַשמוצן זייער ערלאַכן נאָמען! קיינער!!

אָפּגעזונדערט פון די גרויסע צענטערן, ניט האָבנדיק קיין פעסטע פאַרבינדונג אפילו מיט דער נאָנטער גרויסער שטאָט, מיט יעקאַטערינאָסלאַוו, ניט וויסנדיק צי ס'איז באמת פאָרגע־קומען אַזאַ אָפּמאַך צווישן דער צענטראַלער סאָוועטישער מאַכט מיט מאַכנאָ, — האָט דער רעווקאָם קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי אונטערצואוואַרטן זיך מאַכנאָ'ס פאָדערונג — צו־טיילן די מאַכט דאָ אָפּ'ן אָרט צווישן רעווקאָם און מאַכנאָ.

איינער פון די מיטגלידער פון רעווקאָם האָט אָף יענער נאָכטיקער זיצונג אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג:

— אַזוי ווי ס'וועט גאָר אין גיכן אָנקומען אַהער אַ סאָוועטישע מיליטערישע אָפּטיילונג, וואָס געפינט זיך אונטער דיבענ־קאָ'ס אָנפירערשאַפט, איז ניט נויטיק, אַז מאַכנאָ זאָל שיקן אַהער זיין אָטריאַד פּאַרטיזאַנער.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער צווישן די מאַכנאָוו־צעס און איינער פון זיי האָט לאַכנדיק אַ זאָג געטאָן:

— רעדט ניט קיין נאַרישקייטן, חבר! קיין שום רעגולערע סאָוועטישע מיליטערישע אָפּטיילונגען זיינען נאָך ניטאָ. אונ־טער דיבענקאָ'ס קאָמאַנדע געפינען זיך די זעלבע פּאַרטיזאַנער, וואָס באַ אונז. און זיי אָנערקענען דיבענקאָ'ס אָנפירערשאַפט בלויז דערפאַר, ווייל באַ אונז איז געשלאָסן געוואָרן אַזאַ אָפּמאַך!

אין דעם מאָמענט, ווען מיר ווען געבן צו וויסן די פֿאַוסטאַנ־צעס, אַז דיבענקאָ איז ניט מיט אונז, פאַרלירט ער יעדן איינפלוס אַף זיינע אָפּטיילונגען...

ס'איז געווען קלאָר, אַז דעם רעווקאָם וועט אויסקומען זיין אַ שפּילצייג אין די הענט פון מאַכנאָ, פון זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע רופן זיך מיט אַ הויכן נאָמען: „שטאַב מאַכנאָ".

---

די ידיעה, אַז ס'איז געקומען מאַכנאָ מיט זיין שטאַב, איז בליץ־שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער שטאָט, און נעבן דעם צענטראַלן האָטעל, וואו דער „שטאַב" האָט זיך באַזעצט, איז שוין גאַנץ פרי געווען אַ גרויסער עולם. ארום צען אזייגער אין דער פרי איז אויסגעקלעפּט געוואָרן דער אויפרוף, גע־חתמ'עט פון רעווקאָם און מאַכנאָ'ס שטאַב. די שטאָדט איז אַוועק אַף רעדלאַך. ס'האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז „מאַכנאָ אַליין וועט רעדן פון באַלקאָן פון זיין האָטעל". ס'איז געוואָרן אַ געלאַף, אַ שטופּעניש: דער גרויסער פּלאַץ באַם האָטעל און אויך די דערבייאיקע גאַסן זיינען פאַרפּלייצט געוואָרן מיט מענטשן — מענער, פרויען און קינדער. דער עולם האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן.

— טייערינקע, וואָס איז דאָ געשען, הא?... — האָט זיך דורכשטופּנדיק צווישן דעם גרויסן עולם, צו יעדן איינעם גע־ווענדעט אַן אַלטיטשקע.

— נו, וואוהין קריכסטו, גאָטספאַרכטיקע! מ'וועט דאָך דיך צערייבן דאָ! גיי זיך דיר אהיים אַלטיטשקע!

— וואָס הייסט אהיים! אַ קלייניקייט אזא געלאַף! מסתמא איז דאָך עפּעס געשען ווידער אַף דער וועלט...

— וואָס אַרט דיך, אַלטע, פאַר דער וועלט! דו האָסט שוין דיין וועלטל אָפּגעלעבט.

— מאַכנאָ, באָבעניו, איז געקומען! דו האָסט געהערט וועגן מאַכנאָ?

— אוי, ווײ איז מיר! מאַכנאָ אַליין?! הם... הם... — זאָגט זשע מיר טײערינקע, ווער איז ער, דער מאַכנאָ?...

ס'האָט אויסגעבראָכן אַ פרײלאַכער געלעכטער.

אין דער מינוט האָט זיך אָפּ'ן באַלקאָן פונ'ם האָטעל באַוויזן דער נײער קאָמענדאַנט פון שטאָט, אוראַלאָוו. עס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן אויסגעשרײען:

— אָט, אָט! מאַכנאָ! מאַכנאָ! איר זעט!

— הורא! הורא! הורא!...

— ביר־גע־ערר! — האָט אַ דונער געטאָן אין דער לופטן אוראַלאָוו'ס שטים. — איך בעט ס'זאָל זײן שטיל!

דער פיל־טויזנט־קעפּיקער עולם האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

— איך, קאָמענדאַנט פון שטאָט, אַ מיטגליד פון דעם שטאַב פון מאַכנאָ'ס אָדלער־העלדן, די פּאַרטיזאַנער, באַגריס איך אײך אינ'ם נאָמען פון מאַכנאָ, אונזער גרויסן פירער, פאַר וועמען עס ציטערן אַלע שונאים פון די באַפרײטע פאָלקס־מאַסן — אונזער באַטקאָ מאַכנאָ האָט מיך געבעטן איבערגעבן אײך זײן גרוס! ער — אונזער העלד מאַכנאָ — דאַנקט אײך, בירגער, פאַר די ברידערלאַכע געפילן, וועלכע איר האָט אַרויסגעוויזן צו זײנע פּאָוסטאַנצעס, וואָס זײנען דאָ ניט לאַנג געווען! באַט'קאָ מאַכנאָ שאַצט אײער איבערגעבנקײט צו אים און די האָרעפּאַשנע מאַסן פון שטאָט קענען זיכער זײן, אַז באַטקאָ מאַכנאָ וועט זײ באַשיצן פון אַל־דאָס־בײז, ווי ער באַשיצט זײנע ברידער־פּויערים! באַלד וועט צו אײך רעדן מאַכנאָ אַליין!

אונטער דונערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן און הורא־אויסגעשרײען איז אוראַלאָוו פאַרשוואונדן צוריק אין האָטעל. אין עטלאַכע מינוט אַרום האָט זיך אָפּ'ן באַלקאָן באַוויזן מאַכנאָ. ער איז אַרויס האַלטנדיק די פּאַפּאַכע (היטל) אין די הענט, די לאַנגע שוואַרצע האָר צוואָוואָרפן ברײט איבער די אַקסלען.

די לופט איז אויפגעטרײסלט געוואָרן פון אויסגעשרײען און אַפּלאָדיסמענטן.

מאַכנאָ איז געשטאַנען אויסוואַרטנדיק ביז דער עולם וועט

זיך בארואיקן. אַ קליין־געוויקסיקער, האָט ער פון דער הויך פון באַלקאָן אויסגעזען נאָך קלענער, דאָך האָט עס ניט אנטוישט דעם עולם: מען האָט אַלץ געהאַלטן אין איין שרייען „הורא“... אַ מינוט פינף־צען האָט דער גרויסער פּלאַץ פאַר׳ן האָטעל אויס־געזען ווי אַ ברויזענדיקער ים.

מאַכנאָ האָט אומגעדולדיק אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זיינע לאַנגע האָר. דער עולם איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן.

— מיין הארציקן גרוס אייך, בירגער פון שטאָט! — האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון באַלקאָן אַ שטאַלענע שטימע. — פון היינט אָן און ווייטער קענט איר זיך גאַנץ רואיק נעמען פאַר אייערע געשעפטן, פאַר אייער ארבעט! קיינער וועט שוין אייער רו ניט שטערן! איך און מיינע העלדן־פּארטיזאַנעם — מיר וועלן שטיין אַף דער וואַך! איר האָט געלייענט דעם אויפרוף, וואָס איז אויסגעקלעפּט אַף אַלע גאַסן? פון היינטיקן טאָג אָן איז די מיליטערישע מאַכט אין פעסטע הענט, אין די הענט פון מיין שטאַב! ס׳איז יעדערנס חוב, דער דאָזיקער מאַכט זיך אונטערוואַרפן! זאָלן אַלע וויסן, איבערהויפּט די בורזשואַזיע אייערע, אַז מיר, מאַכנאָווצעס, האָבן פיינט טרייבן קאַטאָוועס... אַלץ, וואָס די מאַכט, סיי די מיליטערישע, דער שטאַב, סיי די בירגערלאַכע, דער רעווקאָם, וועט פאָדערן פון אייך, מוז אומ־באַדינגט דערפילט ווערן! מיט דער בורזשואַזיע אייערער וועלן מיר זיך דורכשמועסן באַזונדער... פאַרלויפיק וויל איך אייך פאַרזיכערן, אַז דאָרטן, וואו מאַכנאָ׳ס שטאַב שטייט אָן דער שפּיץ פון דער מאַכט — דאָרט איז פאַר יעדער פאַרברעכער פאַראַן נאָר איין שטראָף: טויט! מיר שאַנעווען ניט אפילו אייגענע פּאַרטיזאַנער, אויב ווער פון זיי דערלויבט זיך אַ פאַר־ברעכן. די אָרדנונג דאַרף שטרענג אָנגעהאַלטן ווערן און יעדערער פון אייך ווערט גערופן מיטצוהעלפן!

זאָלן לעבן די באַפרייטע, האָרעפּאַשנע מאַסן! זאָל לעבן די נייע באַפרייטע רוסלאַנד! — האָט מאַכנאָ פאַרענדיקט זיין רעדע.

ס'האָט אויסגעבראָכן אַ ווילדער אַפּלאָז.

צוהערנדיק אָט די אַלע שיינע דרשות, האָט זיך געדוכט, אַז מאַכנ'ס חברה איז טאַקע אזא שטרענג־דיסציפּלינירטע קראַפט, וואָס האָט די איינציקע אויפגאַבע — שטיין אַף דער וואַך פון אַלע דעראָבערונגען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. נאָר די ווירקלאַכקייט האָט אין גיכן באַוויזן, אַז דאָס, וואָס די „איז־וועסטיאַ" אונזערע האָט געשריבן וועגן מאַכנאָ'ן און וועגן זיינע נאָכפאָלגער, די פּאַרטיזאַנעס, איז געווען אמת... אין גאָר אַ קורצער צייט איז פּאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז די אַלע „פּירער" און זייערע נאָכפאָלגער, די „פּאַרטיזאַנעס", זיינען פּשוט'ע באַנדיטן...

23.

# מאכנאם הערשאפט.

פון דעם ערשטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ האָט דער רעווקאָם געפילט גרויס מאנגל אין געלט. דעם באנק האָבן די אָפיצערן פאר זייער אוועקגיין אויסגעליידיקט, מיט'ן צענטער איז קיין פארבינדונג ניט געווען. די פארמעגלאכע שיכטן פון דער באפעל־קערונג האָבן זייערע געלדער באהאלטן אין דער היים — ניט געטראָגן אין מלוכה־באנק. דאָך האָט דער רעווקאָם זיך אָפּגע־האלטן פון עקסטרא מיטלען קעגן דער בורזשואזיע — ארויס־קריגן א טייל פון די גרויסע געלדער, וואָס ס'איז אנגעזאמלט אין די הענט פון איינצעלנע פערזאָנען. דער פּאָליטישער מאָמענט האָט געפאדערט א געוויסע שטיקל צייט פארהאלטן זיך פריינטלאך צו דער בורזשואזיע, וואָס האָט מיט גרויס שרעק אלע טאָג דערווארט, אז אָט־אָט קומען די „באנדיטן־באָלשעוויקעס" און נעמען צו זייער גאנץ פארמעגן. דער רעווקאָם האָט זיך געמאטערט, ווי מעגלאך געשפּאָרט, כדי צו קענען דערציען ביז ס'וועט אָנקומען געלט פון יעקאטערינאָסלאוו, וואוהין עס זיינען געשיקט געווארן דריי פאראנטווארטלאכע חברים צו דער גובערניאַלער פינאנס־אפּטיי־לונג נאָך געלט. אין אזא דערווארטונג זיינען דורכגעגאנגען טעג, וואָכן און דאָס געלט איז אלץ ניט אָנגעקומען. די בורזשואזיע האָט זיך כמעט בארואיקט, זעענדיק, אז דער רעווקאָם קלערט נאָר ניט נעמען קיין געלט מיט גוואלד בא פריוואטע מענטשן, און זי האָט דעריבער געקראָגן גרויס דרך ארץ פאר'ן נייעם רעווקאָם:

— „סטאַטעטשנע מענטשן, ניט קיין באנדיטן..."

די קורצזיכטיקע בורזשואזיע האָט ניט פארשטאנען, אז דער

רעווקאָם האלט זיך אָפּ פון אזוינע מיטלען ניט דערפאר, ווייל ער איז „סאָליד און סטאַטעטשנע", נאָר גאר אוים אנדערע טעמים. און טאקע דערפאר האט די אָנגעקומענע מאכנאָווטשינע אזוי דערשראָקן די בורזשואזיע: זי האָט באלד דערשפירט, אז דאָ וועט זי זיך מוזן געזעגענען מיט א גרויסן טייל פון אירע געלדער, פון איר רייכטום... דאָס האט זי שוין פארשטאנען פון מאכנאָ׳ס רעדע אפ׳ן באַלקאָן, אז „מיט דער בורזשואזיע וועלן מיר זיך דורכשמועסן באַזונדער"...

באלד, נאָכדעם, ווי ס׳איז אָנגעקומען דער אַטריאד פּארטי־זאנער, איז אין דער רעדאקציע ארײַנגעלאָפן א מאכנאָווער באַ־וואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, און האָט א געשריי געטאָן:

— דו ביזט דאָ דער רעדאקטאָר?! ס׳זאָל באלד אָפּגעדרוקט ווערן אָט די אָביאַווּלעניע! צוויי הונדערט עקזעמפּליארן! זשיווּאָ! — ער האָט מיר כמעט א שמיץ געטאָן א בויגעלע פּאפּיר — די אָנגעשריבענע מודעה.

— דאָס, דארפט איר, חבר, רעדן מיט׳ן פארוואלטער פון דער דרוקעריי, — האָב איך אים גוטמוטיק געענטפערט. און חוץ דעם, באדארפט איר קריגן א דערלויבניש פון רעווקאָם, די דרו־קעריי זאָל עס קאָנען דרוקן.

— וואָ־אָס?! — האָט ער א רעווע געטאָן, ווי א ווילדע חיה: — א דערלויבניש ביי אייער רעווקאָם?! טודי וואשו מאַט*). אונזער באַט׳קאָ מאכנאָ זאָל, הייסט עס, גיין זיך בעטן בא אייער רעווקאָם!? — ער האָט ארויסגעכאפּט דעם רעוואָלווער און האָט באַפּעלנדיק א געשריי געטאָן:

— עס זאָל באלד געדרוקט ווערן! אין צוויי שעה ארום וועל איך קומען נאָך דעם און אויב עס וועט ניט זיין פארטיק, וועסטו באַצאָלן מיט דיין קאָפּ!

מיט די ווערטער איז ער ארויסגעלאָפן פון דער רעדאקציע.

איך האָב באלד דורכ׳ן טעלעפאָן געגעבן צו וויסן דעם

*) אין אייער מאמען אריין...

רעווקאָם וועגן דער געשעעניש און האָב באַקומען א קורצן ענט־פער:

— זאָל מען דרוקן.

ס'איז אויסגעקומען אָפּשטעלן דרוקן די צייטונג און פאַר־נעמען די מאַשין מיט דער מודעה צו דער בורזשואזיע, וואָס איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו קומען אין אָוונט אכט אזייגער אויף א „ספּעציעלן מיטינג":

„זאָל יעדער בורזשוי וויסן, — איז געשטאַנען אין דער מודעה: — אז זיין נאָמען איז דאָ בא אונז אין צעטל. און ווער עס וועט זיך דערוואגן ניט קומען, דער וועט פאַרלירן זיין גאַנץ פאַרמעגן און וועט געשטעלט ווערן פאַר'ן מיליטערישן געריכט פון מאַכנאָ'ס שטאַב."

אין דער באַשטימטער שעה איז שוין דער שטאָט־טעאַטער געווען געפּאַקט מיט די איבערגעשראָקענע אייגנטימער, גוט־באַזיצער, סוחרים, פאַבריקאַנטן. יעדערער, ווער ס'האָט נאָר גע־קאָנט דערוואַרטן, אז ער איז פאַררעכנט צווישן די בורזשויעס, איז אָן אָן אָטעם געלאָפן אפ'ן מיטינג...

דעם מיטינג האָט געעפנט דער פאָרשטייער פון מאַכנאָ'ס שטאַב — דער שטאָט־קאָמענדאַנט, אוראַלאָוו:

— די מיליטערישע מאַכט פון שטאָט האָט אייך צונויפ־גערופן, איר זאָלט אליין באַטראַכטן און דערלייזן די פראַגע: וויפיל עס מוז יעדערער פון אייך ארייַנטראָגן געלט, וואָס פעלט איצט אויס, סיי דער בירגערלאַכער מאַכט, דעם רעווקאָם, און סיי דער מיליטערישער מאַכט, דעם שטאַב. מאָרגן, צוועלף אזייגער באַטאָג מוז דאָס געלט ארייַנגעטראָגן ווערן. עס מוז געשאַפן ווערן פינף הונדערט טויזנט פּאַפּיר־רובל! קלייבט אויס צווישן זיך א קאָמיטעט פון אלטע איינוואוינער וואָס וויסן גענוי יעדערן פון אייך און האָבן א באַגריף וועגן יעדנס פאַרמעגן. דער קאָמיטעט באַדאַרף טאָן דאָס פאָלגנדע: 1) צונויפשטעלן א צעטל פון אלע אייגענטימער, וואָס געפינען זיך דאָ; 2) א צעטל פון די, וואָס זיינען ניט געקומען, אָנווייזן דייטלאַך זייערע אדרעסן און אויך

די סומע געלט, וואס יעדער פון זיי באדארף אריינטראגן. דאס געלט באדארף איבערגעגעבן ווערן דעם שטאב.

די איבערגעשראקענע בורזשואזיע האט זיך אונטערגעווארפן דעם באפעל. ס׳איז באלד אויסגעקליבן געווארן א קאמיטעט. ביז צוויי אזייגער באנאכט האט זיך געצויגן דער אויסערגעוויינלאכער "מיטינג". ס׳זיינען פארגעקומען א סך טראגי־קאמישע פאלן. אזוי, איז איינער מיט׳ן נאמען מאוושין, א געוועזענער ארבעטער, א זאגאטאָווטשיק (קאמאשן־מאכער), וואס איז פלוצלינג, אין דער צייט פון מלחמה געווארן א נגיד, אן אייגנטימער פון א גרויסן מויער און פון א גרויסן קראם פון שיך־לעדער — האט בא זיך באשלאסן, אז ער געהערט ניט צו דער בורזשואזיע, אז ער איז „געווען אן ארבעטער און איז געבליבן אן ארבעטער", — און איז צום מיטינג ניט געקומען. אינ׳ם צעטל פון די ניט־געקומענע איז, פארשטייט זיך, זיין נאמען געשטאנען אין דער ערשטער רייע מיט א פארצייכענונג, אז ער דארף אריינטראגן פינף און צוואנציק טויזנט „קערענקעס" (פאפיר־געלט פון קערענסקי׳ס ממשלה). די ניט־געקומענע זיינען דערנאך פערזענלאך פארופן געווארן צום קאמענדאנט. ס׳איז געקומען אויך דער מאוושין — אין אן אפגעריסענעם אלטן מאנטל, אין א צוריסענער היטל.

— דו האסט געלייענט די מודעה? — האט אוראלאוו זיך שטרענג צו אים געווענדעט.

— יע... אבער.. .איך בין דאך ניט קיין בורזשוי, טאווארישטש אוראלאוו! ...

ניט ענטפערנדיק אים קיין ווארט האט אוראלאוו אראפגעלאזט אים א פאטש אין פנים:

— א „טאווארישטש" בין איך דיר! א, דו פאדלער הונט! און דער מויער אויף דער גרעטשעסקער גאס איז וועמעס? און די גרויסע קראם פון לעדער איז וועמעס, הא?

— אוי... גאספאדין קאמענדאנט... דאס איז דאך ניט מיינס, ניט מיינס... דאס איז אף דער ווייב׳ס נאמען...

דער נאַרישער ענטפער האָט נאָך מער צערייצט דעם קאָמענ־דאַנט און ער האָט אומ׳ברחמנות׳דיק אים אָנגעהויבן שלאָגן.

— אוי... אוי... איך גיב... איכ׳ל געבן... שלאָגט ניט...

— וויפל גיסטו?

—איר זאָגט פינף און צוואַנציק טויזנט... זאָל זיין פינף און צוואַנציק טויזנט...

— ניין! דו וועסט געבן מער!

און עס האָבן זיך ווידער א שאָט געטאָן קלעפּ.

איכ׳ל געבן.. פופציק! פופציק טויזנט...

— אהא, גיסט שוין פופציק? ניין, סט׳געבן מער! — — — —

דער „אָרימער ארבעטער" האָט אריינגעטראָגן 75 טויזנט קערענקעס...

---

די דורכגעפירטע קאָנטריבוציע אָן דער הסכמה פונ׳ם רעוור־קאָם איז געווען אָן אָנהויב פון אַ גאַנצער רייע אַקטן מצד די מאַכנאָווצעס, וואָס האָבן דייטלאַך באוויזן, אַז מאַכנאָ׳ס „מילי־טערישע מאַכט" רעכנט זיך ניט און וויל זיך ניט רעכענען מיט׳ן רעווקאָם, און אַז דער שטאָט דראָט אַ פּשוט׳ער באַנדיטיזם. נאָך דער „קאָנטריבוציע" איז אוועק אַ סדרה מיט „רעקוויזיציעס" און דערנאָך גלאַט אַ רויבעריי אונטער דעם אויסרייד פון „אָביסקן" און „אָבלאַוועס". די „אָדלער־פּאַרטיזאַנעס" פלעגן זיך אריינרייסן אינמיטן דער נאַכט ניט בלויז צו די בורזשויעס, נאָר אויך אין אָרימע הייזער, איבערהויפּט אין אידישע, באַראַ־ביעווען און איזדעקעווען זיך איבער די אַף טויט צושראָקענע איינוואוינער. דער רעווקאָם האָט געפּרובירט ווירקן אַפ׳ן קאָ־מענדאַנט אוראַלאָוו ער זאָל אָננעמען שטרענגע מיטלען קעגן די גוואַלד־טאַטן פון די שכור׳ע מאַכנאָווצעס. נאָר אוראַלאָוו האָט זיך אָפן מודה געווען, אַז ער קען מיט „דער חברה" גאָר ניט מאַכן: „בלויז מאַכנאָ אַליין קען אַף זיי ווירקן. פאַר אים האָבן זיי מורא. נאָר . . . ס׳טרעפט, אַז אפילו מאַכנאָ אַליין מאַכט זיך אויך אַמאָל ניט ווייסנדיק און לאָזט דורך אַזעלכע

„שטיפעריייען“ פון זיינע פאַרטיזאַנעס, אויסנוצנדיק זיין ווירקונג אַף זיי אין אַנדערע, מער וויכטיקע, פאַלן...“

דערמיט האָט אוראַלאָוו געגעבן דעם רעווקאָם צו פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס זיי רופן אָן „באַנדיטיזם“, זיינען מער ניט, ווי „אומשולדיקע שטיפעריייען“. די לאַגע האָט אָנגעהויבן ווערן זייער ערנסט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז ווי עס פלעגט קומען דער אָוונט, פלעגט זיך קיינער אַף דער גאַס ניט באַווייזן, מ'פלעגט מורא האָבן ארויסגיין פון שטוב. שיכור'ע מאַכנאָווצעס פלעגן זיך טראָגן איבער די גאַסן, שיסנדיק פון רעוואָלווערן אין דער לופטן, גלאַט אזוי פון פריילאכקייט וועגן, באַגלייטנדיק יעדן שאָס מיט אַ הילכיקן שכור'ן געלעכטער...

צווישן אָט די „שטיפעריייען“ האָט פאַסירט אַזאַ גוואַלדטאַט: אין מיטן העלן טאָג האָבן צוויי שכור'ע מאַכנאָווצעס דערזען פון דערווייטן אַ יונג מיידל פון אַ יאָר זיבעצן. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר. דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט לויפן, די מאַכנאָווצעס נאָך איר. אין אַ שטיל הינטערגעסל האָבן זיי איר אָנגעיאָגט און אַ כאַפּ געטאָן אונטער די הענט. דאָס מיידל האָט פון שרעק פאַרלאָרן דעם לשון. די מאַכנאָווצעס האָבן איר שווייגן אָנגענומען פאַר אַ גוטן צייכן, האָבן זי פאַרשלעפּט אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל און פאַרגוואַלדעוועט... דאָס מיידל איז געווען אַ שוועסטער פון אַן אָנגעזעענעם טוער אין אַן אָפּטיילונג פון רעווקאָם. דער פאַל איז געווען דער לעצטער ביטערער טראָפּן, וואָס האָט איבערגעפולט דעם בעכער. דער רעווקאָם האָט דורך אַ דירעקטן דראָט באַלד ארויסגערופן מאַכנאָ'ן אַף אַן עקסטרא זיצונג.

אַף דער זיצונג איז ארויסגעטראָטן מיט אַ דונערדיקער רעדע דער ברודער פון דער אומגליקלאַכער מיידל:

— מיין אָרימער פאָטער און קראַנקע מוטער, מיין איין־און־איינציקע שוועסטער האָבן איבערגעלעבט גענוג צרות, גענוג שרעקן פון אַלערליי באַנדיטן! נאָר אַזאַ אומגליק, אַזוינע ברענענדיקע ליידן האָבן מיר נאָך ניט געליטן!

אין זיין קול האָבן זיך געלאָזט הערן טרערן:

— און פון וועמען?! פון דער מאַכט, וואָס גייט כלומר׳שט באַפרייען די האָרעפּאַשנע מאַסן פון דעם אייביקן יאָך! פון אַ מאַכט, וואָס גייט כלומר׳שט קעמפן קעגן גוואַלדטאַטן, קעגן רויבערייען, קעגן אונטערדריקער! איך פאָדער ראַכע! איך וועל מיט מיינע אייגענע הענט דערשיסן יעדן אַנקעגנגייענדיקן מאַכנאָ־וועץ! איך... ס׳האָט אים פאַרוואָרגן אין האַלז, און ער האָט פּלוצ־לינג אויסגעבראָכן אין אַ היסטערישן געוויין...

מאַכנאָ איז פאַרבליבן אין שטאָט גאַנצע צוויי וואָכן. פאַר דער צייט האָט ער מיט זיין אייגענער האַנט דערשאָסן צוויי באַנ־דיטן, וואָס „זיינען געווען איבערגעטאָן, ווי מאַכנאָווצעס" (אַזוי איז געווען געזאָגט אין אַ מודעה, וואָס דער שטאַב האָט אַרויסגע־לאָזט). „אַזאַ פּסק וועט באַקומען יעדער איינער, וואָס וועט זיך דערלויבן אונטער אַ מאַסקע פון אַ פּאַרטיזאַן באַגיין אַ גוואַלדטאַט."

אין דער זעלבער מודעה איז אויך געווען געזאָגט, אַז „פון היינטיקן טאָג אָן זיינען קיין אָביסקן, אָבלאַוועס, באַנאַכט ניט דערלויבט, און די, וואָס קומען מאַכן אַן אָביסק באַטאָג, מוזן ציינן אַן אָרדער, אונטערגעשריבן פון שטאַב און פון רעווקאָם".

„דער רעווקאָם און דער מיליטערישער שטאַב פון מאַכנאָ — איז געווען געזאָגט אין דער מודעה צום שלום — שטייען אויף דער וואַך פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרדנונג! און יעדער איינער, וואָס וועט זיך דערלויבן די אָרדנונג ברעכן — זאָל עס זיין אַ געוויינלאַ־כער בירגער צי אַ פּאַרטיזאַן — ביידע וועלן קריגן די זעלבע שטראָף — טויט אויפ׳ן אָרט!

די מודעה האָט זיך געענדיקט מיט אַ באַמערקונג, אַז אינגיכן וועט פאָרקומען אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון אַלע אַרומיקע דערפער און צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די האָרעפּאַשנע מאַסן פון שטאָט וועט אויסדערוויילט ווערן אַן איספּאָלקאָם וואָס וועט זיין די איינציקע מאַכט אין דעם גאַנצן געגנט. די מאַ... פונ׳ם רעווקאָם, ווי אויך פון דעם „מיליטערישן שטאַב" וועט דאַן אַנולירט ווערן.

די אויבנדערמאָנטע מודעה, אונטערגעשריבן פון רעווקאָם און פון מאכנאָ, איז געווען אויפגעקלעפּט אויף אַלע גאסן, מערק און שפּאציר־פּלעצער.

דער רעווקאָם האָט געזיגט: ער האָט באַקעמפט די שווידער־לאַבע „מאכנאָווטשינע״. די פּאַרטיזאַנער זיינען געוואָרן ליי־טישער. די שטאָט האָט זיך באַרואיקט.

מיט אַ פאַרדאָפּלטער ענערגיע האָט זיך דער רעווקאָם גענו־מען גרייטן צום קומענדיקן צוזאַמענפאָר פון אַרבעטער־ און פּויערים־דעפּוטאַטן פון שטאָט און אַרומיקע דערפער. ערשטנס, האָט מען באַדאַרפט אויסוויילן דעפּוטאַטן אין דעם שטאָטישן סאָוועט. אויף אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן, גרויסע ווערקשטאַטן האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־מיטינגען, אויף וועלכע די הויפּט־רעדנער, די הויפּט־אַגיטאַ־טאָרס זיינען געווען די פאָרשטייער פון רעווקאָם פון דער באָלשע־וויסטישער אָרגאַניזאַציע. עס זיינען אַרויסגעטראָטן אויך מענשע־וויקעס און רעכטע עס־ערן, נאָר מען פלעגט זיי ניט וועלן הערן, מען פלעגט זיי שיקן צו די צאַרישע אָפיצערן — דאָרטן פּלאַפּ־לען. אומעטום, אויף אַלע גרויסע פאַבריקן זיינען אויסדערוויילט געוואָרן אויסשליסלאַך דעפּוטאַטן־באָלשעוויקעס אין דעם שטאָ־טישן סאָוועט.

אין רעכטן ברעג פון דער וואָל־קאַמפּאַניע איז פּלוצלינג אָנגע־קומען צו אונז אין שטאָט די „באַרימטע״ אין יענער צייט מאַרו־סיאַ ניקיפאָראָוואַ. זי איז געוואָרן באַרימט אין אונזער געגנט אַ דאַנק איר העלדישן קאַמף קעגן די דייטשן. די דייטשן האָבן זי געזוכט, ווי מיט ליכט, נאָר כאַפּן זי איז געווען אוממעגלאַך: די פּויערים פון די דערפער פלעגן זי אויסבאַהאַלטן. דאָס איז געווען אַ צווייטע מאַכנאָ „אין אַ קליידל״ — אַזוי האָט מען מאַ־רוסיאַ׳ן גערופן. זי איז געווען פאָלקאָם זעלבסטשטענדיק אין איר טעטיקייט, אומאָפּהענגיק פון קיינעם. נאָר פאַר דעם צוזאַמענפאָר האָט זי געשלאָסן אַ בונד מיט מאַכנאָ צו באַקעמפן די באָלשעווי־קעס אין די וואַלן. מיט דעם צוועק איז זי אויך געקומען אין שטאָט — אין דער באַגלייטונג פון אירע נאָנטסטע נאָכפאָלגער, געזונטע,

קרעפּטיקע פּאַרטיזאַנעס. דער אויסזען אירער האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם פּראָסטן עולם: זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ סאָלדאַטסקן שינעל, פון אונטער וועלכן ס'האָט זיך אַרויסגעזען דער ברעג פון איר קליידל; אין מענערשע שטיוול; בײַ די זייטן — רעוואָלווערן, אַ קינזשאַל און שטענדיק מיט אַ גרויסן בינטל רויטע בלומען אין די הענט... ווי זי פלעגט זיך נאָר בײַווייזן אױף די גאַסן מיט אירע „אַדיוטאַנטן", פלעגן זיך באַלד צונויפזאַמלען מחנות שטאָט־בירגער און נאָכפאָלגן, ווי נאָך אַן אויסערגעוויינלאַכער באַשעפעניש. דאָס, וואָס זי איז געקומען גראָד אין דער צייט פון דער וואָל־קאַמפּאַניע, איז געווען אַן אויסגערעכנטע זאַך: אַזוי ווי דער קומענדיגער איספּאָלקאָם האָט באַדאַרפט זיין די איינציקע מאַכט, האָבן מאַכנאָ און מאַרוסיאַ ניקיפאָראָוואַ אָנגעווענדעט אַלע מיטלען דורכצופירן אפ'ן צוזאַמענפאָר זייערע אָנהענגער אינ'ם איספּאָלקאָם. וואו נאָר ס'איז געווען אַ מיטינג, אַ פאַרזאַמלונג, אַ פאָרטראַג — אומעטום איז מאַרוסיאַ אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס, אין וועלכע זי האָט געהאַלטן אין איין לויבן די פרייע העלדן־פּאַרטיזאַנעס, זייער אָנפירער, מאַכנאָ, און אויך זיך פלעגט זי ניט פאַרגעסן לויבן... אירע אַרויסטרעטונגען האָבן געצויגן דעם ברייטן אַרבעטער־עולם אַ דאַנק דער אויסערלאַכער טעאַטראַלישקייט: רעדנדיק מיט אַ געמאַכטער באַסאָווער מענערשער שטימע, פלעגט זי יעדעס וואָרט איר'ס באַגלייטן מיט קונציקע קערפּערבאַוועגונגען: פאָכן מיט די פויסטן, אויסשטעלן העלדיש די ברוסט, דערהויבן דעם קול ביז דער לעצטער שטופּע און באַלד אָנהייבן רעדן שטיל, ווי איינרוימענדיק אַ סוד... און דעקלאַמירנדיק אַזוי, פלעגט זי כלומר'שט אומבאַמערקט אָפּשפּיליען די קנעפּ פון איר סאָלדאַטסקן שינעל, אין אַ מינוט אַרום איז שוין דער שינעל געווען צעשפּילעט, און די האָר צעוואָרפן אין אַלע זייטן... און דאָס אַלץ האָט געצויגן צו זיך דעם עולם, געוועקט זיין נייגעריקייט, געהאַלטן אים געשפּאַנט.

24.

# דער איספּאָלקאָם און מאכנאס פּאַראַט.

דער דעפּוטאטן־צוזאמענפאָר פון דאָרף און שטאָט איז פאָר־געקומען אין דעם גרויסן זומער־טעאטער בא דער אָנוועזנהייט פון העכער הונדערט דעפּוטאטן — ארבעטער און פּויערים. דעם „לינקן פליגל" האָבן שוין דאָ געבילדעט מאכנאָ'ס דעפּוטאטן: אוראלאָוו, שטשוס, ניקיפאָראָווא און אנדערע אָנגעזעענע מאכנאָווצעס. א גאנצע וואָך איז אָנגעגאנגען א ביטערער קאמף צווישן דעם אָרגא־ניזירטן ארבעטער־קלאס און דעם פּרינציפּלאָזן אנארכיסטיש־גע־שטימטן פּויערטום—פאר דער הערשאפט אין דעם קומענדיקן איס־פּאָלקאָם. עס זיינען געוועזן אזוינע שטורמדיקע מאָמענטן, אז ס'האָט זיך געדאכט — אָט־אָט וועלן די „שטשוסן" און „מאריו־סעס"־אדיוטאנטן אנטבלויזן זייערע שווערדן און אויס'שחט'ן אלע באָלשעוויסטישע רעדנער. בלויז צוויי מענטשן האָבן געקענט איינ־האלטן די צעבושעוועטע מאכנאָווצעס: דאָס איז געוועזן ח. דיבעץ פון דעם אמעריקאנער זאוואָד — א קלוגער אנטוויקלטער ארבע־טער, און חבר קארא — א בולגאר, א ברענענדיקער, פּייערדיקער יונג מיט א גוואלדיק־שטארקער שטים, ווי בא א לייב. א דאנק אָט־די צוויי חברים איז דער צוזאמענפאָר פארענדיקט געוואָרן מיט גרויס דערפּאָלג: פון די מאכנאָווצעס איז אריין אין איספּאָלקאָם בלויז איין אוראלאָוו. פאר פאָרזיצער פון איספּאָלקאָם איז אויס־דערוויילט געוואָרן דיבעץ און אלס סעקרעטאר — קארא...

---

די גאנצע באפעלקערונג האָט מיט גרויס פרייד באגעגנט די ידיעה, אז דער צוזאמענפאָר האָט פארענדיקט זיין ארבעט בשלום,

און ס'איז שוין דאָ אַן איספּאָלקאָם — אַ געזעצלאַכע מאַכט — און אַז אַן דער שפּיץ פון איספּאָלקאָם שטייט אַזאַ פּייאַיקער, קלוגער מענטש, ווי חבר דיבעץ. דיבעץ האָט אַליין געשטאַמט פון „מוזשיקעס", ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, האָט גוט געקענט דעם פּויער, זיין לעבן; אַלס פאַבריק־אַרבעטער אין משך פון צענדליקער יאָרן, האָט ער נאָך בעסער געקענט דעם פּראָלעטאַריער; אַפּזייענדיק אין אמעריקע עטלאַכע יאָר, האָט ער צו אַלעמען געקראָגן גרוים אַנטוויקלונג, האָט גוט געקענט די ענגלישע שפּראַך, געשריבן טעאָרעטישע אַרטיקלען אין דער אַרטיקער צייטונג און אין טאָג־טעגלאַכער געזעלשאַפטלאַכער אַרבעט איז ער געווען אַן אויסערגעוויינלאַכער פּראַקטישער טוער. ער איז געווען באַליבט און געשעצט ניט בלויז פון די אַרבעטער; די בורזשואַזע אינטעליגענץ האָט זיך אויך באַצויגן צו אים מיט גרוים רעספּעקט: אַ קלייניקייט! ער רעדט ענגליש, ווי אַ געבוירענער ענגלענדער! טראָגט שטענדיק אַ פּרעסווייסע העמד, געקליידעט, ווי אַן אַמעריקאַנער מיט געגאָלטע וואָנצעס — „אַן אמת'ער אינטעליגענט"! די אינטעליגענץ האָט ממש שטאָלצירט מיט'ן „פּרעדסעדאַטעל פון דעם איספּאָלקאָם"...

דאָס לעבן אין שטאָט האָט אָנגעהויבן פליסן, ווי אַ ליכטיקער קוואַל. ס'איז אָנגעגאַנגען אַן אַקטיווע שעפערישע אַרבעט אויף אַלע געביטן. נאָך די שרעקלאַכע געשעענישן האָט אפילו די בורזשואַזיע זיך געפילט גליקלאַך, וואָס ס'איז דאָ אַ סאָוועט, אַן איספּאָלקאָם, אַזאַ „פּרעדסעדאַטעל", ווי דיבעץ, כאָטש ער האָט זיי ניט געשאַנעוועט: אַז ס'איז געווען נויטיק, האָט מען רעקווויזירט געביידעס, מ'פלעגט פאַרקלענערן די וואוינונגען, מאָביליזירן אויף ריי־ניקן די גאַסן, זעגן האָלץ פאַר מלוכה־אַנשטאַלטן, פאַרגרעסערן די שטייערן, אַרויפלייגן קאָנטריבוציעס. דאָס אַלץ איז שוין איצט געווען אַ קלייניקייט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מ'האָט איבערגעלעבט פאַר דער לעצטער צייט... עטלאַכע וואָכן האָט געהערשט אין שטאָט אַ געהויבענע שטימונג. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ דאָס בייז איז שוין פאַריבער, אַז איצט דראָט שוין ניט קיין שום געפאַר.

מיטאַמאָל, גאָר אומדערוואַרטעט, זיינען אָנגעלאָפן אין שטאָט „בעזשענצעס" *) פון דער נאָענטער שטאָט מאַריופּאָל.

— וואָס איז ? וואָס איז געשען ?

— די וויים־גוואַרדייער... דאָבראָוואָלצעס !

— מיר זיינען אַנטלאָפן פון שטאָט אונטער א האָגל פון האַר־מאַטן־קוילן, פון ים־זייט, און אפ'ן וועג האָבן אונז געראַבעוועט מאַכנאָווצעס...

אָט די שרעקלאַכע נייס האָבן געבראַכט די בעזשענצעס...

ס'איז געוואָרן קלאָר, אז די וויים־גוואַרדייער האָבן אָנגעהויבן זייער מאַרש אױף צפון־טאַוורים, און אונזער שטאָט דראָט די זעלבע געפאַר.

ווידער איז א שוידערלאַכער פּחד אָנגעפאַלן אױף די איינוואוי־נער. ווידער האָט די סאָוועטן־מאַכט אָנגעהויבן גרייטן זיך צו עוואַקואַציע...

דער איספּאָלקאָם האָט באַלד אָפּגעהאַלטן אַן עקסטרע זיצונג צוזאַמען מיט די הויפּט־קאָמאַנדירן פון מאַכנאָ'ס אַטריאַד, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין שטאָט. אױף דער זיצונג האָט מען באַטראַכט די איינציקע פראַגע וועגן עוואַקואַציע. די העלדן־מאַכנאָווצעס האָבן גע'טענה'ט, אז ס'איז אַן אומזיסטער שרעק, אז קיין שום געפאַר דראָט ניט אונזער געגנט:

— אונזערע מחנות פּאַרטיזאַנער האַלטן דעם פראָנט באַם ברעג פון ים. די שיפן קאָנען נאָר „באַשפּריצן" אונז מיט עטלאַכע צענדליק קוילן, נאָר קיין דעסאַנט אַרויסזעצן אפ'ן ברעג וועלן זיי זיך ניט דערוואַגן : ער וועט באַלד צעשמעטערט ווערן ! די שיפן הוליען אַרום איבער'ן ים, נאָר קיין געפאַר פאַר'ן געגנט איז ניטאָ. זייט רואיק, מיר וויסן בעסער די סטראַטעגישע לאַ־גע !...

אפ'ן דריטן טאָג, ווי די פליכטלינגע זיינען אָנגעקומען, האָבן א דונער געטאָן האַרמאַטן־שאָסן אויך איבער אונזער שטאָט. די

---

*) פליכטלינגע.

שיסעריי האָט זיך געטראָגן פון דריי אויסלענדישע דאמף־שיפן, וואָס זיינען צוגעקומען צום וואָלנאַרעז*) און דאָרט געבליבן שטיין, באָמבאַרדירנדיק די שטאָט מיט גרויסע קוילן. פון בארג האָט זיך געטראָגן א שיסעריי פון דעם איינציקן הארמאט, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרמאָגט; זיי האָבן פון צייט צו צייט ארויסגעלאָזט א קויל אַף די שיפן, יענע זאָלן מיינען, אז דאָ געפינט זיך א געוויסע באוואָפנטע מאכט...

איבער די גאסן זיינען, ווי וואנזיניקע, ארומגעלאָפן איינוואוי־נער, זוכנדיק א זיכערן אָרט, וואו אויסצובאהאַלטן זיך פון די קוילן; אַנדערע זיינען געלאָפן צו די היימען, צו ווייב און קינ־דער...

אונטער דעם האָגל פון קוילן האָב איך זיך אויך געלאָזט לויפן פון דער רעדאקציע אהיים.

— ביזט גאַנץ? — האָט מיך באַגעגנט די פרוי א דער־שראָקענע.

—דערווייל נאָך גאַנץ. נעם די קינדער — קומט. איך וועל אייך אַריבערפירן אין א קעלער, אַליין מוז איך לויפן אין איס־פּאָלקאָם.

ווי מיר האָבן נאָר גענומען די צוויי קינדער אַף די הענט, האָט א שרעקלאַכער שאָס א קנאַל געטאָן כמעט איבער אונזער הויז. ס'האָבן זיך א שאָט געטאָן די שויבן פון די פענסטער. עס איז אַף עטלאַכע מינוטן געוואָרן פינסטער. מיר זיינען געבליבן שטיין, ווי פאַרגליווערטע. אז מיר זיינען געקומען צו זיך, האָבן מיר דורך די צעבראָכענע פענסטער דערזען א שטיק אָפּגעריסענע וואַנט אינ'ם דערבייאיקן מויער: א הארמאט־קויל האָט אראָפּ־געריסן א האַלבן דאַך און א האַלבע וואַנט. מיר זיינען ארויס־געלאָפן אַף דער גאַס. דאָרטן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אז דער שכן אונזערער, וואָס האָט געוואוינט אין דעם מויער, איז דער־הרג'עט געוואָרן. אונטער א האָגל פון הארמאטן־קוילן האָב איך

*) בוואַליע־ברעכער.

געפירט מיין קליינע פאַמיליע צו אַ קעלער, וואָס האָט זיך געפונען בא אונזערע באַקאַנטע. דאָס מיידעלע מיינע האָט מיך אַרומגע־כאַפּט באַם האַלז און האָט קוים־קוים באַוועגט מיט די ליפּעלאַך. זי האָט פאַר זיך געשעפּטשעט:

— גאָטעניו, גאָטעניו, וואו געפינט מען אַזאַ ווינקעלע, וואו קיינער־קיינער זאָל אונז ניט טשעפּען...

מיר זיינען בשלום דערגאַנגען צום קעלער.

דאָרט האָב איך איבערגעלאָזט די פרוי און קינדער און אַליין זיך געלאָזט לויפן צום איספּאַלקאָם.

---

די געביידע פון דעם איספּאַלקאָם איז געווען געפּאַקט מיט אַרבעטער, פּאַרטיי־טוער, וואָס האָבן געוואַרט אף די באַשלוסן פון׳ם איספּאַלקאָם וועגן עוואַקואַציע. די קאַנאָנאַדע איז געווען אין פולן ברען, ווען איך בין געקומען צו לויפן אין איספּאַלקאָם. באַם טעלעפאָן האָבן זיך פאַרזאַמלט צענדליקער אַרבעטער, דער־וואַרטנדיק ידיעות פון׳ם באַאָבאַכטונג־פונקט, וואָס איז געווען באַלד איינגעאָרדנט אפ׳ן באַרג מיט אַ טעלעפאָן־פאַרבינדונג. .

— דזין... דזין... דזין...

— סלושאַיו! (העלאָו) טאַלמאַס?... וויפיל שיפן? דריי? אונזער האַרמאַט שיסט גוט? ניטאָ קיין קוילן? די לעצטע צוויי?

אין עטלאַכע מינוט אַרום ווידער אַ טעלעפאָן:

— מיר האָבן אַרויסגעלאָזט דעם לעצטן קויל. דער קויל האָט געטראָפן אינ׳ם פיינט׳ס שיף... אַראָפּגעריסן דעם קוימען פון שיף.

די קאַנאָנאַדע האָט אָנגעהאַלטן נאָך אַ פּאָר מינוט און איז פּלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן. עס איז געוואָרן טויט־שטיל.

קאָן דאָס זיין, אַז אָט דער לעצטער שאָס פון אונזער האַרמאַט זאָל מאַכן אַ סוף, זאָל ברענגען די גאולה?

אַזוי איז עס טאַקע געשען. דער לעצטער שאָס פון אונזער האַרמאַט, וואָס האָט געטראָפן אין דעם פיינט׳ס שיף, האָט אָנגע־יאָגט אַן אימה אפ׳ן שונא. דאָס האָט, אפנים, געמאַכט אַן איינ־

דרוק, אַז די שטאָט איז גוט באַפעסטיקט, און די ווייסע האָבן זיך גענומען אָפּטראָגן. די צוויי גאַנץ־געבליבענע שיפן האָבן אונטערגעכאַפּט די קאַליע־געוואָרענע און — אַוועק. אין עטלאַכע מינוט איז אָנגעקומען דורכ'ן טעלעפאָן די פריילאַכע בשורה:

— דער שונא אַנטלויפט... פאַרלאָזט די שטאָט!

אין איין אויגנבליק איז די שטאָט אויפגעברויזט געוואָרן. די טויטע גאַסן זיינען לעבעדיק געוואָרן. פון אַלע הויפן, פון אַלע קעלערס, פאַרבאָרגענע לעכער — זיינען אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט הונדערטער, טויזנטער מענטשן מיט אַ פאַרגליווערטן שרעק אין די ברייט־פאַנאַנדערגעעפנטע אויגן. אפילו די בורזשואַזיע האָט זיך געפילט גליקלאַך, וואָס די ים־באַנדיטן זיינען אַוועק. דער עולם האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן, באַטראַכטנדיק די אַראָפּגעריסענע דעכער, די צעלעכערטע ווענט פון די געביידעס, אונטעררעכנדיק די צאָל פון די טויטע און פאַרוואונדעטע.

— צוואַנציק דער'הרג'עט... פופציק פאַרוואונדעט...

— וואָס צוואַנציק! אודאי אַ פּאָר הונדערט!

— ווער קאָן עס וויסן די אמת'ע צאָל... . ניטאָ וואָס צו רעכענען... אַ גרויסער קלאָג, אַ גרויסער אומגליק!...

— געלויבט איז גאָט, אַבי זיי זיינען שוין אַוועק!...

דער עולם האָט זיך געפרייט מיט אַ שרעקעדיקער פרייד. נאָר דער איספּאָלקאָם האָט געוואוסט, אַז פרייען זיך איז נאָך צו־פרי... מען האָט באַלד באַשלאָסן, גענוי אויספאָרשן, אויף וויפיל מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף יענע מאַכנאָ'ס אָטריאַדן, וואָס „האַלטן דעם פראָנט אויף 30 וואָירסט אַרום שטאָט", און צי עס איז דאָ אַ וועג אויף אָפּצוטרעטן, אויב די ים־רויבער וועלן אַרויסזעצן אויף דער יבשה אַ דעסאַנט. אויסצופאָרשן די אַלע וויכטיקע איינצלהייטן איז אַרויסגעפאָרן אויף אַן אויטאָמאָביל דיבעץ אַליין מיט אַ צוויי־דריי מיטגלידער פון איספּאָלקאָם. ווי נאָר די „מרגלים" זיינען אַוועקגעפאָרן, האָט זיך מאַכנאָ'ס אָטריאַד, וואָס האָט זיך גע־פונען אין שטאָט אַ הויב געטאָן און פּלוצלינג פאַרלאָזט די שטאָט. וויפיל די מיטגלידער פונ'ם איספּאָלקאָם האָבן זיך ניט באַמיט

איינצוהאַלטן דעם אָטריאַד, ביז עס וועט קומען צוריק דיבעץ מיט די נויטיקע ידיעות — האָט גאָרניט געהאָלפן:

— מיר האָבן געקראָגן אַ באַפעל תיכּף אַרויסטרעטן אויף דעם פראָנט! — דאָס איז געווען דער קאַטעגאָרישער ענטפער. און דער אָטריאַד איז אַוועק.

איצט איז די שטאָט געבליבן גאָר אָן אַ באַוואָפנטער מאַכט. אין גרויס אומרו האָט מען געוואַרט אויף דיבעץ׳ן. ענדלאַך, שפּעט אין דער נאַכט איז ער געקומען. אויף דער עקסטרא זיצונג האָט ער מיטגעטיילט:

— מיר האָבן אויסגעפאָרשט די גאַנצע געגנט, העכער דרייסיק ווערסט אַרום און האָבן ערגעץ ניט געטראָפן קיין איין מאַכנאָ־אָטריאַד! דער ים־ברעג איז אומבאַשיצט... און אויב די ווייס־גוואַרדייצעס האָבן נאָר באַ זיך מיליטער, קאָנען זיי יעדע רגע אַרויסשיקן אַפּ׳ן ברעג אַ דעסאַנט און פאַרשפּאַרן אונז דעם וועג צום אָפּטרעטן. איך בין כמעט איבערצייגט, אַז דאָ קומט פאָר אַ שרעקלאַכע זאַך: איך האָב מורא, אַז מאַכנאָ פאַרראַט אונז. בלייבן אין שטאָט באַ אַזאַ אומבאַשטימטער לאַגע איז אוממעגלאַך: מ׳קאָן אונז פאַרשפּאַרן, ווי אין אַ שטייג און אַלעמען אויסשעכטן.

דער אַלגעמיינער באַשלוס איז געווען, זיין גרייט פאַרלאָזן די שטאָט — אויף ווי לאַנג? — דאָס וועט קלאָר ווערן אין וועג, באַם אָפּטרעטן גופא.

דער באַשלוס איז באַלד באַוואוסט געוואָרן אין די ברייטע אַרבעטער־קרייזן, און די גרויסע געביידע פון דעם איספּאָלקאָם, ווי אויך דער פּלאַץ באַם איספּאָלקאָם זיינען אין אַ פּאָר שעה אַרום באַלאַגערט געוואָרן פון הונדערטער אַרבעטער־פאַמיליעס מיט פּעקלאַך, מיט קליינע קינדער. אפילו די אָנגעזעענע מענשעוויקעס און עס־ערן — מיכנענקאָ, כיימאָוויטש, לאַדיזשענסקי, גאַלקין — זיינען אויך געקומען מיט זייערע פּעקלאַך...

איך בין אַוועקגעלאָפן אהיים אָנזאָגן מיין פרוי אַז מיר טרעטן ציטווייליק אָפּ. אין צוויי־דריי טעג אַרום וועלן מיר זיך געווים

צוריקקערן. שלעפּן מיט זיך די גאַנצע פאַמיליע איז ניט כדאי מיר וועלן באַלד קומען צוריק.

די פרוי איז געווען מיט מיר איינשטימיק, אַז שרעקן זיך איז ניטאָ וואָס און שלעפּן מיט זיך די קינדער האָט ניט קיין זין: זי וועט דאָ בלייבן, ביז מיר וועלן זיך צוריקקערן. דאָך פאַרבלייבן אויף דער אַלטער קוואַרטיר האָט זי ניט געוואָלט:

— מאַלע וואָס עס קאָן טרעפן... איך וועל בעסער אויף די עטלאַכע טעג זיך אַריבערפּעקלען צו אַ באַקאַנטער... ווער ווייסט, וואָס עס קאָן פּאַסירן פאַר די פּאָר טעג — זיי קאָנען זיך נאָך אַריינרייסן, די ווייסע, און אַ בושעווע טאָן אַ טאָג־צוויי... בלייבן אויף דער קוואַרטיר איז אַ סכנה...

אַרום דריי אַזייגער באַנאַכט האָב איך אַריבערגעטראָגן די קינדער צו אַן אַלטן פּאָר־פאָלק, אויף אַ הינטערגאַס, אָפּגעזעגנט זיך „אויף אַ ווײַלע" און אַוועק צום זאַמלפּונקט פון דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָרטן האָבן מיר געוואַרט ביז באַגינען אויף אַ באַפעל צום אָפּטרעטן. דער איספּאָלקאָם האָט זיך נאָך אַלץ ניט געאײַלט — אפשר וועט ניט אויסקומען פאַרלאָזן די שטאָט. נאָר אַז פון דער נאָנטער באַן־סטאַנציע, מיט וועלכער דער איספּאָלקאָם האָט געהאַט די גאַנצע צייט אַ דירעקטע פאַרבינדונג, האָט מען פּלוצלינג באַקומען עפּעס אַ מאָדנעם ענטפער — נאָך אַלע סמנים אַ פּראָוואָקאַטאָרישן — איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז מיר טרעטן אָפּ.

אַ טויזנט־קעפּיקער עולם — בלויז אַרבעטער, ווער אַליין, ווער מיט דער גאַנצער פאַמיליע — בראש מיט'ן איספּאָלקאָם, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג צו־פוס איבער דערפער, אין דער ריכטונג צו דער שטאָט מעליטאָפּאָל.

---

אין וועג האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דייטלאַך אַרויסווייזן די דראָענדע לאַגע. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז מאַכנאָ האָט פאַרראַטן די גאַנצע געגנט. די מרגלים, וואָס דער איספּאָלקאָם האָט צעשיקט אין אַלע ריכטונגען, אָפּטרעטנדיק פון שטאָט, האָבן גע־

בראַכט קלאָרע באַווייזן, אַז מאַכנאָ איז אַ פאַררעטער, אַז ער האָט אָראָפּגענומען זיינע אַטריאַדן פון דעם פראָנט — אָפּגערייי־ניקט דעם וועג פאַר די ווייס־גוואַרדייצעס. די האָפנונג אויף אַ גיכן צוריקקערן אַהיים איז פאַרשוואונדן געוואָרן. די, וואָס האָבן איבערגעלאָזט זייערע פאַמיליעס אין שטאָט, האָבן זיך געפילט דערשלאָגן... פון די פאַרשפּעטיקטע איינצלנע פליכטלינגע, וואָס האָבן פאַרלאָזט די שטאָט מיט אַ טאָג־צוויי שפּעטער, האָבן מיר זיך דערוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין שטאָט באַלד נאָך אונזער אַוועקגיין:

— צום ערשטן האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן מחנות כוליגאַ־נעס, וואָס האָבן אָנגעהויבן באַראַבעווען די קראָמען. זיי פלעגן אָפּשטעלן יעדן פאַרבייגייער און אויסטאָן אים פון קאָפּ ביז די פיס... די דומע האָט זיך פאַרזאַמלט, און מען האָט אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ: קרעמער, הענדלער, סטו־דענטלאַך, גימנאַזיסטן צוזאַמען מיט זייערע „פּאַפּעס" — אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין זייערע שוץ־דרוזשינעס מיט רעוואָלווערן אין די הענט... נאָר איין אומגליק: קיינער פון זיי קען ניט שיסן, מען שרעקט זיך פאַר דעם רעוואָלווער...

—ווען איך האָב אפ'ן דריטן טאָג פאַרלאָזט די שטאָדט, -- האָט דערציילט אַ צווייטער (די פאַרשפּעטיקטע פלעגן אונז אָנ־יאָגן, ווייל מיר האָבן זיך ניט געאיילט און אָפט געמאַכט „פּרי־וואַלן" (אפּרו־פונקטן) — האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די ווייסע וועלן אין אָוונט אָנקומען: מען האָט זיי שוין געזען אויף דער נאָנטסטער באַן־סטאַנציע. און עס איז אַ סברא, אַז מאַכנאָ איז אינאיינעם מיט זיי...

פון אַן אַנדערן האָב איך זיך דערוואוסט וועגן טרויעריקע איינצלהייטן בנוגע מיין פאַמיליע: דאָס אַלטע פאָר־פאָלק האָט באַלד חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבן אַריינגעלאָזן צו זיך מיין פאַ־מיליע... עס איז אויף זיי אָנגעפאַלן אַ גרויסער פחד:

— דורך אייך וועלן מיר אויך אומקומען. גייט זיך אייך.

ליבינקע, וואוהין איר קאָנט. האָט אַף אונז רחמנות.... גייט זיך אייך!

— די פרוי אייערע האָט געוואָלט פאַרלאָזן צוזאַמען מיט מיר די שטאָט, נאָר זי האָט דאָס ניט געקאָנט טאָן! צוויי קליינע קינדער אַף די הענט... איך האָב איר געהאָלפן צוטראָגן די קינ־דער עפּעס צו אירער אַ באַקאַנטער, ערגעץ אין עק שטאָט. דאָרט האָב איך זי איבערגעלאָזט.

---

...אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר געשפּאַנט פון דאָרף צו דאָרף, ביז מיר זיינען געקומען צו דער שטאָט מעליטאָפּאָל. צו דער צייט האָט זיך מעליטאָפּאָל אויך אָנגעהויבן גרייטן צו עוואַקואַציע. דאָ האָבן מיר שוין געהאַט אַ מעגלאַכקייט איבערצולייענען אין די צייטונגען דעם באַפעל פונ׳ם הויפּט־קאָמאַנדיר, ח׳ טראָצקי — ניט דערלויבן מאַכנאָ׳ס אָנהענגער אָפּהאַלטן דעם צוזאַמענפאָר אין הולאַיפּאָליע, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען דעם 25טן יוני. עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אַט־דער פאַרבאָט אָפּצור־האַלטן דעם צוזאַמענפאָר האָט אַרויסגערופן מאַכנאָ׳ס צאָרן, און ער האָט אַראָפּגענומען זיינע אָטריאַדן פון דעם פראָנט און איז אַריבער צום שונא...

שרעקלאַכע ידיעות פלעגן דערגייין צו אונז וועגן די פאַרבלי־בענע פאַמיליעס אין שטאָט. אייניקע האָבן גערעדט, אַז נאָך איי־דער די ווייסע זיינען אַריין, האָט זיך אַריינגעריסן אַף אַ ווײַלע אין שטאָט אַ באַנדע מאַכנאָווצעס און אַ שעה דריי־פיר טעראָ־ריזירט די באַפעלקערונג, פאַרגוואַלדעוועט פרויען — איבערהויפּט די, וועמענס מענער האָבן פאַרלאָזט די שטאָט... אַנדערע האָבן גע־הערט, אַז די ווייסע, ווי זיי זיינען נאָר אַריין אין שטאָט, האָבן זיי געמאַכט אַ בלוט־באָד איבער די פרויען און קינדער פון די אַנט־לאָפענע באָלשעוויקעס...

מיט אַ פאַרשטיקטן צאָרן האָבן מיר זיך צוזאַמען מיט דעם מעליטאָפּאָלער אַרבעטער־עולם געלאָזט ווייטער אין וועג. דעם ערשטן אָפּרו־פּונקט האָבן מיר געהאַט אין אַ שטעטל נעבן יעקאַ־

טערינאַסלאַוו — ניקאָפּאָל. דאָ זיינען געשטאַנען גרויסע עשאַלאָנען רויט־גוואַרדייער אונטער דער קאָמאַנדע פון דיבענקאָ. אין דעם זעלבן טאָג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען, איז געווען אויף דער ניקאָפּאָלער באַן־סטאַנציע אויסגעקלעפּט א גרויסע מודעה וועגן א מיטינג פאַר אַלע רויט־גוואַרדייער. דער הויפּט־רעדנער וועט זיין דיבענקאָ, רעדן וועט ער וועגן מאַכנאָ דעם פאַררעטער. צו דער באַשטימטער שעה איז דער גרויסער וואָקזאַל־פּלאַץ געווען פאַרפלייצט מיט רויט־גוואַרדייער און מיט די אַרבעטער־מאַסן, וואָס זיינען געקומען פון א סך שטעט. פון א וואַגאָן האָט זיך באַוויזן דיבענקאָ — א מאַן פון ריזיקן וואוקס, א ברייט־בייניקער מיט ברענענדיקע אויגן, א גרויסע פאַפּאַכע פאַרוואָרפן אויף א זייט— האָט ער אויסגעזען, ווי א גבור פון די אוראַלטע צייטן... מיט א דונערדיקער שטים האָט ער פאַרעפנטלאַכט דעם באַשלוס פון דעם „רעוואָיען־סאָוועט פון דער רעפּובליק", אַז מאַכנאָ איז א פאַררעטער און ער ווערט געשטעלט אויסער דעם געזעץ:

— די איינציקע שטראַפונג, דער איינציקער ציל אונזערער, דער איינציקער צוועק בײַ יעדן פון אונז דאַרף זיין: אָן אומ־ברחמנות'דיקער קאַמף ביז'ן לעצטן טראָפּן בלוט מיט די פאַר־ביטערטע שונאים פון די האָרעפּאַשנע מאַסן!

— טויט דעם פאַררעטער מאַכנאָ!

די לופט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די דונערנדיקע אויסגעשרייען:

— טויט! טויט! ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט! הוראַ!!

.25

# דעניקינס ממשלה.

די טויזנטער ארבעטער, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען פון די עוואַקואירטע שטעט אַף דער סטאַנציע ניקאָפּאָל, האָבן זיך באַלד פרייוויליק אנגעשלאָסן אן די רויט־גוואַרדייאישע אָפּטיילונגען. אהין זיינען אויך אַריין די גרעסטע טייל פון די פּאַראַנטוואָרט־לאַכע טוערס פון די איספּאָלקאָמען. בלויז פינף־זעקס מענטשן פון יעדן איספּאָלקאָם זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן מיט באַריכטן אין קיעוו — צושטעלן די נויטיקע דאָקומענטן, אָפּגעבן אַ דין וחשבון דער הויפּט־רעגירונג פון אוקראַינע. מיך האָט מען גע־האַט איינגעשלאָסן אין דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע פון דער צייַ־טונג „באָרעץ זאַ קאָמוניזם“ *), וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן ספּעציעל פאַר די רויט־גוואַרדייצעס באַם פראָנט. נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט די גרופּע פון אונזער איספּאָלקאָם מיר פאָר־געלייגט פאָרן מיט זיי אין קיעוו און דאָרט צושטעלן אַ שריפט־לאַכן פאָרטראַג וועגן מאַכנאָ׳ס טעטיקייט אין אונזער געגנט.

אין קיעוו זיינען מיר אָנגעקומען אין ברען פון דער עוואַקואַ־ציע, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן באַצייטנס. די אַלגעמיינע לאַגע אפ׳ן פראָנט איז פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער געוואָרן. דעניקינ׳ס מחנות האָבן געהאַלטן אין פאַרכאַפּן אַלץ מער און מער שטעט און גאַנצע געגנטן, און ס׳איז געווען קלאָר, אַז מ׳וועט מוזן פאַרלאָזן אויך די הויפּט־שטאָט פון אוקראַינע. די גאַנצע צווייטע העלפט פון חודש יולי איז אָנגעגאַנגען אין קיעוו אַ געהיימע עוואַקואַציע. די באַפעלקערונג האָט פאַרשטאַנען, אַז די סאָוועטישע מאַכט גרייט

---

*) קעמפער פאַר קאָמוניזם.

זיך פארלאָזן קיעוו, כאָטש אויסערלאך איז דאָס לעבן אָנגעגאנגען מיט'ן געוויינלאכן שטייגער. פריער פאר אלץ האָט די סאָוועטן־מאכט רואיק און געלאסן אָנגעפאנגען ארויספירן פון שטאָט נענטער צו מאָסקווע און פעטראָגראד די גרויסע סומען געלט און ווערטפולע זאכן — גאָלד, זילבער, דימאנטן — פון דער מלוכה־באנק; דערנאך האָט מען גענומען טראנספאָרטירן די גרויסע לאַגערן מעל, ווייץ, צוקער און אנדערע עסנווארג־פּראָדוקטן, וואָס זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן צום געברויך פאר גאנץ קיעווער גובערניע. טאָג און נאכט האָבן זיך געצויגן איבער די הינטערשטע גאסן הונדערטער פורן „גרוזאָוויקעס"־אויטאָמאָבילן, אָנגעלאָדענע מיט אלערליי עסנווארג־פּראָדוקטן, אָפּפירנדיק דאָס צו די וואָקזאלן, צו די טייך־האפנס, וואו עס זיינען שוין געווען גרייט צום אָפּגיין צענדליקער דאמפשיפן... ווידער איז דאָס לעבן רואינירט געוואָרן. ווידער האָט געמוזט איבערגעריסן ווערן דער גאָלדענער פאָדים, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן פון דעם טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע...

ענדלאך, דעם דרייסיקטן אויגוסט האָט זיך דער פּראָלעטאַרישער קיעוו פון פארטאָג אָן א לאָז געטאָן אין וועג. ווי לויט א סיגנאל, האָט זיך די ריזיקע שטאָט א צאפּל געטאָן, א ריס געטאָן פון אָרט און — אוועק... (איך בין פארבליבן אין קיעוו אין דער אונטערערדישער גרופּע). די גאנצע שטאָט האָט אויסגעזען, ווי א כוואליעדיקער ים: פערד, פורן, אויטאָמאָבילן, וואָגנס און מענטשן, מענטשן — מחנות! מיט קלימקעס, מיט פעקלאך, אלט און יונג, ווייבער מיט קליינע קינדער אויף די הענט — ווער צו־פוס, ווער אויף פורלאך. אלץ האָט זיך געטראָגן צו די האפנס, וואו עס זיינען שוין געשטאנען דאמפשיפן צו פארנעמען די עוואקואירנדיקע פּראָלעטארישע מאסן... פאר א זייטיקן מענטשן, וואָס איז ניט דערפארן אין „הלכות עוואקואציע", האָט זיך געקאָנט אויסדאכטן, אז די גרויסע מאסן טראָגן זיך אָן א סיסטעם, אָן א פּלאן, משוגענערווייז, ווי ס'וואָלט געשען א פּלוצלינגדיקער אומגליק, אן ערד־ציטערניש, א מבול... אין דער אמת'ן אָבער האָט זיך אין דער

אויסערלאכער כּאָטישקייט געשפּירט אַ פּלאַנמעסיקייט, אַ סיס־טעם. די אומענדלאכע מענטשן־כוואַליעס האָבן זיך געטראָגן אין באַשטימטע ריכטונגען. אַן אומבאַמערקטע האַנט האָט געהאַלטן אַלע פעדים פון דער אומגעהויער־ער מאַסן־באַוועגונג און האָט זי געפירט צו די וואָקזאַלן, צו די דניעפּר־האַפנס, צו די באַנען, צו די שיפן. אַרום דריי אַזייגער באַטאָג איז די שטאָט געוואָרן פּוסט. אַ טויטע, שווידערהאַפטע שטילקייט האָט געהערשט אין די פּוסטע גאַסן.

נאָר דאָס איז געווען אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם. אַזייגער זעקס פאַרנאַכט האָבן זיך דערטראָגן די ערשטע דונערדיקע האַר־מאַטן־שאָסן. פון אָנפאַנג ווייט, ווייט און פון מינוט צו מינוט אַלץ נענטער און נענטער. איך בין געזעסן אויף אַ באַלקאָן פון אַ דריי־שטאָקיקן מויער אויף דער מאַרינסקאַ־בלאַגאָוועשטשענסקער גאַס, וואו איך האָב זיך אויסגעבאַהאַלטן בא אַ באַקאַנטן אונטער אַ פאַלשן נאָמען. אויף דעם באַלקאָן האָבן זיך געפונען נאָך אַ דריי־פיר מענטשן, אָנגעקומענע פון מאָסקווע, אַלס אַ דעלעגאַציע פון אַ גרויסער אויסלענדישער פירמע איינצוקויפן ברויט. די דונערנדיקע האַרמאַטן־שאָסן האָבן זיך דערנענטערט.

— אָט דאָס הייסט „קאַמף פאַר מאַכט” — האָט איינער פאַרטראַכט אַרויסגעזאָגט.

— ז...ז...ז... — האָט פּלוצלינג אַ פייף געטאָן איבער אונ־זערע קעפּ אַ פייערדיקע קויל, איבערלאָזנדיק אַ ליכטיקן פּאַס אויפ׳ן טונקעלן הימל.

—ז...ז...ז... ! ז..ז..ז..! — האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ צוויי־טע קויל, אַ דריטע, אַ פערטע, איינס נאָך איינס, דורכשניידנדיק די פינסטערניש מיט פייערדיקע פּאַסן, ווי בליצן. אַ האָגל קוילן האָט זיך געשאָטן פוןביידע זייטן שטאָט די גאַנצע נאַכט. צו באַגינען צו איז די קאַנאָנאַדע איינגעשטילט געוואָרן. אַזייגער צען אינדערפרי האָב איך אַרויסגעקוקט פון מיין פענסטערל, וואָס איז געווען צו דער גאַס: איבער דער ברייטער מאַרינסקאַ־בלאַגאָוועש־טשענסקאַיאַ גאַס האָבן זיך געטראָגן אויף פערד דעניקין׳ס

אָפּיצערן מיט דריי־קאָלירנדיקע פאָנען, צוגעפעסטיקטע צו די זאָטלען פון זייערע פערד...

***

דער פּראָלעטאַרישער קיעוו האָט אונטער די דונערן פון האַר־מאַטן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר דעם זיגרייכן שונא. די גאַסן זיינען באַלד פול געוואָרן מיט אויסגעפּוצטע דאַמען, מענער — טריאומפירנדיקע, באַגייסטערטע, אַנטציקטע פון די בראַווע אָפּי־צערן, פון די דריי־קאָלירנדיקע פאָנען... ס'האָט אַף דאָס ניי אויפ־געבליט די „דעמאָקראַטיע” מיט די מענשעוויקעס און רעכטע עס־ערן בראָש. די ערשטע צוויי־דריי טעג האָט געהערשט אין שטאָט אַ יום־טוב'דיקע שטימונג. דער פּרייז אַף ברויט און אַף אַנדערע עסנווארג־פּראָדוקטן איז מיטאַמאָל געפאַלן. ס'האָט זיך באַוויזן ווייס ברויט, קויליטשלאַך, אַלערליי געבעקס, און דער עולם, וואָס האָט לאַנג ניט געזען קיין שטיקל ווייס ברויט, האָט זיך גע־פילט גליקלאַך... אַף אַלע גאַסן זיינען באַלד אויסגעקלעפּט געוואָרן פאָלגענדע מודעות:

„אָרדנונג און געזעצלאַכקייט! טריישאַפט און געהאָרכזאַמ־קייט! — דאָס איז אונזער דעוויז! און אַלע וועלן זיין גליקלאַך, אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע!”

די אידישע באַלעבאַטישע באַפעלקערונג איז געווען אַפּ'ן זי־בעטן הימל.

— איר הערט? — אַלע גלייך! אידן, קריסטן — אַלע גלייך!

נאָר ניט לאַנג האָבן טריאומפירט די אידישע באַלעבאַטים. שוין אַפּ'ן דריטן טאָג פון דעניקינ'ס ממשלה האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ יאָמער און אַ קלאָג פון די ארבעטער־קווארטאַלן, פון די אידישע גאַסן. שכור'ע דעניקינצעס האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינ־רייסן אין אידישע הייזער — געראַבירט, גע'ממית'ט, פאַרגוואַל־דיקט פרויען. אין די עפּנטלאַכע גוואַלדטאַטן האָבן זיך באַטיי־ליקט אָפּיצערן אויך. אין גאָלדענע עפּאָלעטן, מיט פּראַכטפולע אַקסל־באַנדן פלעגן די אָפּיצערן צוזאַמען מיט זייערע דענשטשי־

קעם באַפּאַלן די אידישע הייזער און אונטער דעם אויסרייד „זוכן באָלשעוויקעס", פּלעגט מען באַנעמען פון קאָפּ ביז פיס די אָפּ טויט איבערגעשראָקענע איינוואוינער, וואָס האָבן ערשט נעכטן געדאַנקט גאָט, וואָס זיי זיינען אויסדערליייזט געוואָרן פון די באָל־שעוויקעס... ווי ס'פּלעגט נאָר אָנקומען די נאַכט, פלעגט שוין די אידישע באַפעלקערונג פון די גאַסן באָלשאַיאַ אי מאַלאַיאַ וואַ־סילקאָווסקאַיאַ, מאַרינסקאַ־בלאַגאָוועשטשענסקאַיאַ און אַנדערע דערבייאיקע אידישע קווארטאַלן — אַנגרייטן טאַצן, מעשענע כלים, — און ווי נאָר ס'פּלעגן אָנקומען דעניקינ'ס באַנדעס פּלעגן זיי אַרויספלויפן אַף די באַלקאָנען און אָנהויבן קלאַפּן אין די טאַצן, אין די מעשענע כלים, שרייענדיק: „גוואַלד! ראַטעוועט! קאַ־ראַאול!!" ס'זיינען געווען נעכט, ווען אָט די אַלע אויבנדער־מאָנטע גאַסן פלעגן מיטאַמאָל אויסברעכן אין יאָמערדיקע גוואַלדן און געשרייען, אין דונערנדיקע קלאַפּערייען איבער מעשענע טאַצן...

***

זעקס מאָנאַטן האָבן אין קיעווער געגנט געבושעוועט די דעניקינצעס. אַ גרויסע געאָגראַפישע מאַפּע פון גאַנץ איירא־פּעאישער רוסלאַנד, אַרויסגעהאַנגען אַף דער הויפּט גאַס — קרעסטשאַטיק— האָט מיט ווייסע צייכנס יעדן טאָג געצייגט דעם זיגרייכן מאַרש פון דעניקינ'ס מחנות, פון די „רעטער פון גאַנץ רוסלאַנד". שוין מיט קוים אָנגעזעענע שטיקלאַך רויטס זיינען געווען באַצייכנט אַף דער גרויסער מאַפּע די קליינע שטרעקעס ערד, וואָס געפינען זיך אונטער דער הערשאַפט פון דער סאָוועטן מאַכט, און ס'האָט זיך געדוכט: אָט־אָט ווערן פאַרכאַפּט אויך מאָסקווע און פּעטראָגראַד און —אַ סוף... פּלוצלינג, פון אָנהויב אָקטאָבער, האָט זיך דער מזל אַ דריי געטאָן אין אַן אַנדער זייט. אַף דער זעלבער געאָגראַפישער מאַפּע האָבן די דעניקינצעס אָנ־געהויבן פאַרצייכענען זייערע פאַרלוסטן... די קליינע פינטעלאַך רויטס זיינען פון טאָג צו טאָג אַלץ פאַרגרעסערט געוואָרן: דע־ניקינ'ס חיל האָט אָנגעהויבן פאַרלאָזן די פאַרכאַפּטע שטעט, די פאַרנומענע געגנטן. דעם פינפטן אָקטאָבער האָבן מיר „אונטער־

ערדישע" געהאַט די זכיה זען זיך מיט די אייגענע: אַף דריי־פיר שעה האָט זיך אַריינגעריסן אין קיעוו אַ קליינע אָפּטיילונג פון רויטע ארמייער. ווי גליקלאַך האָבן מיר זיך געפילט צוזעענדיק דעם משונה־ווילדן געלאַף פון די בראַווע אָפיצערן און פון דער בורזשואַזיע! נאָר די רויטע זיינען אַריין צופעליק, אַף אַ ווײַלע, האָבן אָנגעיאָגט אַן אימה אַף די „העלדן" און זיינען אַוועק. אַף מאָרגן האָבן אַלע אַנטלאָפענע צוריק זיך אומגעקערט אין שטאָט און ערשט דאַן האָט זיך אויפגעהויבן אַ כוואַליע פון ווייסן טעראָר. טויזנטער זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן, טויזנטער אידישע פאַמיליעס זיינען צופּאַגראָמירט געוואָרן, הונדערטער אידישע ווייבער און טעכטער זיינען פאַרגוואַלטיקט געוואָרן...

אונזער אונטערערדישע בלעטל „די רויטע פאָן", וואָס פלעגט פאַרשפּרייט ווערן צווישן דעניקינ'ס סאָלדאַטן, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם בלוטיקן טעראָר מצד די צאַרישע אָפיצערן.

אין חודש יאַנואַר איז שוין געוואָרן קלאָר, ווער ס'איז אַרויס דער זיגער אין דעם גיגאַנטישן קאַמף פאַר מאַכט: די דעניקינצעס האָבן זיך געקייקלט באַרג אַראָפּ, מיט חרפּה אַנטלויפנדיק פאַר די מעכטיקע רויטע סאָוועטישע אַרמייען...

26

# אונטער דער רויטער פאָן.

פון דעם זעלבן באַלקאָן, פון וועלכן איך האָב צוגעזען דעם אָנקומען פון די ווייסע, — האָב איך שפּעטער מיט פינף חדשים געהאַט די זכיה צו זען, ווי זיי לויפן משוגע'נערווייז פון שטאָט. פאַרביי דעם מויער, וואו איך האָב זיך געפונען, זיינען דורכ־געגאַנגען די צעפליקטע ווייס־גוואַרדייאישע אָפּטיילונגען, פאַר־מאַטערטע, פאַר'חושכ'טע, פאַרצאַרנטע, הונגעריקע: איינס נאָכ'ן אַנדערן האָבן זיך געצויגן די אַרטילעריע, די קאַוואַלעריע. די „פּעכאָטע", די רעשטלאַך פון דער „ווילדער דיוויזיע" — דעני־קין'ס הויפּט־שטיצע... צוזעענדיק דעם געלאַף פון אָט די גרויסע מחנות באַוואָפנטע מענטשן, האָט מען זיך געקאָנט לייכט פאָרשטעלן, ווי מעכטיק עס איז די רויטע אַרמיי, וואָס יאָגט זיי אָן אָן אויפהער. צוזאַמען מיט די נידערגעשלאָגענע דעני־קינצעס איז געלאָפן אויך די פאַרצווייפלטע ברוזשואַזיע — אין רייכע פוטערס, אין סאַמעטענע קליידער האָבן זיי געקנאָטן דעם בלאָטיקן וועג הינטער די לויפנדיקע „העלדן".

די ווייסע האָבן פאַרלאָזט די שטאָט נאָך איידער די רויטע זיינען אָנגעקומען. אָן קיין שום ווידערשטאַנד זיינען אריין אין קיעוו די רויטע אַרמייער — אויך אויסגעהונגערטע, אויך אויס־געמאַטערטע, נאָר באַגייסטערטע, טריאומפירנדיקע. באָרוועסע, נאַקעטע, הונגעריקע האָבן זיי געיאָגט די אַלטע צאַרישע גענע־ראַלן מיט זייערע גוט־באַוואָפנטע אַרמייען. און ווידער האָט געפלאַטערט איבער דער אַלטער שטאָט קיעוו די רויטע פאָן!

**
*

אָף דאָס ניי האָט אויפגעברויזט דאָס פריערדיקע לעבן. די סאָוועטן־מאַכט האָט זיך אַ נעם געטאָן אויפצובויען צוריק דאָס,

וואָס די ווייסע האָבן רואינירט און פּאַרוויסט. עס זיינען באַלד געגרינדעט געוואָרן מעכטיקע גובערניאַלע אַנשטאַלטן אייַנצו־אָרדנען דאָס רואינירטע לעבן אין דעם גאַנצן קיעווער געגנט. איינער פון אָט די אַנשטאַלטן איז געווען „אָבפּראָדקאָמגוב“, דאָס הייסט — דער „אָבלאָסטנאָי פּראָדאָוואָלסטווענִי קאָמיטעט גובערניאי“ (גובערניאַלער שפּייז־קאָמיטעט). אין דעם האַלב־מיליטערישן, האַלב בירגערלאַכן אַנשטאַלט איז אויף מיר ארויפ־געלעגט געוואָרן אַן אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אַ פּרעס־ביוראָ. אַלע אָנגעשטעלטע אין דעם אַנשטאַלט האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. אַזוי וויכטיק איז געווען די אַרבעט פון דעם אָבפּראָד־קאָמגוב. דאָ זיינען געווען קאָנצענטרירט אַלע פעדים פון דער דערנערונג־פּראָבלעם פאַר גאַנץ קיעווער גובערניע, דאָ איז געווען אויסגערעכנט יעדער זאָלאָטניק מעל, יעדער פונט צוקער, יעדער קערנדל ווייץ, וואָס געפינט זיך אין אַלע שטעט און שטעטלאך פון קיעווער געגנט. פון דאַנען זיינען געגאַנגען באַפעלן, ווי אַזוי עס מוז דאָס עסנווארג עקאָנאָמיש פּאַנאַנדערגעטיילט ווערן לויט דער צאָל איינוואוינער פון יעדער שטאָט און שטעטל.

די פּרעס־ביוראָ פון דעם אַנשטאַלט האָט געדאַרפט יעדן טאָג אַרויסלאָזן ביולעטינען וועגן דער צירקולאַציע פון עסנוואַרג־פּראָדוקטן, ווי אַזוי עס ווערט צוטיילט א. ד. גל. די פּאַראַנט־וואָרטלאַכע אַרבייט האָט צייטנווייז פּאַרשטיקט די שמערצלאַכע געדאַנקען וועגן דער אייגענער פאַמיליע: וואו זיינען זיי? צו לעבן זיי?

בייוואוינענדיק די אַלע שרעקלאַכע געשעענישן פאַר דער צייט פון דעניקין׳ס ממשלה, צוזעענדיק די אכזריות׳דיקע ענויים, וואָס די באַפעלקערונג איז אויסגעשטאַנען פון די ווייסע באַנ־דעס, — פלעגן מיך מיינע טרויעריקע געדאַנקען אַריבערטראָגן אַהין, ווייט־ווייט, אין דאָס קליין שטעטל באַם אַזאָווער ים, וואו איך האָב איבערגעלאָזט אויף הפקר מיין פרוי און צוויי פּיצלאַך קינדער... מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש פלעג איך יעדן טאָג דורכקוקן דעם צעטל שטעט, וואָס זיינען אָקאָרשט באַפרייט

געוואָרן פון די ווייסע, נאָר צווישן זיי האָב איך נאָך אַלץ ניט געזען דעם נאָמען פון מיין געבורט־שטאָט...

ענדלאַך, סוף יאַנואַר, איז אָנגעקומען די בשורה טובה: אַף אַ גרויסן פּלאַקאַט, וואָס איז געווען אויסגעהאַנגען אַף דער געביידע פון דער „אוקראַסטאַ" (אוקראַיניש־רוסישע טעלעגראַפן־אַגענטור) איז צווישן אַ רייע שטעט, נאָר־וואָס באַפרייטע פון אונטער דעניקין'ס יאָך, געשטאַנען אויך „בערדיאַנסק, מאַריופּאָל". נאָך בשעת די ווייסע זיינען געווען האָב איך געהאַט אַ צופעליקן גרוס פון מיין פאַמיליע: מ'האָט מיר געזאָגט, אַז די פרוי מיינע מיט ביידע קינדער איז געלאָפן פון שטאָט אין אַ נאָענטער שטעטל, וואו מ'קען זי ניט, און דאָרטן באַהאַלט זי זיך אויס אונטער איר מיידלשן נאָמען. נאָר ס'פלעגן צו מיר דערגיין אויך אַנדערע קלאַנגען — שרעקלאַכע, שווידערלאַכע... כל זמן די טאַווריער געגנט איז געווען אונטער דעניקין'ס הערשאַפט איז ניט געווען וואָס צו קלערן דורכצורייסן זיך אַהין, אויסגעפינען וואו געפינט זיך די פאַמיליע, נאָר אַז איך האָב דערזען צווישן די באַפרייטע שטעט די נעמען פון די שטעט „בערדיאַנסק און מאַריופּאָל" האָב איך שוין רואיק בלייבן ניט געקענט.

פאָרן! פאָרן אַהין! ווי ניט איז דערקריכן צו דער אייגענער שטאָט, אויפזוכן די פאַרוואָגלטע ווייב און קינדער!

מיט גרויס שוועריקייטן האָב איך געקראָגן די דערלויבניש פאַר'ן אויפזוכן מיין פאַמיליע, און אין אָנפאַנג פעברואַר האָב איך זיך געלאָזט אין וועג. דריי וואָכן האָב איך זיך געשלעפּט פון קיעוו ביז מאַריופּאָל. שוין אין די ערשטע טעג פון מיין פאָרן בין איך קראַנק געוואָרן אַף טיפוס. ווי אַ בערוועגע בין איך געלעגן אַף אַ באַנק אין דער טופּלושקע אָן קיין שום מעדיצינישע הילף. צום גליק איז דער טיפוס געווען אין אַ לייכטער פאָרם און איך בין ווי עס איז דערקראָכן ביז מאַריופּאָל. דאָרט, אַ דאַנק אייניקע באַקאַנטע, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די פרוי מיינע מיט די קינדער געפינען זיך טאַקע אין מאַריופּאָל.

מ'האָט מיך אַ קראַנקן אָפּגעפירט צו מיין פאַמיליע. איך האָב זיי געפונען נאַקעטע, באָרוועסע, הונגעריקע אין אַ קאַלטן נאַסן צימער אין עק שטאָט, אויף דער „ראַבאָטשאַיאַ סלאָבאָדקאַ".

***

ניט געקוקט אויף אַלע איבערגעלעבטע צרות און ליידן, הונגער און קעלט — האָט די פרוי ניט אָנגעוואָרן דעם מוט און איר טיפן גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט אין דעם זיגרייכן סוף פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

— פאַר זיך האָב איך ניט גע'דאגה'ט, און פאַר די קינדער בין איך אויך געווען רואיק: זיי זיינען קרעפטיקע. דער הונגער האָט מיך ניט געשראָקן, די קעלט האָט מיך ניט געצאַרט: אַלע פּלאָגן זיך, אַלע ליידן — מיט וואָס בין איך בעסער פאַר אַלעמען? איין זאַך נאָר האָט געעגבערט מיין מוח: וואו ביסטו? צו ביסטו געזונט, צו ביסטו ניט אַריינגעפאַלן צו די מערדער אין די הענט, צו לעבסטו?... אַ צווייטע זאַך פלעגט מיר מאַכן אומרואיק — דאָס איז די מורא, אַז דאָס עלטערע קינד זאָל זיך ניט אויסרעדן, אַז דו ביסט אַוועק מיט די רויטע, אַז מיר זיינען געלאָפן פון אונזער שטאָט, אַז איך באַהאַלט זיך דאָ אויס. אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי, דאָס פינף־יאָריק נפש'ל, האָט באַוואוסטזיניק געהאַלטן שטרענג די קאָנספּיראַציע; זי פלעגט מיר נאָר אַפּ'ן אויער אַמאָל זאָגן:

— מאַ... אַז די ווייסע וועלן אַוועקגיין, וועט שוין דער פּאַ זיין מיט אונז? און דאַמאָלט וועל איך מעגן זינגען: „ווסטאַוואַי פּראָקליאַטיעם זאַקלעימאָיני"?

און אַז פאַרביי אָט די פענסטער אונזערע האָבן זיך אַ צי געטאָן די דעזאָרגאַניזירטע ווייס־גוואַרדייצעס, משוגע'נערווייז אַנטלויפנדיק פון שטאָט איז דאָס קינד אַ פאַרצאַפּלטע אויפגעשפּרונגען און האָט אָנגעהויבן טאַנצן און זינגען: „מאַמעלע, זיי גייען שוין אַוועק! זיי גייען שוין אַוועק!"

איך בין געלעגן אַפּ'ן בעטל — אַ קראַנקער, אַן אָפּגעשלאָפּטער פון מיין שווערן וועג און זיך צוגעהערט צו די רייד

פון מיין פרוי. זי האָט דערציילט, ווי די ווייסע זיינען אריין אין אונזער שטאָט, ווי מ'האָט פאַרנומען אונזער וואוינונג און דאָרט איינגעאָרדנט אַ פּאָליציי־צירקל; ווי מ'האָט אינגיכן אָנ־געהויבן זי זוכן; ווי זי האָט מיט דער הילף פון אייניקע אונטער־ערדישע חברים זיך ארויסגע'גנב'עט פון שטאָט, אריבערגעפּעקלט זיך אַהער, ניט האָבנדיק קיין מיטלען צום לעבן, ניט קיין באַ־קאַנטע, ניט קיין פריינט; ווי זי האָט צופעליק זיך געטראָפן מיט אַ „וואונדערבארער פרוי פּאָלינאַ באַר סאָוונאַ גאָלדמאַן", אַ פאַרוואַלטערין פון אַ קינדער־היים, און אָט ביי דער פּאָלינאַ באָריסאָוונאַ האָט זי זיך אויפגעהאַלטן מיט די קינדער. אמת, זיי האָבן אַלע צוזאַמען געליטן הונגער, ווייל די בורזשואַזיע, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר דער קינדער־היים נאָך דעם פאַלן פון דער סאָוועטן־מאַכט, האָט וועניק אין זינען געהאַט די אָרימע קינדער; דערפאַר האָט זי אָנגעהויבן נאָכשפּירן, „ווער איז עס דאָס ווייבל מיט די צוויי קינדער, וואָס וואוינען אין „זייער" קינדער־היים?" דאָס שפּיאָנירן פון דער אידישער בורזשואַזיע האָט געצוואונגען די פרוי מיינע צו פאַרלאָזן דאָס קינדער־היים און מיט דער הילף פון די אָרטיקע אונטערערדישע חברים, וואָס האָבן זיך דערוואוסט וועגן איר, האָט זי געקראָגן אַט דעם נאָסן, קאַלטן צימער, וואו די באַלעבאָסטע האַלט איר אין איין יאָגן, ווייל זי האָט שוין צוויי חדשים קיין דירה־געלט איר ניט געצאָלט...

— שווער און ביטער איז מיר די גאַנצע צייט געווען. נאָר די איינציקע זאָרג מיינע, די איינציקע ליידן זיינען געווען — וואו ביסטו?!

---

פינף וואָכן האָט מיך געמאַטערט מיין קריינק. ווען ס'איז מיר עטוואָס גרינגער געוואָרן, האָב איך געגעבן צו וויסן אין מיין פאַרטקאָם (פּאַרטיי־קאָמיטעט), אַז איך געפין זיך אין מאַריו־פּאָל. אין אַ פּאָר טעג ארום האָב איך געקראָגן אַ טעלעגראַפישן ענטפער אונטערגעשריבן פון טאָלמאַס'ן, אַז איך זאָל תיכף

קומען אָנפירן די ארבעט אין די „איזוועסטיא", וואס דארף ארויס־געגעבן ווערן. אין דעם זעלבן טאָג האָב איך זיך צוזאמען מיט מיין קליין פאמיליע געלאָזט אין וועג.

אין א שיינעם פרילינג־טאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין אונזער שטאָט. פון די אלטע טורעמס האָב איך דאָרטן גע־טראָפן בלויז טאָלמאס'ן און וואָלקאָוו'ן. אלע איבעריקע זיינען געווען נייע מענטשן, געשיקט פון צענטער צו פארפעסטיקן די סאָוועטן־מאכט בא אונז אין שטאָט. מיט גרוים ענערגיע האָבן מיר זיך א נעם געטאָן פאר דער ארבעט.

די פרוי מיינע האָט איינגעאָרדנט די קינדער — איינעם אין א קינדער־גאָרטן, דעם צווייטן אין „יאסלי" (אן אנשטאלט פאר קליינע קינדער), און אליין, אלס צאָן־ארצט, גענומען אף זיך די אויפגאבע צו נאציאָנאליזירן אלע דענטיסטישע קאבי־נעטן און אָרגאניזירן א פאָלקס־אמבולאטאָריע, וואו די אָרימע באפעלקערונג זאָל באקומען א מעגלאכקייט פריי היילן די ציין. אין א צוויי־דריי וואָכן האָט זיך איר איינגעגעבן צוצוציען אף איר זייט אייניקע אייגנטימער פון די עקזיסטירנדיקע קאבינעטן און צוזאמען מיט זיי האָט זי געשאפן א גרויסע אמבולאטאָריע. אמת, ס'איז איר אויסגעקומען צו פירן א קאמף מיט אייניקע פון די אייגנטימער, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט צושיידן מיט זייערע „קרעמלאך", נאָר ס'האָט זיי ניט געהאָלפן: זיי האָבן זיך געמוזט אונטערוואַרפן „דער דיקטאטור פון עפעס ניט קיין אָנגעזעענער ווייבל"...

אין אלע אנשטאלטן איז אָנגעגאנגען א גרויסע טעטיקייט. א דריי־פיר וואָכן איז דורכגעגאנגען אין א רואיקער שעפע־רישער ארבעט. נאָר פלוצלונג — ווידער דאָס זעלבע: סוף מאי האָבן זיך אָנגעהויבן דערטראָגן קלאנגען, אז די רעאָרגאניזירטע ווייס־גווארדייצעס, שוין אונטער דער פירערשאפט פון וורανגעל'ן, הויבן אָן ארויסקריכן פון זייערע לעבער פון קרים און פלאנעווען א מארש דורך אונזער געגנט, טאווריע, אף דרום־רוסלאנד.

די סטראטעגישע לאגע פון אונזער שטאָט איז פון טאָג צו

טאָג אַלץ ערגער געוואָרן. פון ים — די וואַנגעלצעס, פון דער יבשה — די מאַכנאָווצעס, וואָס האָבן זיך פאָלקאָם פאַראייניקט מיט די ווייסע באַנדיטן. פון ביידע זייטן האָט מען אונז אַלעמען געקאָנט יעדע מינוט פאַרשפאַרן מיר זאָלן ניט האָבן וואוהין אָפּצוטרעטן, ווי בא דער פריערדיקער עוואַקואַציע. מ'האָט אָנגעפרעגט אין אַ העכערער אינסטאַנץ און ס'איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַפישער ענטפער:

„עוואַקוּאירט זיך".

דאָס מאָל האָט שוין דער פאַרטקאָם באַשלאָסן אין דער ערשטער רייע עוואַקואירן די פרויען און קינדער פון די מיטגלידער פון דער פאַרטיי און אויך פון די אַרבעטער, וואָס ווילן זיך אָנשליסן אין דעם אַלגעמיינעם „קאָמוניסטישן פראָנט" צו באַקעמפן די ווייס-גוואַרדייצעס. עס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן צוויי צוגן בלויז מיט ווייבער און קינדער: איין צוג אין דער ריכטונג אַף ראָסטאָוו, דער צווייטער — אין דער ריכטונג אַף מאָסקווע. דעם זיבעצעטן יוני, אין פינף טעג אַרום ווי די ווייבער און קינדער זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין זיכערע פונקטן, האָבן אַלע מיטגלידער פון דער פאַרטיי, און מיט זיי כמעט די גאַנצע אַרבעטערשאַפט, אַף אַ מיליטערישן שטייגער, אונטער רויטע פאָנען, פאַרלאָזט די שטאָט.

מיט טרערן אין די אויגן האָבן אונז באַגלייט די אָרימע איינוואוינער פון שטאָט, איבערהויפּט די אידישע פּאַראָרימטע, פאַרפייניגטע מאַסן. מיט אונזער אַוועקגיין האָט זי ווידער אָנגעהויבן דראָען אַ געפאַר אַריינצופאַלן צו די באַנדיטן אין די הענט. און פאַרשטאַנען האָבן די אומגליקלאַכע, אַז איצט וועט קומען מער שרעקלאַכעס, מער אכזריות'דיקעס ווי פריער, ווייל ס'קומט דער „לעצטער, אַנטשיידענער שטרייט" אין דעם לאַנגדויערנדיקן געראַנגל צווישן צוויי וועלטן — צווישן דער אַלטער, אָפּגעלעבטער וועלט, און דער נייער, אין בלוט געבאָרענער, אין פלאַם און פייער קומענדיקער וועלט.

ע נ ד ע.

# אַנטלאָפֿן!

(דראַמאַטיש בילד)

דרום רוסלאַנד. שפּעט אין אָוונט. אַ שווימעדיקער קנויטעליע אין אַ שעלכל מיט בוימל באַלויכט קוים דאָס אָרימע צימערל. אין פֿינסטערן ווינקל זעט זיך אַ קינדער־בעטעלע. נעבן בעטעלע אַן איינגעהויקערטע געשטאַלט פֿון אַ יונגער, אויסגעדאַרטער פֿרוי):

— נו, שלאָף, ליבינקער — שלאָף!

— זינג מיר אַ לידעלע, וויג מיך.

— דו ביסט שוין אַ גרויסער, שלאָף.

— איך נאָך אַ קלייניקער. זינג „עפּעלע־קעפּעלע“.

— נו, גוט. נאָר שלאָף.

(הויבט אָן זינגען שטיל, טרויעריק. עס פֿילן זיך טרערן אין איר ציטערנדיקן קול):

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע ט'פֿאָרן אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע,
וועט זיין געזונט דאָס קעפּעלע“.

— מאַ! אַז איך זיין אַ גרויסער — איך אויך זיין ווי דער טאַטע?

— יאָ, מיין קינד. זיי ווי דער טאַטע. נאָר דו וועסט זיין גליקלאַכער. דו וועסט שוין ניט דאַרפֿן אַוועקגיין...

— וואוהין טאַטע געגאַנגען, מאַ?

(זי שטיקט אין זיך די טרערן).

— וויט, וויט, זונעניו... נו, שלאָף...

— איך אויך גיין ווייט.
— נו, מאַטער מיך ניט. שלאָף שוין, שלאָף!
— איך שלאָף, מאַמע...
(פאַרמאַכט די אויגעלאך, אָטעמט הויך, שלאָפט איין. די פרוי גייט צו צו דער צווייטער בעטעלע, דעקט איין דאָס עלטערע קינד, שטייט אַ ווײַלע פאַרטיפט אין געדאנקען. עס לאָזט זיך הערן אַ קלאַפּ אין טיר. זי טוט אַ ציטער. הערט זיך צו).
אַ שטילער קול: עפן, דאָס בין איך!
(זי עפנט שנעל די טיר. עס לויפט אריין אַ יונג מיידל אין שוואַרצן איינגעהילט, אפ'ן קאָפּ אַ גרויער שאַל אָנגערוקט אף די אויגן).
— ענדלאך ביזטו געקומען! (זיי קושן זיך.)
— געוואַרט, ביז ס'איז גאָר פינסטער געוואָרן. מ'דאַרף איצט זיין זייער פאָרזיכטיק: ווענט האָבן אויערן, גאַסן האָבן אויגן...
— דערציילן... דערצייל וואָס טוט זיך אין שטאָט? די ווייסע זיינען שוין אריין?
— שוין.
— הייסט עס, אונזערע טרעטן אָפּ?!
— יאָ...
(אַ שווערע שטימונג. מ'זיצט אַראָפּגעלאָזן די קעפּ).
— נעכטן נאָך האָט זיך אַזוי נאָענט געהערט די שיסעריי. מיין האַרץ פלעגט זיך מיט פרייד אָנפילן בא יעדן שאָס. ס'האָט זיך געגלויבט, אַז דאָס שיסן אונזערע, אַז זיי פאַריאָגן די ווייסע און קומען צוריק. „מיר טרעטן אָפּ אף אַ טאָג־צוויי, ניט מער!" דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער באַם געזעגענען זיך...
— היינט אין דער פרי איז אָנגעקומען אַ שיף מיט אָפּי־צערן. מ'זאָגט, אַז דאָס איז דער שטאַב זייערער אָנגעקומען.
— דער שטאַב?!
— יאָ.

— הייסט עס אַף לאַנג? וואָס־זשע וועט זיין מיט אונז?

— נאָך דער ווילדער פרייד פון די קרעמער און הענדלער איז קענטיק, אז בא די ווייסע גייען די געשעפטן גוט... מ׳האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די צוריסענע זשאַקעטלאַך, וועלכע זיי האָבן געטראָגן בשעת אונזערע זיינען דאָ געווען, מ׳זאָל זיי ניט דערקענען, און זיך אויסגעפּוצט אין סאַמעט און אין זיידנס. מ׳שפּאַצירט אין די גאַסן אין יום־טוב׳דיקע קליידער און מ׳באַ־שיט מיט בלומען יעדן פאַרבייגייענדיקן אָפיציר...

— כ׳האָב אויך היינט דאָ פון פענסטערל צוגעזען אַ שיין בילדל: דער באַלעבאָס פון הויף — אַן אומגעלומפּערטע בריאה מיט אַ פּנים פון אַ בולדאָג — האָט זיך שיער ניט צעקריגט מיט זיינעם אַ גוטן ברודער, אַ הענדלער. דער הענדלער, ווייזט אויס, קען נאָך אַלץ ניט קומען צו זיך פון שרעק פאַר די רויטע... הער איך ווי ער זאָגט: „ניט צו פרי הויבן מיר זיך אָן צו פרייען, גוטער ברודער? זיי קאָנען נאָך קומען צוריק, הא?“ ווי אַ ווילדער איז דער בולדאָג אַף אים אָנגעפאַלן: „וואָ־אָס? קומען צוריק וועלן זיי?! אַ... ניט דערלעבן זאָלן זיי! זעסט: גיכער וועט אָט דאָ בא מיר אַף דער דלאָנע האָר אויסוואַקסן, איידער די רויטע נבלות וועלן אהער צוריק קומען!—מכות! קדחת זיי אין די ביינער! מיר וועלן זיך נאָך מיט זיי אָפּרעכענען, וואַרט! עס גייט איצט אהער ענגלאַנד, פראַנקרייך! ס׳איז אַ שפּילכעלע, וואָס? הפקר אַ וועלט?!...“ אזוי האָט ער גע־גוואַלדעוועט בא מיר אונטער׳ן פענסטער, און דאָס האַרץ מיינס איז מיר איינגעפאַלן: וואָס וועט זיין, ווען אָט דער ווילדער נפש וועט זיך דערוויסן, אז איך באַהאַלט זיך דאָ אוים בא אים אין הויף מיט די קינדערלאַך...

— יאָ, טייערע מיינע. איך האָב שוין אויך וועגן דעם געקלערט. מיין מיינונג איז, אז דו מוזט וואָס גיכער פאַרלאָזן די שטאָט. ניט נאָר דיין מאַן, דיך האָלט מען דאָ אויך פאַר אַ „קאָמיסאַרשע“. דו ביזט געווען זייער אָנגעזען מיט דיין טעטי־קייט צווישן די פרויען. חס ושלום, ווען די ווייסע זאָלן זיך

דערוויסן, אז דו באַהאַלסט זיך דאָ אוים מיט די קינדער — איז דיין לעבן אין גרויס געפאַר.

—ניט פאַר זיך האָב איך מורא, נאָר פאַר זיי, פאַר די עופה׳לאַך. מיט וואָס זיינען זיי שולדיק?... (פויזע.)

(אַ שטילער קלאַפּ אין טיר. זיי שפּרינגען אויף ביידע פון אָרט, ניט טויט, ניט לעבעדיק. נאָר איידער זיי קומען צו זיך עפנט זיך די טיר און אַ קליין-געוויקסיקע, קורץ-געשאָרענע פרוי לויפט אריין מיט אַ פּעקל אונטער׳ן שוואַרצן שאַל).

— מ׳זוכט דיך מיט ליכט. דיין וואוינונג איז פאַרנומען פון די ווייסע. זיי האָבן דאָרט איינגעאָרדנט אַ פּאָליציי-צירקל.

— באַ מיר אין הויז אַ פּאָליציי-צירקל?!...

— זיי האָבן אפּנים באַקומען ידיעות, אז דו געפינסט זיך אין שטאָט. דו מוזסט וואָס גיכער פון דאַנען אַוועקפאָרן. דער געהיימער קאָמיטעט האָט מיך געשיקט צו דיר איבערגעבן אָט דאָס פּעקעלע: דאָ האָסטו אַ זיידן קלייד, דריי הונדערט קערענ־קעס און אַ פּאַס... טו זיך באַלד איבער און פאָר צום האַפן: די שיף גייט אָפּ אין אַ שעה ארום. די קינדער וועלן מיר ברענגען צו דיר אָפּ׳ן שיף. איל זיך צו. פאַרליר ניט קיין צייט.

(מיט ציטערנדיקע הענט טוט זיך די פרוי איבער אין אַ זיידן קליידל, פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט אַ וואואַל).

— שוין! (לויפט צו די קינדערלאַך.) קינדערלאַך... עופה־לאַך מיינע! (קושט זיי.) נו, שוין! זייט געזונט, ליבע פריינט. איך וואַרט אַף אייך דאָרט, איר זאָלט מיר ברענגען די קינדער צום שיף. (שנעל אָפּ.)

(חבר׳טעם וועקן די קינדער).

— שטייט אויף, קינדערלאַך, שטייט אויף!

— וואו איז די מאַמעניו?

— אָט וועלן מיר זיך אָנטאָן און גיין צו דער מאַמיע. אַך, דו מטח׳יקל! דו ביזט דאָך נאָר אַ וואוילער בחור! און דיין

שוועסטערל איז אויך אַ קלוג מיידעלע, זי האָט זיך שוין אָנ־געטאָן.

— איך ווייס! איך האָב אַלץ געהערט. די מאַמע איז אוועק צום שיף. מיר וועלן פֿאָרן צום פּאַפּאַ, יאָ?

— יאָ, יאָ. נאָר שאַ... אַניט וועלן שלעכטע מענטשן נים לאָזן דער מאַמע פֿאָרן...

— איך ווייס: די ווייסע!

— צופיל ווייסטו, מיין טייערינקע, ביזט נאָך צו קליין צו וויסן אַזוינע זאַכן...

— איך בין שוין אַ גרויסע. מיר איז שוין פינף יאָר.

— צו פרי ביזטו אַלט געוואָרן, ליבינקע. און אויב דו ווייסט שוין יאָ, טאָ מאַך אַ שווייג — שאַ! נו, איצט זיינען מיר שוין פאַרטיק. קומט!

(זיי פירן די קינדער פאַר די הענטלאַך און שנעל אָפּ. אַ שטיקל צייט איז אַ טיפע שטילקייט, נאָר אָט לאָזן זיך הערן גראָבע מענערשע שטימען, אַ קלונג פון שפּאָרן. מ'טוט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר און ס'לאָזט זיך הערן אַ גראָבער קול):

— עפן!...

(מען רייסט די טיר, וועלכע עפנט זיך באַלד ברייט. עטלאכע סאָלדאטן מיט אַן אָפיצער בראש פאַלן אריין אין צימערל. אַן עלעקטרישע לאַמטערנע באלויכט אַלע ווינקלאַך פון דער אָרימער וואוי־נונג).

— אַנטלאָפֿן!

—אַך... אין איר מאַמען אריין!

# דער „אינטערנאַציאָנאַל“

## ערשטע בילד.

אַ שטאָט אין דרום־רוסלאַנד. חודש פעברואַר, 1920 יאָר. דורך דעם קליין פאַרפרוירענעם פענסטערל רייסן זיך דורך די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון. צוויי שוואַרצע קינדערשע קעפּעלאַך קוקן אַרויס פון אונטער אַ צעריסענער וואַטאָווער קאָלדרע.

— מאַ...

— וואָס איז, טאָכטערל?

— דו גייסט שוין אַוועק? אַרבעטן?

— יאָ, טאָכטערל. אַניט וועט קיין ברויט ניט זיין.

— ווען וועט שוין דער פּאַ קומען... זאָלסט ניט דאַרפן גיין אַרבעטן!

— זע, גיב אַכטונג אויף דעם ברודערל.

— גוט, מאַמעלע. — מאַ!... אַז די ווייסע וועלן אַוועקגיין, וועט דער פּאַ ווייטער זיין מיט אונז, איאָ, מאַ? און דו וועסט ניט גיין אַרבעטן?

— שש... רייד ניט אַזוי הויך, די באַלעבאָסטע וועט נאָך דערהערן... און פּלוידער דאָ ניט, הערסט?

— ניין, מאַמעלע. איך זאָג איר גאָרניט. נאָר זי אַליין רק זי פרעגט: „וואו איז דיין טאַטע?“

— ווער? — די באַלעבאָסטע?!

— יאָ. „וואו איז דיין טאַטע? ווער איז דיין טאַטע? פון וואַנען זיינט איר?“ זאָג איך איר, אַז איך ווייס ניט, איך בין נאָך אַ קליינע מיידעלע. און זי ווידער און ווידער...

— שש... רייד שטילער! טאָכטערל, טייערינקע... דו

וועסט אונז אַלעמען אומגליקלאַך מאַכן, אַז דו וועסט... וועגן פּאַפּאַ ריידן...

— ניין, מאַמעלע! כ'וועל קיינעם ניט זאָגן, אַז דער פּאַפּאַ איז מיט די רויטע אַוועקגעגאַנגען!

— ששש!... פאַרגעס!! פאַרגעס וועגן דעם!

— און... ווען וועלן שוין די רויטע קומען, מאַמעלע!...

— שש.. זיי וועלן קומען, קרוינעלע... זיי וועלן קומען! נאָר וועגן דעם טאָר מען קיינעם ניט זאָגן — קיינעם ניט!

— ניין, ניין, מאַמעלע — קיינעם ניט! אָבער, אַז די רויטע וועלן קומען, וועל איך מעגן זינגען „ווסטאַוואַי פּראָקליאַטיעם זאַקלעימיאָני"?

— יאָ, טאָכטערל... יאָ, פויגעלע מיינע. יאָ, אַלע, אַלע וועלן זינגען... נאָר גאָט באַהיט, זאָלסט פאַר דער באַלעבאָסטע דאָס ניט דערוועגן זיך צו זינגען! הערסט!

— ניין, איר זינג איך אַן אַנדער לידעלע.

— וואָס, וואָס פאַר אַ לידעלע, האַ?

— אָט די לידעלע, וואָס די ווייסע זינגען דאָ:

„סמעלאָ מי וו באָי פּאָידיאָם
זאַ רוס סוויאַטויו,
אי קראָוו זשידאָוו פּראָליאָם
זאַ ניעיאָ ראָדנויו'.." *)

און נאָך אַ לידעלע האָב איך פאַר איר:

„ספּעקוליאַנט, ספּעקוליאַנט ספּעקולירויעט,
אַ נאַש באַטקאַ מאַכנאָ רעקוויזירויעט..."**)

*) געוואַגט אין קאַמף וועלן מיר גיין
דאָס הייליק לאַנד באַשיצן,
טייכן אידיש־פאַרשאָלטן־בלוט
'לן מיר פאַר איר פאַרגיסן . . .

**) דער ספּעקולאַנט, ספּעקולאַנט
מאַכט געשעפטעלאַך
און דער באַטקאָ מאַכנאָ
נעמט צו די רעשטעלאַך . . .

— קליינע חכמה׳לע מיינע! עס געפעלן איר די לידעלאך?

— זי גיט מיר דערפאר א שטיקל ברויט, א קארטאָפּלע... פאר וואָס־זשע וויינסטו, מאַ?...

— ניין, טייערינקע... איך וויין ניט... די אויגעלאך טוען מיר וויי... וויש איך זיי אויס...

— וויין ניט, מאמעלע... אונזער פּאַפּאַ וועט קומען... זאָלן נאָר די ווייסע אַוועקגיין. זיי זיינען שלעכטע, די ווייסע, יאָ?

— מ׳דאַרף ניט ריידן וועגן דעם, טאָכטערל... דערפאר קענען זיי אייער מאמעלע אין טורמע אריינזעצן, און אייך, מיינע עופה׳לאך, אפ׳ן גאס ארויסוואַרפן... מ׳טאָר ניט ריידן וועגן דעם... — אָט דאָ אין קווערטעלע איז מילך פאר דעם ברודערל. דו וועסט א בעט טאָן די באַלעבאָסטע, וועט זי דיר די מילך אָנוואַרימען — פון קאלטע מילך קען ער נאָך די העלזעלע פארקילן.

— גוט, מאמעלע. — זי איז א שלעכטע, די באַלעבאָסטע. זי איז אויך א ווייסע, מאַ?...

— איך ווייס ניט. און איך בעט דיך, טאָכטערל, רייד ניט, רייד ניט — ניט וועגן ווייסע, ניט וועגן רויטע — רייד ניט! אָט, אז דער פּאַפּאַ וועט קומען, דאַמאָלט וועלן מיר שוין מעגן אַלץ ריידן, אַלץ זינגען, און פאר קיינעם ניט מורא האָבן. נאָר דערווייל... טס... שאַ! קיין וואָרט ניט, הערסט? קיין איין וואָרט ניט, פארשטייסט?

— יאָ, מאמעלע, איך פארשטיי.

— נו, איך גיי, טאָכטערל. כ׳וועל אפשר זיך פארזאמען, ס׳טו א בעט טאָן דער באַלעבאָסטע, וועט זי אייך א קאשקעלע אויפקאָכן. אָט דאָ אין זעקעלע איז די גרויפּן.

— מיט צוקער, א קאשקעלע?

— ניין, ליבינקע... ניטאָ בא אונז קיין צוקער, טאָכטערל. אָט וועל איך פארדינען, וועל איך אייך קויפן צוקער און צוקער־קעלאך — נאָר זע, טאָכטערל, גיב אכטונג אפ׳ן ברודערל: א נאקעטן פון בעטעלע לאָז אים ניט אראָפּ. ער שלאָפט נאָך און

איך מוז שוין גיין. אז ער וועט זיך אויפכאַפּן, זאָלסטו אים באַלד אָנטאָן די זעקעלאַך, די וואַרימע קליידעלע — אַט ליגט אַלץ דאָ אָנגעגרייט — זעסט?

— ס'וועט אונז זיין אומעטיג... אַלע טאָג, אַלע טאָג גייסטו אַוועק און לאָזסט אונז איבער אַליין... און דער ברודערל וויינט...

קינדערלאַך, טייערינקע מיינע! מיר איז אויך ביטער און פינסטער, וואָס איך לאָז אייך איבער אַליין... נאָר איך מוז! איך מוז דאָך גיין אַרבעטן... פאַרדינען אַף ברויט, אַף מילך פאַר דעם ברודערל... מיר האָבן דאָ קיינעם ניט...

— נו, גוט, מאַמעלע. וויין ניט. איכ'ל אַלץ טאָן, וואָס דו הייסט מיר. איך בין דאָך שוין אַ גרויסע, מאַ? איאָ, איך בין שוין אַ גרויסע?...

— דו ביזט מיין איינציקע טרייסט, מיין גרויסע העלפּערין!

(קושט זיי. אָפּ).

---

## צווייטע בילד.

(אַ ליכטיקער, העלער פאַרמיטאָג. די קינדערלאַך זיצן אַפ'ן פענסטער און קוקן דורך די שויבן אין גאַס. איבער די בלייכינקע פּנימ'לאַך קייקלען זיך טרערן).

— באַלד וועט די מאַמע קומען און צוקערקעלאַך אונז ברענגען — איאָ, דו וועסט מער ניט וויינען?...

— מער ניט וויינען... כ'וויל עסן...

— מיר וועלן באַלד אַ קאַשקעלע עסן. ווילסט קאַשקעלע?

— שטיקעלע ברויט...

— די מאַמע ט'באַלד בייגעלאַך ברענגען און אַ ברויטעלע ברענגען. און דערווייַלע וועלן מיר אַ קאַשקעלע עסן. — כ'וועל גיין פרעגן דער באַלעבאָסטע צי די קאַשקעלע איז פאַרטיק. יאָ? דו וועסט ניט אַראָפּפאַלן פון פענסטער?

— איך אויך... גיין.

— נו, קום — דו אויך.

(זי קריכט אַראָפּ פון פענסטער און שלעפּט פּאַרזיכטיק דעם ברודערל).

— אוי, אוי... האַלט זיך! האַלט זיך שטאַרק אָן מיר... אוי! סט'פאַלן... אַזוי!

(מיט גרויס מאַטערניש אַראָפּגעשלעפּט דעם ברודערל און ביידע לאָזן זיך גיין צו דער טיר. ווי נאָר זיי עפענען די טיר, לאָזט זיך הערן דער באַלעבאָסטע'ס קול):

— וואוהין, וואוהין קריכט איר שוין?!

— דער ברודערל וויל עסן — די קאַשקעלע.

— באַלד ברייננ איך. קריכט ניט אַהער — נאָר־וואָס די פּאָדלאָגע אויסגעוואַשן. איר וועט מיר בלאָטע אָנטראָגן! באַלד ברייננ איך!

(פאַרהאַקט די טיר).

— באַלד וועט די באַלעבאָסטע די קאַשקעלע ברייננען. לאָמיר זיך דאָ אַוועקזעצן. ווילסט — איכ'ל דיר אַ מעשה'לע דערציילן?

— ניט „ציגעלע" — כ'וויל ניט „ציגעלע"!

(די באַלעבאָסטע קומט אריין מיט אַ פּענדעלע אין האַנט).

— נאַט, פרעסט!! נאָר זיצט מיר אָפּ אָן אָרט. קריכט ניט ארום איבער אַלע צימערן.

— ניין, מומינקע. מיר וועלן ניט קריכן. זיצט מיט אונז אַ ביסעלע, מומינקע. איך וועל אייך אַ לידעלע זיננען!

— אָט, עס אָפּ פריער, דערנאָך 'סטו זיננען!

— ניין, כ'וועל פריער דעם ברודערל געבן עסן.

— זע נאָר... אַ מאַמע אַ גאַנצע! עס, עס, איך וועל שוין אים געבן עסן.

— אַ, אַ גוטע קאַשקעלע. אַז דער טאַטע וועט קומען, וועל איך אים זאָגן, אַז איר האָט אונז קאַשקעלאַך געמאַכט. וועט ער אייך אויך עפּעס ברענגען.

— ווען קומט ער, דיין טאַטע?

— ער וועט שוין גיך, גיך קומען. זאָלן נאָר די ווי — — — —

(פאַרכאַפּט זיך).

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— גאָר ניט, די מאַמע קאָן ניט אַרבעטן און זי וויינט. וועט דער טאַטע גיך קומען.

— זאָג מיר, מיידעלע, דיין טאַטע איז אודאי מיט די רויטע אוועקגעגאַנגען, יאָ?

— מ'טאָר ניט ריידן וועגן דעם, מומינקע! מיין טאַטע איז זייער אַ גוטער. און די מאַמע, אויך אַ גוטע. מ'טאָר וועגן דעם ניט ריידן, מומינקע! אָט, אַז דער טאַטע וועט קומען, וועלן מיר אַלץ קענען ריידן און מיר וועלן אַלע זינגען —

(פאַרכאַפּט זיך ווידער, בלייבט שווייגן).

— וואָס ט'איר זינגען?

— אַ... לידעלע אַזאַ...

— אָט די לידעלע וואָס איך האָב אייך געזונגען:

„סמעלאָ מי וו באָי פּאָידיאָם
זאַ רום סוויאַטויו...“

(פון גאַס דערטראָגט זיך אַ טומל, אַ גערודער. די באַלעבאָסטע שפּרינגט אויף פון אָרט, לויפט צום פענסטער, קוקט אין גאַס).

— וואָס איז דאָ? אוי, זיי לויפן... זיי גייען אוועק... גאָט מיינער!

— ווער גייט אוועק, מומינקע? די ווייסע?

— קוק איר נאָר אָן! פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס זיינען „ווייסע“?

— ניין, מומינקע... איך... איך ווייס ניט... ניין, ניין!

(די באַלעבאָסטע קוקט ווידער אין פענסטער).

אוי, מאַמעלאַך מיינע!! זע ס'אַרא געלאַף! ווי פון אַ העלישן פייער... ווי איז מיר! ווייטער וועלן די רויטע שדים אָנקומען —

— אוי, מומינקע, די רויטע קומען?

— זע נאָר, זע נאָר — אַ גאַנצער מענטש! זי רעדט אויף וועגן רויטע — נו?!... און אַז די רויטע, איז דיר בעסער?

— אוי, וואו־זשע איז אונזער טאַטעלע? מאַמעניו, מאַ־מעניו! וואו ביזטו, מאַמעניו?!

(און, ווי דערהערנדיק דעם רוף, לויפט אריין די מאַמע, אַ גליקלאַכע, אַ לויכטנדיקע).

— קינדערלאַך! קינדערלאַך!...

— מאַמעלע! זיי גייען שוין אַוועק! זיי אַנטלויפן!

— יאָ, יאָ, עופה׳לע מיינע!! יאָ, טייערינקע! זיי לויפן! זיי לויפן!

— און די רויטע? וואו זיינען די רויטע, מאַמעניו?

— זיי גייען, זיי גייען!

— און דער טאַטע? אויך מיט זיי? ער וועט זיין דאָ, מיט אונז?

— יאָ, יאָ! איצט וועט שוין דער טאַטע קומען, טאָכטערל!

— און מיר וועלן אַלע זינגען: „וסטאַוואַי פּראָקליאַטיעם זאַקלעימיאָני“?

— אַזוי גאָר... אַזאַ איז זי באַ אייך? נו, נו... פיין!

— מ׳מעג שוין, מאַמעלע? מ׳מעג שוין זינגען?

— יאָ, מיין טייערינקע! יאָ, מיין קינד! מ׳מעג שוין, מ׳מעג שוין! ז

(דאָס מיידעלע שפּרינגט און זינגט דעם „אינטערנאַציאָנאַל“. די מאַמע כאַפּט אונטער, און ביידע באַגייסטערט, מיט פלאַמענדיקע אויגן, זינגען דאָס ליד פון באַפרייאונג. די באַלעבאָסטע בלייבט שטיין מיט אַן אָפענעם מויל און קוקט זיי אָן מיט שטאַרע אויגן).

# אין וועג

## ערשטע בילד.

סוף חודש פעברואר. א קליין פארוואָרפענע באַן־סטאַנציע אין מיטן ברייטן פעלד. א שרעקלאכע זאַווערוכע פאַרשיט מיט שניי דעם קאָליע־געוואָרענעם צוג. לעבן אויסגעלאָשענעם לאָקאָמאָטיוו דרייען זיך אַרום עטלאַכע פאַרשנייטע מענטשן, וואָס באַמיען זיך צורעכט מאַכן דעם לאָקאָ־מאָטיוו. פון די אָפענע וואַגאָנען־„טעפּלושקעס", קוקן ארויס אויס־געמאַטערטע פּנים׳ער.

— ס׳ארא זאווערוכע — נו, נו! ...

— ס׳ארא בערג שניי עס האָט אָנגעשאָטן!

— אָט אזוי, שטייענדיק דאָ קען עס אונז אינגאנצן פאַר־שיטן...

—דריי טעג, אַז מיר שטייען — און ניט פון אָרט.

— א לאָקאָמאָטיוו צורעכט מאַכן דאָ אין מיטן פעלד, — ווי קען מען דאָס?

— מ׳האָט דאָך געזאגט, אז עס דארף דורכגיין אן אנדער צוג?

— ווער ווייס, אפשר איז יענער אויך געבליבן ערגעץ שטעקן ווי אונזערער דאָ...

—שאָ... דאכט זיך עס קלאַפּן רעדער, ניין?

יאָ, עס גייט, דאכט זיך, א צוג, איר הערט? טראַק־טראַק־טראַק..

— עס גייט! עס גייט!

— געלויבט און געדאנקט איז גאָט...

(ווי א לאנגע רווישנדיקע שלאַנג, פּויזעט צו דער אָנגעקומענער צוג. עס ווערט לעבעדיק, פריילאַך. אַ באַפעלנדיקע שטים טראָגט זיך אין דער לופט:)

— פּעקעלט זיך איבער — שנעלער!

(פון אַלע וואַגאָנען פון דעם באַוועגלאָזן צוג קריכן אַרויס גרויע סאָלדאַטסקע שינעלן, שפּיציקע רויט־אַרמייאישע היטלען, מיט פּעקלאַך, מיט קעסטלאַך, מיט קערבלאַך, און מ׳שטופּט זיך אין די „טעפּלושקעס״ פון דעם אָנגעקומענעם צוג).

— פּאַוואָליע! פּאַוואָליע, חברים!

— שפּאַרט זיך ניט אַזוי!

— ס׳איז דאָך דאָ נאָך וואַגאָנען, וואָס קריכט איר אַלע אַהער?

— דאָרט איז אויך פול. אומעטום פול!

— קריך, קריך! ווי עס איז... נישט קשה. אַלע דאַרפן פאָרן!

(פון דעם לעצטן וואַגאָן פון׳ם קאַליע געוואָרענעם צוג קריכט אַרויס אַ פיגור אין אַ ברייטער, לאַנגער קאַווקאַזער „בורקע״ מיט אַ הויכער, גרויסער היטל אָנגערוקט אַפּ׳ן שטערן ביז די אויגן. שלעפּנדיק קוים די פיס קומט ער צו מיט זיין פּעקל צו א „טעפּלושקע״, וועלכע האָט זיך שוין כמעט פאַרמאַכט:)

— ח־ב־רים... לאָזט מיך אריין... ח־ב־רים!

— דאָ איז שוין פול, חבר, גיי זיך ווייטער.

— איך... בין קראַנק... איך שטיי קוים... אַף די פיס...

— קראַנק? סט׳נאָך מאַכן א שטאַרב, וואו וועלן מיר זיך מיט דיר אַהינטאָן?...

— מ׳דאַרף אים אריינלאָזן, חברים, ער פאַלט דאָך פון די פיס.

— קריך, קריך, חבר!

— העלפט אים אַריינקריכן!

— נו, נו... אָט, אָט!

(מ׳שלעפּט אים אַריין, מ׳גיט אים אַן אָרט באַם גליענדיקן אויוועלע)

—א דאנק... א גרויסן דאנק... חברים...

— עהע, ברודערקע — דו ביסט טאַקע אַף אַן אמת קראַנק...

— אָפּגעשלאָפט... שוין דריי וואָכן אונטערוועגס...

— וואוהין פאָרסטו, חבר?

— אין טאווריע... דאָרט בא די ווייסע... זיינען פארבליבן מיין ווייב און קינדער... פאַר איך זיי... אויפזוכן.

— עהע...

— שוין ניין חדשים... אז... איך ווייס ניט... וואס איז מיט זיי... וואו זיינען... זיי... צי לעבן זיי...

— יע, ברודערקע... די זעלבע צרת איז ביי מיר אויך...

— א סך קינדער בא דיר?

— צוויי עופה'לאך...

— און ווער ביזטו, חבר?

— אָט איז מיין מאַנדאַט...

(עטלאַכע קעפּ בויגן זיך איין איבער זיין לאַנגן מאַנדאַט:)

— „וואָיעני קאָ־רע־ספּאָנדענט..."

— „טאָווארישטש דאווידאָוו..."

— „קאָמאַנדירויעטסיאַ... וו סעווערנויו..."

— „טאווריו... דליא ראָזיסקאַ..."

— „סוואָיעי... סעמי..." *)

— זאָרג ניט, חבר! וועסט זיי אָפּזוכן!

— אָפּגעשלאָפּט בין איך... כאָטש א לעבעדיקער דערפאָרן...

— ס'איז שוין ניט ווייט. סט'דערפאָרן...

— אפשר וועסטו זיך צולייגן, חבר?

— גיט אים אַן אָרט, זאָל ער זיך צושפּאַרן.

— א דאַנק, חברים...

— ביסט אפשר הונגעריק? סט'עפּעס עסן, חבר?

— איך קען ניט... עסן... עס גייט ניט... דער עסן... א טרונק קאַלטע וואסער...

— נאַ טרינק.

— עהע... כ'האָב מורא — ער האָט דעם טיף...

— מ'דאַרף א רוף טאָן דעם פעלדשער אונזערן.

---

*) מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט, ח' דאַווידאָוו ווערט געשיקט אין צפון־טאַווריע אויפזוכן זיין פאַמיליע.

— האָט ניט מורא, חברים... איך בין ניט קראַנק... נאָר אָפּגעשוואכט... פון וועג...

— מורא האָבן איז ניטאָ וואָס...

— מיר פאָרן שוין, חברים!

— העי, אין אַ גוטער שעה!

(ס'טוט אַ ריס דעם וואַגאָן, אַ וואָרף, אַ טרייסל, און — אַוועק. אונטער דעם בראַזג פון די רעדער שלאָפט ער איין. זיין בלאָס געזיכט צעפלאַמט זיך, און פון דעם האַלב־אָפּענעם מויל רייסן זיך אַרויס אָפּגעהאַקטע ווערטער:)

— ... מיר וועלן נאָך זען... נישקשה... שדים! אָט... בין איך... און דו... יאָ... נישקשה... די ווייסע דערשאָסן די מאמע... רדר...

---

## צווייטע בילד.

אַ גרויסער וואקזאל אין טאוריע. דער זאל פון דריטן קלאס איז פוסט, קאַלט, איינגעהילט אין נעבלדיקע גרויקייט. עס הייבט אָן צו טאָגן. אין אַ ווינקל נעבן דער ארויסגאַנגס־טיר זיצט איינגעהויקערט אַ קאָנקאָזער בורקע. נעבן אים אַ יונגער בחור מיט אַן אָנגעשטאָפּטן זאַק, פארבונדן מיט שטריק.

— עס טאָגט שוין. מ'דאַרף גיין אין שטאָט. איר'ט מיט־גיין?

— איך... קען ניט... די פיס... ווי די בערוועגעס... אַ פור קריגן.

— אזוי פרי וועט איר דאָ באַ אונז קיין פור ניט קריגן.

— איר זיינט אַ היגער?...

— יע, אַף דער סלאָבאָדקע וואוין איך.

— אַף דער... סלאָבאָדקע? דאָרט האָב... איך אַ באַקאַנטן סטאָליאר...

— איך קען דאָרט אַלעמען, ווי הייסט ער?

— שאַפּירא... איר קענט אים?

—שאַפּירא, דער סטאָליער! ? ער וואוינט דאָך נעבן מיר.

— ליבער מענטש... טוט מיר אַ טובה... אַז איר וועט פארבייגיין, טוט אים אַ קלאַפּ אין פענסטער... זאָגט אים, אַז זיין

פריינט דאווידאָוו.... זיצט דאָ א קראַנקער... קען זיך פון אָרט...
ניט רירן... פון קיעוו פאַר איך... זאָל ער כאַפּן א פורל... און
קומען... מיך נעמען...

— איכ׳ל אים שוין געבן צו וויסן.

— זאָגט איר מיר צו ? ... קען... איך זיך אַף אייך... פאַר־
לאָזן ? ...

— אז איך זאָג צו, טו איך. זייט רואיק. ער וועט קומען.

(ער נעמט אַף די פּלייצע דעם זאַק און ווערט פאַרשוואונדן אין דער
גרויקייט פון דעם פאַרטאָג).

**
*

(פון מינוט צו מינוט ווערט ליכטיקער ; די באַוועגונג אין זאַל פון
דריטן קלאַס ווערט גרעסער, לעבעדיקער. עס קומען אָן נייע פּאַסאַזשירן
—דאָרפסלייט, הענדלער. אַט לויפט אַריין אַ נידעריקע, אויסגעדאַרטע
פרוי, אין אַ לייכטער, אַלטער זשאַקעטקע, אין צעריסענע שיך. איר גע־
זיכט, בלוי פון קעלט, איז שטאַרק אויפגערעגט. אירע גרויסע, טיף־
איינגעפאַלענע אויגן זוכן אימיצן אַף רעכטס, אַף לינקס. זי קוקט זיך
איין אין יעדן פּנים און לויפט ווייטער אין צווייטן קלאַס ; באַלד קערט
זי זיך אום צוריק און זוכט, זוכט מיט צעשראָקענע, פאַרטערטע אויגן).

— וועמען זוכסטו, מומינקע ?

— דאָ איז אַ חבר געקומען צופאָרן — אַ קראַנקער...

— דאָ זיינען אלע „חברים”, טייערינקע. און כמעט אלע
קראַנקע.

— ניין... ער איז זייער... זייער קראַנק... מיין מאַן —

(די קאַווקאַזער „בורקע” גיט זיך פּלוצלינג אַ הויב אויף פון אָרט
און שטאַמלט אַרויס :)

— דו..? ! דאָ ? ... ! לעבסטס ? ! ... די קינדער ? לעבן ?

(די פרוי פאַלט צו, וויינענדיק, צו אים :)

— ענדלאך ביזטו געקומען... א לעבעדיקער ! די קינדער
זיינען גאַנץ — אלע... דו אויך !

(זי פירט אים, אַ מאַכטלאָזן, צום אַרויסגאַנג. אימיצער, אויס
רחמנות, טראָגט נאָך זיין פּעקל צום פור. די אָרומיקע באַגלייטן זיי מיט
שמייכלדיקע בליקן :)

— געפונען ! ...

# מאַריאַ פּאָלאָמאַיקאַ

## דערציילונג.

ניט די ערשטע מאַרט־רעוואָלוציע און אויך ניט די צווייטע, די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט ניט אריינגעטראָגן קיין שום ענדערונג אין מאַריאַ׳ס פאַמילען־לעבען. איר מאַן, דער שוסטער, ווי ער איז געווען, אַזוי איז ער פאַרבליבן אַ ביטערער שיכור, וועלכער פלעגט פאַר דער רעוואָלוציע זיינע שווער־פאַרהאָרעוועטע גראָשנס איבערלאָזן אין שענק, און דערנאָך — אין די פאַרבאָרגענע קעלערס, וואו ער פלעגט זיך באַזויפן מיט „סאַמאַגאָן“...

און דער וויסטער, פינסטערער לעבן מאַריאַ׳ס האָט זיך געצויגן ווי אַ שוואַרצער וואָלקן ביז יענעם שלים־מזל׳דיקן טאָג, ווען דער מאַן אירער איז פּלוצלינג אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

דאַן האָט זי גענומען אַף די הענט איר 3־יאָריקן קינד און איז אַוועק אין סאָוועט גלייך צום „פּרעדסעדאַטעל“ בעטן אַרבעט.

איר בלייכער, אויסגעצווייקטער פּנים, אירע טרויעריקע אויגן און שטיל־בעטנדיקער קול האָט דערמאָנט דעם „פּרעדסעדאַטעל“ אָן עפּעס היימישעס, נאָנטעס, אייגנס...

ער האָט איר צוגערוקט אַ שטול און מיט גרויס מיטלייד געזאָגט:

— זעצט זיך, טאָוואַרישטש... וואָס פאַר אַן אַרבעט וואָלט איר געוואָלט?

— איך בין אַ האָרעפּאַשנער מענטש און קאָן טאָן יעדע שוואַרצע אַרבעט. אָט איז מיינע אַ קרובה — אַ פּאָלאָמאָיקע (דילן־וואַשערין) אין „דאָם ס׳יעזדאָוו“. איך וואָלט עס אויך געטאָן, אויב... מיר וואָלט דאָרט געווען באַקוועמער: דאָך מיט אַן אייגענעם מענטשן איז פרייליכער צו אַרבעטן.

— איר זייט א... פארהייראטע? — האָט דער פּרעדסע־דאטעל שטיל א פרעג געטאָן, ווארפנדיק א בליק אויף דאָס קינד.

מאריא האָט אראָפּגעלאָזט אירע טרויעריקע אויגן און מיט פארשטיקטע טרערן אין איר ציטערנדיקן קול האָט זי דערציילט דעם פּרעדסעדאטעל די טרויעריקע געשיכטע פון איר ביטערן לעבן.

— איר זייט א גראמאָטנע?

— עטוואָס... פון זיך אליין —

— אָט דאָ האָט איר צוויי צעטעלאך: איינס, אָט דאָס, איז פאר דעם „פּאָדאָטדעל דאָשקאָלנאוואָ וואָספּיטאַניא" (אָפּטייל־לונג פאר קליינע קינדער ערציאונג) — עס איז דאָ, אין דעם זעלבן הויז, צימער נומער 16. דאָרט וועט מען אייך אָנווייזן א קינדער־גאָרטן, וואו מ'וועט אייער קינד צונעמען. און דאָס פּאַפּירל איז — צום זאַוועדויושטשי פון „דאָם ס'יעזדאָוו". איך בעט אים, אויב ס'איז נאָר מעגלאך, זאָל ער אייך צונעמען פאר א פּאָלאָמאָיקע. נאָר אויב ער וועט ניט קאָנען דאָס טאָן, קומט ווידער צו מיר, און מיר וועלן א קלער טאָן וועגן אַן אַנדער ארבעט פאר אייך.

דאָס, וואָס מ'האָט איר — צוליב דאָס קינד אויף די הענט — כמעט די ערשטע ארייננעלאָזט צום פּרעדסעדאטעל, און דאָס, וואָס דער פּרעדסעדאטעל, ווי אַן אייגענער מענטש, האָט אַזוי פריינדלאך, הארציק געזאָגט: „זעצט זיך, טאָווארישטש", און אויסהערנדיק איר לעבנס־געשיכטע באלד אָנגעשריבן די נויטיקע פּאַפּירלאך — דאָס אלץ האָט אין מאריא'ן נאָך מער פאר־שטארקט איר גלויבן אין דער נייער ארבעטער־מאכט און זי האָט כמעט אין דער הויך א טראכט געטאָן:

— ווי גוט עס איז פאר דעם הארעפּאשניק צו האָבן אַן אייגענע מאכט — אַזאַ פּראָסטע, איינפאכע, און אַזאַ נאָענטע...

צום גליק האָט זיך אין דעם „דאָם ס'יעזדאָוו" פאר מאריא'ן געפונען אַן אָרט און זי איז דאָרט פארבליבן ארבעטן צוזאמען מיט איר קרובה, אויך א פּאָדלאָגע־וואשערין.

**
*

אין דעם גרויסן „דאָם ס׳יעזדאָוו״, וואו ס׳פלעגן פאָרקומען אַלערליי צוזאַמענפאָרן פון הונדערטער פאָרשטייער פון פילע שטעט פון דער סאָוועטן־רעפובליק, האָבן זיך געפונען עטלאַכע צענדליק אַרבעטער און אַרבעטערינס: קוכער, קעכינס, געשיר־וואַשערינס, פּאָדלאָגע־וואַשערינס, צימער־באַדינער, האַלץ־העקער, דוואָרניקעס א. ד. גל. מערסטנטייל זיינען דאָס געווען פּאַ־מיליען־מענטשן, און דעריבער איז ביים „דאָם ס׳יעזדאָוו״ געווען אַן אייגענער קינדער־גאָרטן ספּעציעל פאַר די קינדער פון די אָנגעשטעלטע.

מאַריאַ׳ס קינד איז באַלד אריין אין דער צאָל פון די קינדער, וואָס האָבן זיך דאָרט דערנערט און אויפגעצויגן אַפ׳ן חשבון פון „דאָם ס׳יעזדאָוו״.

פאַר דער אויסגעמאַטערטער פרוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער ליבן...

צווישן אַלע פרויען, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, איז מאַריאַ געווען די מילדסטע און פעאיקסטע. און דאָס איז באַלד אָפּגעשאַצט געוואָרן פון די עלטסטע, פון דער „נאַטשאַל־סטוואָ״.

אויך די אָרטיקע „קאָמיאַטשעיקאַ״ (קאָמוניסטישע קע־מערל) האָט געוואָרפן אַף איר אַן אויג — איבערהויפּט נאָך דעם, ווי דער פּאָרזיצנדער פון דער קאָמיאַטשעיקאַ, דער עלט־סטער קוכער מיטרי, האָט ניט ווילנדיק אונטערגעהערט אַזאַ שמועס צווישן מאַריאַ׳ן מיט אַ גרופּע אַרבעטערינס:

— ניין, ליבינקע... — האָט מאַריאַ גע׳טענה׳ט, — וואָס איר זאָלט ניט זאָגן, איז פאָרט פאַר אונז, האָרעפּאַשניקעס, די סאָוועטן־מאַכט די איינציקע אמת׳ע מאַכט. אָט נעמט מיך, למשל: ווען ניט די אַרבעטער־מאַכט, וואָס וואָלט פון מיר און מיין קינד געוואָרן? מיר וואָלטן דאָך אומגעקומען פון הונגער און קעלט. דאָס זעלבע איז מיט פילע פון אייך אויך. און איצט זיינען מיר זיכער, אַז אונזערע קינדערלאַך געפינען זיך אין גוטע הענט, מ׳גיט אַף זיי אַכטונג, די רעגירונג האָרעוועט

זיי, לערנט זיי, דערציט זיי. און אונז איז דען שלעכט, וואָס? קיינער באַליידיקט אונז ניט און אַלע הייסן מיר „טאָוואַ־רישטשי" — זאָל עס זיין אַ קוימען־קערער, אַ פּאָדלאָגע־וואַשערין אָדער אַ זאַוועדויושטשי (פּאַרוואַלטער) — אַלע גלייך!

— אַלע גלייך!... — האָט איראָניש אַרויסגערעדט איינע, אַ יונגע געזונטע שיקסע פון אַ יאָר 19. — נישקשה, דער זאַוועדויושטשי לעבט אַביסל בעסער און שענער אי פאַר דיר אי פאַר מיר...

— נו, מסתמא האָט ער דאָס פאַרדינט, — האָט מאריא שטיל געענטפערט.

— דאָס זאָג ניט, — האָט זיך אָפּגערופן אַ מיטל־יאָריקע פרוי, — לויט די זאַקאָנעס פון די סאָוועטן דאַרפן אַלע לעבן גלייך — זאָל עס זיין אַ פּאָלאָמאָיקע צי אַ זאַוועדויושטשי — אַלע גלייך!

— אמת, אמת, — האָט מאריא צוגעשטימט. — די סאָ־וועטן־מאַכט וויל טאַקע, אַז אַלע זאָלן זיין גלייך, נאָר ס'איז ניט איר שולד, אַז דאָ און דאָרט פּאַסירן אומגערעכטיקייטן. דאָס איז מער אונזער אייגענע שולד!

אָט, למשל, מיר: מיר האָבן דאָ אַ „קאָמיאַטשעיקאַ", אַן אַרבעטער־קאָמיטעט. געפינט וועך פון אונז, אַז ס'קומט פאָר דאָ אַן אומרעכט — גיי און זאָג אַרויס אָפן וואָס דו ווייסט, דאָס וואָס דו מיינסט! און איך בין זיכער, אַז ס'וועט אָנגע־נומען ווערן מיטלען די אומרעכט צו באַזייטיקן.

— אַנו, פּרוביר... וועסטו זען! — האָט איינער שפּאָטיש אַ זאָג געטאָן.

— וועגן זיך רעד איך ניט... — האָט מאריא שטיל גע־ענטפערט.

אַזוינע שמועסן האָבן מאריא'ן געמאַכט פּאָפּולער צווישן די האַרעפּאַשניקעס פון דעם „דאָס ס'יעזדאָוו", און אַז דער אַרבעטער־קאָלעקטיוו האָט באַדאַרפט אויסוויילן אַ דעלעגאַטקע אין „זשענאָטדעל" (פרויען־אָפּטיילונג) איז מאריא געווען די

איינציקע, פאר וועמ׳ען עס האָט געשטימט דער גאַנצער קאָ־לעקטיוו.

אַף דער פאַרזאַמלונג איז מאַריאַ געזעסן ערגעץ אין אַ ווינקל אַף די לעצטע בענק — אַ שטילע, אַ פאַר׳יתומ׳טע...

— מאַריאַ גאַרינאַ! מאַריאַ גאַרינאַ! גאַרינאַ! גאַרינאַ! — האָט געשטורמט די פאַרזאַמלונג.

און אַז דער פאָרזיצנדער, מיטרי דער קוכער, האָט אוועק־געשטעלט איר קאַנדידאַטור צום אָפּשטימען, איז אויסגעוואַקסן אין דער לופטן אַ וואַלד מיט הענט.

— ווער איז קעגן?

קיין איין האַנט האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן...

***

אין „זשענאָטדעל" האָט מען מאַריאַ׳ן באַשטימט פאַר אַן אויפזעערין אַף דער באַלעבאַטישקייט פון אַ רייע קינדער־גאָרטנס.

מיט אַ ליבלאַכן שמייכל אַף די ליפּן פלעגט זי קומען אין דעם אָדער אין יענעם קינדער־גאָרטן און שעמעוודיק ווייזן איר „מאַנדאַט", וועלכער גיט איר דאָס רעכט אויספאָרשן, ווי אַזוי עס ווערט אָנגעפירט די באַלעבאַטישקייט.

די אָנגעשטעלטע „באַלעבאָסטעס" פון די קינדער־גאָרטנס פלעגן זיין זייער אומצופרידן מיט אַזוינע „געסט". נאָר צו־קוקנדיק זיך צו מאַריאַ׳ן, פלעגן זיי זיך באַרואיקן: „די איז ניט אַזוי געפערלאַך..." און מאַריאַ האָט פונדעסטוועגן איר אַרבעט געטאָן: איר שאַרפע אויג פלעגט אַלץ באַמערקן, אַלץ אָפּשאַצן: ווי עס ווערט אויפגעפּאַסט אַף די קינדער, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איז די קיך, די געשיר, ווי אַזוי עס גייט צו מיט׳ן עסנוואַרג א. ד. גל. — און נאָך יעדער מאַריאַ׳ס „רע־וויזיע" פלעגט דער „זשענאָטדעל" מוזן אַרויסגעבן שטרענגע באַפעלן צו דער פאַרוואַלטונג פון אַלע קינדער־גאָרטנס:

— דעם קינדער־גאָרטן נומער 7 גיבן מיר צו וויסן, אַז די קיך און די געשיר מוזן זיין זויבער־ריין!

— דעם קינדער־גאָרטן נומער 8 — אז מ׳טאָר ניט איבער־לאָזן די קינדער אַליין אפילו אַף א מינוט!

— דעם קינדער־גאָרטן נומער 12 — ארויסהענגען אין קיך א מודעה, וואָס עס ווערט געקאָכט און וואָס פאר א פּראָ־דוקטן, אין וואָס פאר א וואָג עס ווערט יעדן טאָג אויסגענוצט.

***

אין איינע פון אירע „רעוויזיעס" האָט מאריא אָנגעטראָפן א קינדער־גאָרטן, וועלכער איז געווען פארמאכט.

די פארוואַלטערין פון דעם קינדער־גאָרטן — א שטאָלצע פּריציש פערזאָן מיט קאָקעטישע לאָקאָנעס אפ׳ן שטערן — האָט איר העזה׳דיק געענטפערט, אז דעם גאָרטן האָט זי פאר־מאכט, ווייל „דער סאָוועט אייערער גיט ניט קיין געלט צו רעמאָנטירן די געביידע, צו פאַרריכטן דאָס, וואָס איז שוין לאַנג צובראָכן, ניטאָ קיין האָלץ מיט וואָס צו הייצן — גאָרניט!"

— וואָס דאַרף מען דאָ רעמאָנטירן? — האָט מאריא ליבלאך געפרעגט.

— אַלץ! די ווענט זיינען אָפּגעריסן, די פּאָדלאָגעס פאלן איין, די ביינקלאך צובראָכן... און אז איך בעט, מ׳זאָל עס פאַרריכטן, ענטפערט מען מיר: דער סאָוועט האָט ניט קיין געלט!

— דאָס איז ריכטיק, טאָווארישטש זאַוועדוויושטשאַיא, — האָט מאריא טרויעריק צוגעשטימט: — דער סאָוועט אונזערער איז נאָך זייער אָרים — און עס סטייעט טאַקע ניט אַף אַלץ... איר ווייסט וואָס, טאָווארישטש זאַוועדוויושטשאַיא: לאָמיר צונויפרופן די עלטערן פון די קינדער! אפשר וועלן מיר צו־זאַמען מיט זיי געפינען אַן אויסוועג, ווי צו העלפן דעם קינדער־גאָרטן — ביז דער סאָוועט וועט זיין אין שטאַנד צו באַזאָרגן.

— ווער־זשע וועט דאָס גיין זיי רופן? — האָבן די לאַ־קאָנס שטרענג א פרעג געטאָן.

— איר האָט דאָך זייערע אדרעסן — קומט מיט מיר צו

די, וואָס וואוינען ניט ווייט פון דאנען, און מיר וועלן זיי אַ רוף טאָן אַף אַ בעראַטונג...

איר ווייכער, נשמה׳דיקער קול, דער טיפער טרויער אין אירע אויגן האָבן געצוואונגען דער פאַרוואַלטערין מיטגיין רופן די עלטערן. עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ פּאָר צענדליק טאַטעס מיט מאַמעס און מאַריא האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע:

— טאָוואַרישטשי! איך בין פון אונזער „סאָוועט ראבאָטשיך אי קראַסנאַאַרמעיסקיך דעפּוטאַטאָוו“, און זאָג אייך, ווי אייערע אַ שוועסטער, אַן אַרבעטערין־פּאָלאָמאָיקאַ פון „דאָם ס׳יעזדאָוו“, אַז אונזער סאָוועט איז נאָך דערווייל זייער אָרים און קען נאָך ניט מיט אַלץ פאַרזאָרגן אייער קינדער־גאָרטן! מיר מוזן אַליין וואָס־ניט־איז טאָן פאַר׳ן קינדער־גאָרטן, ער זאָל זיין אָפן און אייערע קינדער זאָלן זיך ניט דאַרפן וואַלגערן אַף די גאַסן. לאָמיר אַלע צוזאַמען מאַכן אַן אָרדנונג אין „גאָרטן“. צווישן אייך וועלן זיך געפינען אַ פּאָר סטאָליארעס — זאָלן זיי צונויפשלאָגן די צובראָכענע ביינקלאך, צורעכט־מאַכן די פּאַדלאָגעס. און מיר, מוטערס — לאָמיר אויסקאַלכן די ווענט, אויסוואַשן די פענסטער, די פּאַדלאָגעס. האָלץ וועל איך זען צושטעלן, — און זאָלן אייערע קינדערלאַך האָבן אַ גאָרטן, וואו מ׳וועט זיי דערציען, זיי זאָלן זיין גוטע, ערלאַכע בירגער פון אונזער פרייער אַרבעטער־רעפּובליק!

די עטלאַכע הארציקע ווערטער האָבן געהאַט אַ ווירקונג און אין גאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט: טאַטעס־סטאָליארעס האָבן צונויפגעשלאָגן די צופאַלענע ביינקלאך, געלאַטעט די צופוילטע פּאַדלאָגעס, און אַליין די „רעוויזאָרשע“ האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און צוזאַמען מיט די מוטערס געקאַלכט די ווענט, געוואַשן די פּאַדלאָגעס...

אַף מאָרגן איז געווען צוגעשטעלט האָלץ אויך, און אין גאָרטן האָבן ווידער אָנגעהויבן קלינגען פריילאַכע קינדערשע שטימעלאך...

# חבר גדליה

(סקיצע)

ס'האָט אים וועניק־ווער געקענט באַם נאָמען, אָט דעם פיין־געבויטן, שעמעוודיקן יונגן בחור'ל מיט גרויסע, בלויע אויגן, מיט קוים־ארויסשפּראָצנדיקע בלאָנדע הערעלאַך אויף דער אויבער־שער ליפּ, מיט אַ פריש־צאַפּלדיקער רויטקייט אויף די באַקן.

ער האָט זיך באַוויזן אין דער פּאַרטיי־סביבה באַלד ווי עס האָט אויסגעבראָכן די מאַרט־רעוואָלוציע — פון אָנפאַנג אין דער פּועלי־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און דערנאָך — צוזאַמען מיט דעם אָפּגעשפּאָלטענעם „לינקן פליגל" פון די פּועלי־ציוניסטן — אין דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פון די אָרטיקע באָלשעוויקעס.

סיי דאָרטן, ביי די פּועלי־ציוניסטן, און סיי דאָ, צווישן די נייע חברים, איז גדליה געווען דער שטילסטער, דער אונבאַ־מערקבאַרסטער און אין דער זעלבער צייט איינער פון די טיף־גלויבנדיקע, מיט לייב און לעבן איבערגעגעבענע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אים ממש פאַרכאַפּט, און מיט'ן גאַנצן ברען פון זיין יונגער, פלאַמענדיקער נשמה האָט זיך גדליה איבערגעגעבן דער פּראָלעטאַרישער מאַכט.

נאָך די אַרבעטס־שטונדן אין לעדער־פאַבריק פלעגט ער די גאַנצע פרייע צייט פאַרברענגען אין „סאָוועט", אין „פּאַרט־קאָם" און „פּראָפסאָיוז" — און אומעטום פלעגט ער געפינען פאַר זיך אַן אַרבעט — גאָר פון די ניט־וויכטיקע, ניט־אָנגע־זעענע, נאָר צו יעדן מאָמענט אַ נויטיקע און אַ נוצלאַכע פאַר'ן כלל...

— אפשר קען איך אייך דאָ מיט וואָס עס איז באהילפיק זיין, חבר ?...

**— אָ, גוט! זיי אזוי גוט, חבר... ווי אזוי איז דיין... נאָמען ?**

— גדליה...

— זיי אַזוי גוט, חבר גדליה, טו אַ לויף אין „זשילישטשני אָטדעל" און גיב איבער אָט דאָס צעטעלע דעם חבר האָף'ן דעם „ספּאַרטאַק": זאָל ער דיר באַלד ארויסגעבן די אָרדערס אַף צימערן פאר די אָנגעקומענע חברים פון אויסלאַנד.

און גדליה — אַ גליקלאַכער, וואָס דער סעקרעטאַר פון „פּאַרטקאָם" האָט אים געגעבן די אויפגאַבע — פליט ווי אַ פייל פון בויגן אין וואוינונג־אָפּטיילונג צום „ספּאַרטאַק" האָף'ן נאָך די אָרדערס.

דער „ספּאַרטאַק" טוט אַף אים אַ וואָרף אַ פּאָר בייזע קעצישע אויגן און כמורעט די מילך־ווייסע ברעמען... ער האַלט אים אַ לאַנגע צייט אָן אן ענטפער, נאָר גדליה וואַרט געדולדיק: „מסתמא איז ער זייער פאַרנומען" — און וואַרטנדיק אַף די אָרדערס, נוצט ער אויס די געלעגנהייט צוצוקוקן זיך, וואָס פאַר אַ שטימונג איז באַ דער גרויסער מענגע מענטשן, וועלכע וואַרטן אויך אַף ענטפערס אַף זייערע בקשות...

אַ שוואַרצער וואָלקנדל צושפּרייט זיך איבער זיין לייכטנ־דיקן פּנים: דער עולם איז נערוועז, פאַרביטערט, אומצופרידן.

— נישקשה, פאַר די „טאָוואַרישטשעס" איז אַלץ דאָ: די בעסטע צימערן, די שענסטע דירות!

— מ'דאַרף זיי דאָ אָוועקשטעלן וואַרטן, וועלן זיי וויסן, ווי גוט עס איז... מיט זייערע „פּאַריאַדקעס"...

גדליה ווערט אויפגעבראַכט:

— ס'איז ניט ריכטיק, וואָס איר זאָגט! די „טאָוואַריש־טשעס" וואַרטן אויך, — גלייך מיט אייך. אָט בין איך געקומען פון דעם „פּאַרטקאָם" און שטיי גלייך מיט אייך און וואַרט. ס'איז ניט ריכטיק, וואָס די „טאָוואַרישטשעס" נעמען צו פאַר

זיך די בעסטע וואוינונגען! פארקערט: דער „זשילישטשני אָטדעל" איז צוליב דעם געגרינדעט, אַז ס'זאָל אַלץ זיין פּאָ ספּראַוועדליוואָסטי! ניט אַזוי ווי פריער: איינער פאַרנעמט אַ גאַנצן מויער און איז כמעט איינער אַליין, און אַ צווייטער מיט אַ גרויסער פאַמיליע שטיקט זיך ערגעץ אין אַ קעליער! ניין, בירגער: איצט וועט שוין אַזוינס ניט קאָנען זיין. די סאָ־וועטן־מאַכט...

— ווער איז דאָרט פון „פּאַרטקאָם"? — שרייט אויס פון פענסטערל דער „ספּאַרטאַק" האָך.

גדליה'ן טוט זייער באַנג, וואָס ער דאַרף איבעררייסן דעם שמועס, — און חוץ דעם, וואָלט ער איצט וועלן זיין דער לעצטער: זאָל מען בעסער פריער אָט אָ די באַפרידיקן... נאָר ער קען זיך ניט העלפן און מוז צולויפן צום פענסטערל:

— איך בין דאָס פון „פּאַרטקאָם", חבר האָך.

— איך קען ניט געבן גאַנצע פינף צימערן. אָט האָסטו די אָרדערס נאָר אויף דריי צימערן. און זאָג זיי אין „פּאַרט־קאָם": זאָלן זיי וואָס ווייניקער פאָדערן אָרדערס. זעסט, וואָס פאַר אַן עולם עס שטייט און וואַרט!

— גוט, חבר האָך... איך וועל זאָגן!

און כאָטש עס גייפעלן נים גדליה'ן דעם „ספּאַרטאַק'ס" בייזע, קעציסשע אויגן, זיין כעס'דיקער קול, דאָך גיט ער אים געדענקט: „אַ שווערע אַרבעט אַלעמען צופרידן שטעלן... דער־פאַר איז ער אַפּנים אַזוי נערוועז"...

***

אַז עס זיינען אָנגעקומען די שוואַרצע טעג פאַר דער ראַטן־מאַכט און דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט האָט געדראָט אַן איבער־פאַל פון די ווייסע פון איין זייט (פון ים) און פון די מאַכנאָוו־צעס פון דער צווייטער זייט, — אין אָט דעם שווערן מאָמענט האָט דער „פּאַרטקאָם" פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו אַלע מיטגלידער צו אָרגאַניזירן אַ

פרייוויליקן קאָמוניסטישן אָטריאַד פון איבערגעגעבענע קאָמו־ניסטן...

גדליה איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אין דעם אָטריאַד. נאָך דערמיט האָט ער זיך ניט באַנוגנט. איבערהויפּט צווישן די אינגערע חברים האָט ער, אָן דעם וויסן פון „פּאַרטקאָם", אָנגעפירט אַן אומערמידלאַכע אַגיטאַציע אַף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער: נשמה׳דיק, אָן הויכע, שרייענדיקע ווערטער, נאָר הארציק — אָנצינדנדיק זיי מיט זיין טיפן גלויבן, מיט זיין גרייטקייט צו מקריב זיין זיך פאַר דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט...

און פילע פון די אינגערע פּאַרטיי־מיטגלידער זיינען, אַ דאַנק דעם שטילן אומבאַמערקטן גדליה׳ן אריין אין דעם פריי־וויליק־אָרגאַניזירטן קאָמוניסטישן אָטריאַד.

אונטער דער אָנפירונג פון אַן אַלטן פּאַרטיי־חבר, אַ גע־וועזענעם אונטער־אָפיצער, האָט דער קאָמוניסטישער אָטריאַד (פון אַ מאַן פופציק) געמאַרשירט איבער די גאַסן, געלערנט זיך האַלטן אַ ביקס, שיסן פון אַ ריוואָלווער. און גדליה, וועלכער האָט אין זיין יונגן לעבן נאָך קיין ביקס ניט געזען, וועמען עס איז בירושה פון זיינע אָבות־אבותיו פרעמד די כלי־זין־אַטמאָ־ספערע — אָט דער גדליה האָט זיך ארויסגעוויזן אַלס דער בעסטער טרעפער אין ציל, אַלס דער געהאָרכזאַמסטער, בראַוו־סטער סאָלדאַט...

**
*

אָט אין די גרויזאַמע טעג איז פּלוצלינג נעלם געוואָרן דער „ספּאַרטאַק" האָך...

אין דעם ענגן קרייז פון פּאַרטיי־טוער האָט מען זיך גע־כוד׳עט, אַז מיט׳ן „ספּאַרטאַק" איז עפּעס די זאַך קשה: ניט אַנדערש ווי ער איז געווען אַ ווייס־גוואַרדייאישער אָדער מאַכ־נאָ׳ס אַ שפּיאָן, און איצט מוז ער געווים זיין אַף די זייטיקע וועגן, איילנדיק זיך איבערגעבן דעם שונא די נויטיקע ידיעות וועגן דעם צושטאַנד אין שטאָט און אין דער אַרומיקער געגנט.

מער פון אלעמען איז געווען דערשלאָגן מיט דעם פאַל גדליה. ער האָט דאָך אים אַזוי גוט געקאָנט, אָט דעם האָף'ן, און האָט אַזוי טיף געגלויבט, אַז ער איז איינער פון די טיכ־טיקסטע פארטיי־טוער, פון די אמת'ע דייטשע העלדן־ספאַר־טאַקן... און צום סוף — אַ פּראָוואָקאַטאָר! אַ שפּיאָן! אַ בלוטיקער שונא! אָך, ווען ער וואָלט אים קענען איצט אָניאָגן און אריינזעצן אין אים אַ קויל פון זיין גרויסן בלישטשנדיקן רעוואָלווער!

אַז ס'איז באשלאָסן געוואָרן ארויסשיקן אַ „ראַזוועדקע" (אויסקוקערס), האָט זיך גדליה אליין אָנגעשלאָסן אָן דער חברה, און ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר'ן עלטסטן אין דער „ראַז־וועדקע".

איבערגעטאָנענע אין פויערשע מלבושים, האָבן זיך די „ראַזוועדטשיקעס" געלאָזט אין וועג...

**
*

אין דער לופטן האָבן זיך שוין געטראָגן די שווערע קוילן פון ים־הארמאַטן, מיט וועלכע די ווייסע האָבן באָמבארדירט די רויטע שטאָט, ווען איינער פון דער חברה מרגלים (ראַזוועד־טשיקעס), וועלכער איז גליקלאַכערווייזע גאַנץ געבליבן, האָט געבראַכט די טרויעריקע נאַכריכט וועגן גדליה'ס אומקום:

— מיר זיינען אַקאָרשט אריבער דעם באַנוועג און אריין אין פעלד. האָט זיך פון אונטער'ן באַרג באַוויזן אַ מאַכנאָווער „טאַטשאַנקע" (אַ לייכטער וואָגן) מיט עטלאַכע פון קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנטע באַנדיטן־מאַכנאָווצעס. נאָכ'ן שטומען באַפעל פון גדליה'ן האָבן מיר זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן אין הויכן גראָז. און דאָרט, פויזענדיק אַף די בייכער, האָט זיך יעדערער פון אונז פאַררוקט אין אַ באַזונדער ווינקל. איך בין פאַרקראָכן ערגעץ אין אַ גרוב און בין געבליבן ליגן, ניט וויסנדיק וואו זיינען די איבעריקע חברים. עס זיינען דורכגעגאַנגען עטלאַכע שווערע מינוטן און באַלד האָבן זיך דערהערט — דער גערויש פון די רעדער, די הייזעריקע שטימען פון די באַנדיטן:

— עהע! אָט דעם זשידאָק קען איך! — האָב איך פּלוצ־לינג דערהערט א באקאנטן קול — דאָס איז געווען דער „ספּאר־טאָק” האָך — צווישן די באנדיטן! און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז גדליה איז שוין אריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט...

— זע נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס פּאר א פויער פאר־שטעלט, דער סוקין סין, באָלשעוויק! אָך, טודי טוואָיו מאַטי... דו דערקענסט האָך'ן, הא?

— יא, איך דערקען דיך, דו פאָדלער הונט! — האָט הויך א קלונג געטאָן גדליה'ס קול, און באַלד נאָכדעם האָט א קנאַל געטאָן א שאָס פון א רעוואָלווער...

נאָך דעם ברומען פון די באנדיטן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט גדליה געשאָסן, נאָר ווי עס ווייזט אויס האָט ער ניט געטראָפן, ווייל באַלד נאָך דעם האָב איך דערהערט ווידער־האָך'ס קול:

— אָך, דו קאַנאַליע!

עס האָט א בראַזגע געטאָן א שווערד און באַלד האָב איך דערהערט א הילכיקן קנאַק...

מער געדענק איך גאָרניט: איך בין, אַפּנים, געבליבן אין חלשות... אַז איך בין געקומען צו זיך, איז שוין קיינער ניט געווען, נאָר צווישן די גראָזן האָט זיך איינזאַם געזען גדליה'ס פאַרבלוטיקטער קערפּער מיט א צושפּאָלטענעם שאַרבן...

# קאָמיסאַר מאַקסימאָוו

## (פּאָרטרעט)

ער איז אַ קליינגעוואַקסיקער, נאָר אַ ברייטבייניקער און פעסט־געבויטער. זיין געדיכט־געשטופּלטער פּנים איז שוואַרץ פון דעם שטענדיקן רויך און שטויב פון פאַבריק, וואו ער אַרבעט שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר.

אָנגעטאָן איז ער אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטן, אָפּגעריבענעם מאַנטל, וואָס איז אַף אים קורץ און שמאָל און מאַכט קינדערש זיין גאַנצן אויסזען... פון אונטער די קורצע אַרבל שטעקן אַרויס אַ פּאָר לאַנגע הענט מיט גראָבע, מאַזאָליקע שוואַרצע פינגער.

ער קומט דער ערשטער אַף אַלע מיטינגען, אַף אַלע פאַר־זאַמלונגען, באַראַטונגען — און זיצט ערגעץ אָן אַ זייט, אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרכמורעטער, און הערט זיך גוט צו צו די רעדעס, ווי ער וואָלט זיי שטרענג קאָנטראָלירן...

אַליין טרעט ער זעלטן אַרויס. ער איז ניט קיין אָראַטאָר.

***

פון מאַרט ביז אָקטאָבער איז מאַקסימאָוו אין אַ פאַרביטער־טער אָפּאָזיציע צו די מענשעוויקעס און עס־ערן, וואָס זיינען באַם רודער פון באַפרייטן לאַנד.

ער לאָזט ניט דורך קיין איין פאַרזאַמלונג פון זייער „סאָוועט ראַבאָטשיך דעפּוטאַטאָוו", און זיצנדיק ערגעץ אין אַ פינסטערן ווינקל, קוקט ער מיט וואָלפישע אויגן אַף די פירער־„ענטיליגענטן", וואָס צוגיסן זיך אין ימים ווערטער מיט זייערע גלאַטינקע געשליפענע צינגלאַך: זיין האַס און צאָרן ווערט נאָך גרעסער, ווען אָט די „ענטיליגענטן"־מענשעוויקעס הייבן אָן רעדן אין נאָמען פון „פּראָלעטאַריאַט". דאַמאָלסט קען ער שוין

ניט פאַרטראַגן: ער שפּרינגט אויף פון אָרט, טוט הילכיק אַ שפּיי אויס און ברומענדיק „אין דער מאַמען אריין" פאַרלאָזט ער די פאַרזאַמלונג.

**

אין די אָקטאָבער־טעג איז מאַקסימאָוו אין דער „רעוואָלוציאָנערער טראָיקע", וואָס דאַרף דורכפירן די וואַלן פון אַ נייעם ריין־פּראָלעטאַרישן סאָוועט און פאַרווירקלאכן אין לעבן די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז ער שוין אין שטעטל דער „קאָמיסאַר טרודא".*)

זיין אויסערלאכער אויסזען איז ניט געענדערט: דער זעלבער אָפּגעריבענער מאַנטל און די זעלבע שוואַרצע היטל מיט צוטרעטנטע נעט, פון וועלכע עס קוקט אַרויס די ברודיקע וואַטע...

ער זיצט בא אַ גרויסן שרייב־טיש און פירט מיט זיינע פאַרהאַרטעוועטע מאַזאָליקע פינגער די פען איבער אַ בויגן פּאַפּיר: דאָס שרייבט ער אָף זיין פּראָסטן לשון מיט געפּעראַכע גרייזן זיינע באַפעלן וועגן דער מאָביליזאַציע פון דער בורזשואַזיע צו רייניקן די גאַסן, צו זעגן און האַקן האָלץ פאַר די פּראָלעטאַרישע רעגירונגס־אַנשטאַלטן...

פאַר זיין קאָמיסאַריאַט פאַרנעמט ער אַ גרויסאַרטיקן פּאַלאַץ, וואָס האָט געהערט צום באַוואוסטן אין שטאָט „פּאָטאָמסטוועני פּאָטשאָטני דוואָריאַנין קאַנאָוואַלאָוו" (און ווי מאַקסימאָוו דריקט זיך אויס: „קאָנאָקראַדאָוו"). ער אַליין, דער „קאָמיסאַר טרודא", מיט זיין סטעפּאַנידען באַזעצט זיך אין אַ קאַמערל לעבן שטאַל, וואו ס'האָט פריער געוואוינט קאָנאָוואַלאָוו'ס דוואָרניק.

פון שטאַל הערט זיך אַ שטיקנדיקער גערוך פון פערדישן אָפּפאַל, נאָר דאָס איין־און־איינציק פענסטערל פון קאַמער גייט אריין אין דעם גרויסן פרוכט־גאָרטן פון קאָנאָוואַלאָוו'ס פּאַלאַץ.

---

*) קאָמיסאַר פון אַרבעט.

— האָסטו ניט געקאָנט געפינען פאַר זיך אַ בעסערן צימער אױף דעם פּריציש̈ן הויף? אָט פוסטעוועט דאָך אַ גאַנצער אָסאָבניאַק (באַזונדערע דירה).

— נע־ע.. דאָס דאַרף איך האָבן פאַר דעם „פּאָדאָטדיעל אָבשטשעסטווענין ראַבאָט" (אָפּטײלונג פאַר געזעלשאַפטלאַכע אַרבעטן).

אין זײן קאַמערל שטײט אַ הילצערנע בעט, אַ קלײן קיך־טישל, אַ לאַנגע באַנק און אײן טאַבורעט. פון אונטער'ן אױוון זעט זיך אַן אַלטמאָדישע נײ־מאַשין.

— פאַר אונז איז דאָס גאַנץ גענוג! מער דאַרפן מיר ניט! ניט צוליב פערזענלאַכער באַקוועמלאַכקײט האָבן מיר אַרויסגע־יאָגט פון דאַנען די בורזשויעס...

***

אַז ס'איז אָנגעקומען דער שלים־מזל'דיקער טאָג פון עוואַ־קואַציע (ווײל די װײסע אַרמײ האָט אָנגעפאַנגען דעם מאַרש פון קרים אױף דעם געגנט), — האָט מאַקסימאָוו פאַרשפּאַרט זײן קאַמערל און איז צוזאַמען מיט סטעפּאַנידע'ן אַוועק אין „איספּאָלקאָם" אױף אַן עקסטרא־באַראַטונג. דאָרט האָט ער געפאָדערט, אַז מ'זאָל די װײבער און קינדער פון די קאָמוניסטן (און בכלל פון די אַרבעטער) אָפּשיקן מיט אַ ספּעציעלן עשעלאָן אין אַ זיכערן פונקט — מאָסקווע, טאַגאַנראָג — און אַלײן בלײבן אױפ'ן אָרט ביז דער לעצטער מינוט, און אַז ס'וועט שוין אויסקומען אָפּטרעטן, זאָל מען אָפּטרעטן מיט געווער אין די הענט — אַלע!

***

צווישן די װײבער פון אַנדערע פאַראַנטוואָרטלאַכע טוער פון דער סאָוועטן־מאַכט איז זײן סטעפּאַנידע די אָרימסטע: ווי זי איז געווען, אַזוי איז זי פאַרבליבן — אַ „דאָרפישע גויע". און זי פירט ניט מיט זיך קײן סערב, קײן קאַסטנס, אָנגעפּאַקט מיט גוטס, ווי אַנדערע...

— כאַטש די ניי־מאַשינע מיטנעמען, וואסיא... — בעט זיך בא אים סטעפּאַנידע.

מאַקסימאַוו טוט א גלאָץ אַף איר א פּאָר בייזע אויגן:

— דאָ איז פאַר מענטשן קנאַפּ אָרט, און דו — די מאַשינע!... באַבאַ!...

— זע, וואָס פאַר א קאַסטנס מיט גוטס מענטשן פירן... — פּרובירט זיך סטעפּאַנידע פאַרענטפערן.

— פאַרמאַך ס׳מויל! — טוט מאַקסימאַוו א ברום: — מ׳פירט!... א רוח זיי אין די ביינער אריין! פּאַסקודניאַקעס!...

און א שטאַרק „רוסיש וואָרט" רייסט זיך ארויס פון זיינע צאָרנדיק־צונויפגעפּרעסטע ליפּן...

ענדע.